פישל שניאורסאן

# חיים גראַוויצער

(ראַנגלעניש פון דעם געפאַלענעם)

פון דער חסידישער וועלט

דאס צווייטע בוך

פישל שניאורסאן




# חיים גראוויצער

## (ראנגלעניש פון דעם געפאלענעם)

### פון דער חסידישער וועלט

### דאס צווייטע בוך

בערלין

# אינהאלט:

## 1. שטילע נגינה און ציגיינערשע הילולא

ווי אַ אונטערגעשאָסענער איז ער פּלוצים אַנטלאָפן פון יוסעלעס פרישן קבר און האָט זיך ממש פייל פון בויגן גע־לאָזט איבער די ברייטע פעלדער פון יענער זייט בית־עולם. ער איז געלאָפן וואוהין די אויגן האָבן אים געטראָגן. און נאָך איידער מ׳האָט זיך געקענט רעכט אומקוקן, איז ער שוין פאַרשוואונדן אין געדיכטן סאָסנע־וואַלד, וואָס האָט געשימערט אין דעם ווייטן האָריזאָנט.

ערשט אין וואַלד האָט ער זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און זיך ווי אַ צעמישטער אַרומגעקוקט.

— וואָס וויל ער דאָ אין וואַלד? וואוהין לויפט ער? וואָס טוט זיך דאָס מיט אים?...

האָבן זיך אָבער זיינע רעיונות האַלב פאַרלאָרן און געפלאָנ־טערט. און אַריינגעריסן זיך איינע אין די אַנדערע, קומען אָן די רעיונות הויפנווייז, ווערן אָבער באַלד אומבאַוועגליך שווער ווי בליי און פאַלן אַראָפּ אין דעם אָפּגרונט פון דער נשמה. איז וואָס, הייסט עס, האָט ער, חיים גראַוויצער, טאַקע גאָר דעם קאָפּ פאַרלאָרן? ער האָט נאָך נישט געוואָלט און נישט געקענט תופס זיין די טיפקייט פון זיין אינעווייניגסטן אומגליק, וואָס בויגט דעם גרעסטן מענשן אומבארחמנותדיג צו דער ערד און ברעכט אויף שטיקער אייזערנע מוחות. האָט

ער זיך אָנגענומען מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ, מיט אומ־מענשליכער אָנשטרענגונג זיך באַהערשט און כלומרשט רוהיג האָט ער ווי מיט אייזערנע צוואַנגען געצויגן און געסדרט זיינע רעיונות. איין מאָל פאַר אַלע מאָל — אַ פּשוטן חשבון הנפש! וואָס איז דאָ אָקאָרשט מיט אים פאָרגעקומען? עפּעס האָט ער געפילט, אַז דער עיקר איז שוין פאַרפאַלן און אויף טויט אָפּגעשניטן. נאָר דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי נאַטירליך און אומבאַמערקט, אַז ער האָט נאָך ניט געקענט געפינען אין זיין נשמה דאָס ארט פון אָט דעם טויט־בלוטיגן שניט. ער האָט גערעדט צו זיך אַליין, דערביי האָט ער נאָך עפּעס גאָר ווי אַמאָל געטאָקט און געשניצט זיינע ווערטער.

— הייסט דאָס, אין גרויס שמחה און געזאַנג פון אין עוד מלבדו איז ער און מיט אים אינאיינעם אַ עם רב געגאַנגען נאָך יוסעלעס מטה, כדי באַשיימפּערליך דעם טויט אַליין מקבר צו זיין. וואָרום באמת ווערן דאָך טויט און לעבן גלייך בטל און נכלל אין דער אייביגער שמחה פון אין עוד מלבדו...

חיים האָט זיך פּלוצים אַ קער געטאָן, אָנגעכאַפּט מיט דער רעכטער האַנט אַ הויך אויסגעשטרעקטע סאָסנע, זיך גע־ווענדט מיטן פּנים צו די ביימער און גלייך זיין טיפן וואַלד אריינגעשריען:

— וואָס מיט חיים גראַוויצער זאָל זיך ניט פּאַסירן, אָבער איר, ביימער און גראָזן, הימל און ערד, איר ווייסט דאָך באמת, אַז ס'איז טאַקע אין עוד מלבדו.

— אין עוד מלבדו!

דער וואַלד האָט אַ ציטער געטאָן פון זיין געשריי.

נאָר חיים האָט זיך עפּעס פאַרשעמט און מיט גרויס כעס אויף זיך אָנגעפאַלן:

— וואָס לאַרעמסטו? ווענען ווילסטו פאַרשרייען?...

האָט ער שוין ווייטער געצויגן דעם אָנגעהויבענעם חשבון הנפש.

...און אַז ער האָט דערזעהן ווי יוסעלע מיט דעם קליינטשיק בערדעלע לאָזט זיך שטיל און רוהיג אין קבר באַגראָבן און אויף זיין קינדיש ליכטיג פּנים פאַלן שטיקער פייכטע ערד — האָט זיך אין אים, אין חיים גראַוויצער, לחלוטין אָהן זיין רשות און ידיעה, עפּעס אַזוינס אויפגעהויבן, וואָס האָט אים אַזוי פאַרקלעמט דאָס האַרץ און פינסטער געמאַכט די אויגן. אין רעכטן מיטן התלהבות איז ער מיט אַמאָל ווי אַ פּושע ישראל אַנטלאָפן פון דעם אָפענעם קבר, ניט זאָגנדיג אַפילו קיין קדיש. ווער זשע איז אָט דער „עפּעס"? ווי קומט ער אַהין, וואו מ'אָטעמט מיט דעם אייביגן אמת פון אין עוד מלבדו? און ווען דער טויט האָט שוין אָנגעהויבן פאַרשווינדן, איז הינטער זיינע פּלייצעס ערשט אויסגעוואַקסן אַ „עפּעס", וואָס האָט אין איין רגע אים, חיים גראַוויצער, אין דעם קבר פון זיין אייגענער נשמה אַריינגעוואָרפן. ער אַליין איז דער קבר און קברן פון זיין נשמה. ניין, ניט דאָס... ער וויל וויסן נאָר איין זאַך, וואָס הייסט עס „אָהן רשות און ידיעה"....

אָט ביי דעם פּונקט זיינען זיינע אָנגעשטרענגטע רעיונות ווייטער שטיין געבליבן. ניט געלאָזט זיך רירן פון אָרט, זיינען זיי שוין געשטאַנען ווי פעסט אָנגעצויגענע פּרוזשינעס. איין רגע אָפּלאָזן—פאַלן זיי צוריק אין אָפּגרונט.

און טאַקע אין איין רגע זיינען אַלע רעיונות פאַר־שוואונדן. און ווי אויפן בית־עולם האָט אים אָנגעהויבן דאָס האַרץ ווייטער צו נאָגן. אַן אומגעהויערע טיפע בענקשאַפט צו יוסעלען האָט אים אָנגעכאַפּט און שוין לחלוטין פאַרטונקלט דעם מוח. און אין דעם פאַרטונקלטן נעפּל האָט פלוצים, גאָט ווייס ווי אַזוי, אַ שימער געטאָן די געשטאַלט פון שרהן, וואָס איז געגאַנגען אויף דער לויה אין אַזאַ היץ אין אַ דיקן ווינטער־

שאַל, פאַרהילט איבערן קאָפּ, און ממש געריררט פון זינען, געקוקט מיט אַ טעמפּן שרעק, ווי מ'טראָגט די מטה פון איר בן־יחיד אויפן עולם האמת. חיים האָט זיך פּלוצים דערמאנט: ערב יום־כּפּור פאַרנאַכט, ער פאַרהאַלט זיך בכיון אַ ווײַלע אין שטוב, כּדי צו הערן, ווי שרה, די ווײַב זײַנע, אַ פראָסטע ייִדענע, בענטשט ליכט. דאָס שניי־ווײַסע טיכל איז איר צניעותדיק טיף אָנגערוקט אויפן שטערן. זי פירט אויף אַ ווײַבערשן שטייגער מיט די ציטעריגע הענט איבער די אָנגעצונדענע ליכט, באַדעקט באַלד מיט די הענט דאָס פּנים און הייבט אָן בעטן און וויינען, ווי נאָר אַ ייִדישע מוטער קען וויינען. חיים שטייט שוין אין קיטל, נעבן אים יוסעלע — זײַ קוקן אין אַ זײַט און אויף יוסעלעס אויגן שטייען שוין ניט ווילנדיק קינדערשע טרערן. ער האָט זיך אפילו אַמאָל אָנגעבויגן צו יוסעלען און געזאָגט: דער מאַמעס כּשרע טרערן זײַנען אַ סך העכער, ווי די גאַנצע מתנגדישע תּפילה־זכּה.

חיים האָט זיך ווײַטער ווי אַ צעמישטער אומגעקוקט אויף די בוימער אין וואַלד. פּלוצים האָט ער זיך אָנגענומען מיט בײַדע הענט פאַר אַ בוים, זיך אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויף דער לינקער האַנט און האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול. וועמען האָט ער באַוויינט? — דעם טויט פון זײַן בן־יחיד אָדער דעם טויט פון זײַן אוממענשליכער התלהבות? צום ערשטן מאָל אין לעבן, האָט ער, חיים גראַוויצער, דער חבדישער „קאַלכאַויווזן“, געוויינט פּשוט ווי אַ קינד, געוויינט אָהן ווערטער און אָהן רעיונות. זײַנע גרויסע מעכטיגע פּלייצעס האָבן זיך געוואָרפן אין קראַמף. ער האָט זיך ממש געשטיקט אין טרערן. נאָר פון דעם אינערליכן אָפּגרונט, וואוהין ס'זײַנען ניט לאַנג פאַרזונקען זײַנע אָנגעשטרענגטע רעיונות, האָט עפּעס אַ קול געשריען און געוואָרנט:

— חיים גראַוויצער!

— חיים גראַוויצער!

די זון איז נאָך הויך געשטאַנען אויף דעם הימל און אומ־ערטרעגליך גליהענדיג אַריינגעקוקט אין דעם געדיכטן סאָסנע־וואַלד. און די בוימער, וואָס האָבן זיך פאַרטאָג אַזוי פאַר־שמאַכט געצויגן צו דער זון און זיך געפרייט אַקעגן איר — זיינען איצט געשטאַנען אומבאַוועגליך אויסגעשטרעקט, מיד, האַלב פאַרשלאָפן,—ווי אָהן כחות טאַקע פון דער ברענענדיגער היץ.

חיים האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דעם בוים, אָן וועלכן ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט. זיין פּנים האָט זיך פלוצים פאַרענדערט. מיט בייזע בריהענדיגע בליקן האָט ער עפּעס ווי אויף זיך אַליין אַ קוק געטאָן. דאָס פּנים זיינס האָט זיך פאַרקרימט פון כעס און ווייטאָג. אין דער שוואַרצער באָרד האָבן אַ בלישטשע געטאָן זיינע ווייסע פאַרחלשטע ציין.

האָט זיך שוין דער קאַלכאויוון אין אים אויף אַ נייעם ווילדן אופן אויפגעפלאַקערט. אויב מ׳דאַרף, איז ער גרייט לעבעדיגער־הייט צו טראָגן חבוט הקבר. אויב דער חשבון־הנפש לויפט פון אים, וויל ער אים ניט נאָכלויפן. און אויב זיין ליבער נאָמען וויל אים ניט ראַטעווען, בעט ער ניט קיין רחמים, ווייל ער האָט קיין רחמים ניט פאַרדינט. זאָלן אַלע יסורים פון דער וועלט אויף אים קומען, זאָלן זיי רייסן פון אים שטיקער. און מיט דער פריי־הערדיגער גבורהשער מסירות־נפש האָט ער זיך מיט איין קער לחלוטין איבערגעגעבן אין רשות פון דעם בייזן מבול, וואָס האָט אין דער טיפעניש פון זיין נשמה געקאָכט און געזאָדן.

ער האָט איינגעהויקערט די פּלייצעס, אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און זיך געלאָזט האַסטיג גיין. עפּעס אַן אומבּרחמנותדיגער גליהענדיגער ווייטאָג האָט אָהן ווערטער און רעיונות זיין גאַנצע נשמה אַרומגענומען. חיים האָט צוזאַמענגעפּרעסט די ציין און אַפילו קיין געשריי ניט געטאָן. ער איז שוין געגאַנגען ווי אַ באַנומענער. צייטנווייז האָט זיך אים געדוכט, אַז ער גייט

ניט ווייטער, נאָר ער רוקט זיך אַלץ טיפער אין דעם פינסטערן תהום. ער האָט שוין ניט באַמערקט קיין אָרט און צייט. ווי אַ באַנומענער איז ער געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער, אויף אַ רגע האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט. און געגאַנגען איז ער פאַמעליך, פאַרזונקען עפּעס אין אַ טיף־שטילער צע־בראָכנקייט...

שעהנלאַנג איז ער געגאַנגען ווייטער און ווייטער, ניט גע־פילט, וואוהין און ווי לאַנג ער גייט...

די זון האָט זיך שוין געזעצט, ווען חיים איז אַרויס פון דעם געדיכטן סאָסנע־וואַלד אויף אַ גרויסער ברייטער לאָנקע. פון פאָרנט האָט זיך דער האָריזאָנט געעפנט אַנטקעגן דער געפאַ־לענער זון. נאָך בייטאָג האָט די זון פון רעכטן מיטן הימל אָנגעהויבן פאַלן אַלץ טיפער צו דער ערד. איצט האָט זיך דער האָריזאָנט שוין אומברחמנותדיג אָנגעצונדן און געברענט.

— אַ סוף זאָל דאָס נעמען...

ביי חיימען האָבן זיך פון מידקייט אונטערגעבויגן די פיס. ער האָט זיך אומבאַוואוסט געזעצט ביים עק וואַלד מיטן פּנים צום האָריזאָנט, זיך אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן אַ בוים. ער איז נאָך אַלץ געווען ווי באַנומען. רויטע בליקן פון דעם האָ־ריזאָנט האָבן געשפּילט אויף זיין עטוואָס בלאַס־געוואָרענעם פּנים. ס'האָט אים אָנגעהויבן וואַרפן אין קעלט. ער איז געווען אַזוי מיד און צעבראָכן, אַז ער האָט זיך ניט ווילנדיג אויסגע־שטרעקט אויף דער ערד. איז אויף אים עפּעס אָנגעפאַלן אַ זיסע מידקייט. און די זיסע מידקייט האָט זיך אים אין אַלע זיי־נע גלידער צעגאָסן. ער האָט עפּעס מאָדנע אַ שמייכל געטאָן און געקלערט, אַז ער זאָל טאַקע אַזוי נאָר ניט איינשלאָפן. וואָס? נאָך אַמאָל: טאַקע נאָר ניט איינשלאָפן! טאַקע נאָר ניט... די זיסע מידקייט האָט אים באַרוהיגט און ווי אַ שטילער ווייכער נעפּל איינגעשלונגען זיינע לעצטע זאָרגן.

דערווייל איז שוין די זון געווען אינגאַנצן אַרומגעכאַפּט פון דעם שקיעה־פייער. טאַקע גאָר די לעצטע רגעים. זיינען שוין קליינינקע וואָלקנדלעך, ווי שטיפעריש דערשראָקענע קינדער, זיך, גאָט ווייס פון וואַנען, צוזאַמענגעלאָפן. דערזעהן דעם מיאוסן סוף פון דער זון, האָבן זיי זיך אין פנים געביטן און אָנגענומען אַלערליי משונהדיגע קאָלירן: טונקל־בלוי, פיאָלעט.... אַנדערע האָבן זיך פון צער און שרעק אין פייער געוואָרפן. און דער גרויסער וואַלד האָט זיך עפּעס אויף אַ שווערן שטייגער פאַרטראַכט און זיך געקוויקט מיט טונקעלער בין־השמשותדיגער קילקייט.

פלוצים האָט אַ שימער געטאָן פונדערווייטנס עפּעס אַ געשטאַלט פון אַ מענשן. חיים האָט ליגנדיג זיך איינגעקוקט. ווער קען דאָס זיין? דער מענש איז געגאַנגען זייטליך פון דער לאָנקע, אויף דעם עק וואַלד, אויפן וועג צו חיימען, האַלטנדיג זיך האַרט ביי די בוימער. חיים האָט פון שרעק קוים געקענט עטוואָס אויפהויבן דעם קאָפּ און די פּלייצעס. ער האָט זיך עטוואָס אַ קער געטאָן מיט דער אויבערשטער העלפט אָן אַ זייט און האַלב ליגנדיג האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער לינקער האַנט אָן דער ערד און זיך מיט גרויס אָנשטרענגונג איינגעקוקט. די געשטאַלט איז געוואָרן אַלץ נעהענטער און בולטער. האָבן זיך באַלד ביי חיימען די האָר געשטעלט קאַפּויר. וואָס איז דאָס — אַ חלום, צי אַ דמיון, צי ער האָט זיך פּשוט פון זינען גערירט? מיט אומגעהויערן שרעק האָט ער איצט קלאָר און בולט דערזעהן: ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו ער איז געלעגן, האָט זיך אָפּגעשטעלט יוסעלע, ער האָט זיך אָנ־געשפּאַרט מיט דער לינקער פּלייצע אָן אַ בוים און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער אַזוי מאָדנע קינדיש געגלעט זיין קליינטשיק בערדעלע. יוסעלע האָט עפּעס כמורנע און ערנסט געקוקט אָן אַ זייט צום וואַלד צו. חיים האָט זיך אַ פאַרגאַפטער

פון אָרט ניט געקענט רירן. אין גרויס פאַרוואונדערונג האָט ער באַמערקט, אַז יוסעלע שטייט, ווי אין טאָג פון זיין חופּה, אין דעם זעלבן שוואַרץ־זיידענעם היטל, וואָס איז אויף אים אַביסל צו גרויס און איז אים אויך איצט עפּעס יינגליש־שעמעוודיג אָנגערוקט אויפן שטערן. האָט חיימען באַהערשט אַ מאָדנע פּיינליכע אומזיכערקייט. קען דען דאָס זיין? די אומזיכערקייט איז נאָך שטאַרקער און פּיינליכער געוואָרן, ווייל זי האָט זיך שוין געמוזט ראַנגלען מיט אַ באַהאַלטענעם חשק צו דער ווירקליכקייט, וואָס ווייזט זיך פאַר די אויגן. דאָס האַרץ האָט שוין בגנבה זיך געצאַפּלט און געפרייט...

חיים איז האַלב ליגנדיג געבליבן אין דער זעלבער פּאָזע ווי פריהער, אָנשפּאַרנדיג זיך מיט דעם לינקען עלנבויגן אָן דער ערד. ער האָט זיך טאַקע ניט איינגעהאַלטן און פאָרזיכטיג אַ פרעג געטאָן:

— דאָס ביסטו, יוסעלע?

— דו זעהסט דאָך, טאַטע!

— ווי קומסטו אַהער — דו ביסט דאָך ערשט היינט געשטאָרבן?

— דיינע גרויסע יסורים, טאַטע, האָבן מיך אין קבר ניט געלאָזט איינליגן. בין איך טאַקע צו דיר צוריקגעקומען. איך בין דאָך אַלע מיינע יאָרן נזהר געווען דיר, חלילה, קיין עגמת־נפש ניט פאַרשאַפן...

חיים האָט געשטוינט. יוסעלע האָט קיינמאָל ניט גערעדט אַזוי גיך און אַנטשלאָסן מיט אַזאַ שאַרף לשון. האָט דאָס נאָך מער פאַרשטאַרקט חיימס פּיינליכע אומזיכערקייט. ער האָט זיך אומגעדולדיג אויפגעזעצט אויף דער ערד און פראָסט אַ פרעג געטאָן:

— ווי קען אָבער אַ טויטער אויפשטיין פון קבר פאַר תחית־המתים?

יוסעלע האָט גוטמוטיג אַ שמייכל געטאָן. אָנגעשפּאַרט ווי פריהער מיט דער לינקער פּלייצע אָן אַ בוים, האָט ער מיט דער רעכטער האַנט געגלעט זיין קליינטשיק בערדעלע און טאַקע גאָר מלמדיש פרייליך געענטפערט:

— דאָס איז אודאי אַ גרויסע קשיה, ממש אַ קלאָץ קשיה. נאָר כ'בין אַלע מיינע יאָרן אַ פּשוטער דרדקי מלמד, כ'ווייס ניט פון קשיות און זעה נאָר, וואָס ס'שטייט פּשוט פאַר די אויגן. אין לו לדין אלא מה שעיניו רואות — אפילו אַ דין דאַרף זיך פאַרלאָזן נאָר אויף דעם, וואָס זיינע אויגן זעהן. דו האָסט זיך אַפּילו ליב צו פיל צו גריבלען (יוסעלע האָט דאָ עפּעס גאָר ניט אויף זיין שטייגער העזהדיג אַ שמייכל געטאָן), נאָר די גרעסטע קשיות דאַרפן אַוועק אָן אַ זייט, אַז דו זעהסט אַליין מיט דיינע אייגענע אויגן, ווי איך שטיי פאַר דיר אַ לעבעדיגער. איין מאָל פאַר אַלע מאָל — אין לו לדין אלא מה שעיניו רואות...

חיים האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. דער אינעווייניגסטער צווייפל און די פּיינליכע אומזיכערקייט זיינען ניט פאַרשוואונדן, נאָר ווי אָפּגערוקט זיך אָן אַ זייט. איז שוין דער באַהאַלטענער חשק אַרויסגעשפּרונגען אין דער נשמה און אָנגעהויבן פראַנק און פריי דאָס בענקענדיגע האַרץ משמח זיין. נאָר חיים איז געזעסן אויף דער ערד ווי אָהן כחות, אַראָפּגעלאָזט די הענט אויף די קני און זיך טרויעריג פאַרקוקט אויף אַ זייט צו דער לאָנקע צו. די געפאַלענע זון איז שוין לאַנג פאַרזונקען ערגעץ אונטער דער ערד. ווער ווייס וואָס מיט איר טוט זיך דאָרט? אויף דער גאַנצער וועלט איז שוין לאַנג געשטאַנען די נאַכט. וואָלט דאָס עמיצן אַ ריר טון! מילא, איז אָהן אַ זון. די לאָנקע האָט זיך אַפּילו נחתדיג געבאָדן אין לבנה־שטראַלן. חיים האָט אין גרויס פאַרוואונדערונג פּלוצים אַ קלער געטאָן, אַז פאַר דער לבנה זעהט יוסעלע אויס אַ סך קלאָרער און נעהענ־

טער. ער האָט זיך אומגעקערט צו יוסעלען מיטן פּנים און אַ זאָג געטאָן:

— אַזוי אָדער אַנדערש — כ'בּין שוין אָבער, יוסעלע, אַלצ־איינס געשטאָרבּן. מאן דנפיל מדרגא איקרי מית — ווער ס'פאַלט אַראָפּ פון דער מדרגה, הייסט שוין אַ געשטאָרבּענער....

יוסעלע איז אויף אַ פּאָר טריט אָפּגעשפּרונגען פון בּוים, ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט בּיידע הענט אין דער לופט און אָנגעהויבּן זיך עפּעס אַזוי קינדיש בּייזערן.

— דאָס איז שוין, טאַטע, ווייטער אַ דריי מיטן גראָבּן פינ־גער. דו קומסט רק מיט קלאָץ קשיות, כדי צו פאַרטרייבּן דעם פּראָסטן פּשט. דערמאָן זיך נאָר, דו בּיסט דאָך געפאַלן דורך מיין טויט. אָבּער ווי בּאַלד אַז איך שטיי פּשוט פאַר דיינע אויגן אַ לעבּעדיגער ווי פריהער — איז דאָך טאַקע אַלץ ווי פריהער. רש"י הקדוש זאָגט, אין מקרא יוצא מידי פשוטו — בּיי די גרעסטע מדרשים קען קיין פּסוק ניט אַרויסגיין פון זיין פּראָסטן פּשט. דער עיקר פון אַלע עיקרים איז טאַקע נאָר פּראָסטער פּשט...

חיים האָט געשטוינט: ווי קומט דאָס צו יוסעלען אַזאַ לשון, אַזאַ העזה. נאָר יוסעלעס רייד זיינען אָבּער געווען אַזוי שאַרף און קלאָר, אַז חיים האָט ניט ווילנדיג געמוזט מסכּים זיין. האָט שוין דאָס האַרץ אָנגעהויבּן פלאַטערן אין אַ שטילער ליכטיגער פרייד: טאַקע גאָר אַלץ ווי פריהער! די פיינליכע אומזיכערקייט איז אינגאַנצן פאַרשטומט געוואָרן, כאָטש ערגעץ, ווייט־ווייט אין דער נשמה, האָט זי אין דער זעלבּער צייט גאָט וויס ווי אַזוי געפלאָגט און גענאָגט.

און יוסעלע איז שוין גאָר פריילך געוואָרן.

— לאָמיר, טאַטע, לאָזן די אַלע אומזיסטע חקירות, כ'וועל בּעסער פאַר דיר איבּערזאָגן דעם רבּינס מאמר וועגן כנורו של דוד — וועגן דוד המלכס פידל...

חיים האָט זיך פאַרוואונדערט.

— דאָס איז דען דעם רבינס מאמר? דאָס האָב איך דאָך, דוכט זיך, היינט צום ערשטן מאָל וועגן דעם ענין געקלערט? ווי קומט דער מאמר צו דיר?

— שוין ווייטער אַ קלאָץ קשיה! דו האָסט היינט געקלערט וועגן דעם מאמר, אפשר האָבן דאָס נאָך טויזנט יידן געטאָן. דער פראָסטער פשט איז אָבער, אַז אויב דו ווילסט, ווערסטו באַלד מיט דיינע אויערן הערן פון מיר אַליין דעם גאַנצן מאמר...

האָט זיך שוין חיים אינגאַנצן אָפּגעגעבן אונטער דער שליטה פון דער אינערליך־צאַפּלענדיגער שמחה. טאַקע אַלץ ווי פריהער. יאָ, יאָ — ווי פריהער. ער האָט שוין אַפילו עפּעס מאָדנע הנאה געהאַט פון יוסעלעס אומגעוויינליכע משונה־העזהדיגע רייד און פּאָסטעמקעס (ער וואָלט דאָס אין לעבן קיינמאָל אויף יוסעלען ניט געגלויבט). חיים האָט, זיצנדיג אויף דער ערד, אָנגענומען מיט דער רעכטער האַנט זיין לאַנגע שוואַרצע באָרד און הנאהדיג געשמייכלט.

— אדרבא, זאָג, זון מיינער, לאָמיר הערן.

ביי יוסעלען איז דאָס פּנים פלוצים כמורנע און ערנסט געוואָרן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער לבנה און שטרענג אַ פרעג געטאָן, איינקוקנדיג זיך חיימען גלייך אין די אויגן אַריין:

— האָסטו שוין מחדש געווען די לבנה?

חיים האָט קוים געכאַפּט אַ קוק אויף דער לבנה. אַ פּחד איז אויף אים אָנגעפאַלן. די לבנה האָט שווייגנדיג געקוקט אויף זיי ביידן, אויפן וואַלד און לאָנקע. ער האָט פלוצים דערפילט, אַז וואַלד און לאָנקע שטייען איצט ווי פאַרגליווערט פון שרעק. יוסעלע האָט אָבער קיין אויג פון אים ניט אַראָפּ־גענומען.

— און קדיש האָסטו נאָך מיר געזאָגט? כ'בין דאָך ערשט

פאַרנאַכט אויפגעשטאַנען פון קבר. האָסטו מיך ביז פאַרנאַכט געלאָזט אין קבר ליגן אָהן קדיש?

און תוך כדי דבור איז יוסעלע ווידער מלמדיש פריילין און רירעוודיג געוואָרן. אין איין רגע איז דער גאַנצער שרעק פאַר־שוואונדן. חיים האָט זיך ווידער אָנגענומען מיט דער רעכטער האַנט פאַר זיין לאַנגער שוואַרצער באָרד און האָט הנאהדיג געשמייכלט.

— נו, זאָג שוין, מיין זון, לאָמיר הערן.

האָט זיך יוסעלע ווייטער אָנגעשפּאַרט מיט דער לינקער פלייצע אָן בוים, מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געגלעט זיין קליינטשיק בערדעלע און ווי אַ גוטער דרדקי מלמד האָט ער אָנגעהויבן רעדן הויך און קלאָר און פאַרטייטשן יעדעס וואָרט. ער האָט געזונגען מיטן האַרציגן ניגון פון חסידות.

— כינור היה תלוי, זאָגט די גמרא, למעלה ממטתו של דוד. אַ פידל איז געהאַנגען איבער דעם בעט פון דוד המלך. דאַרף מען פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער פידל צו אַ בעט. אויף יעקב אבינו שטייט: מטתו של יעקב אבינו היתה שלמה — דאָס בעט פון יעקב אבינו איז געווען גאַנץ, עס האָט משפיע געווען גאַנצקייט אויף דער וועלט. פאַרשטיין דעם ענין פון מטה איז אַזוי. שונמית, זאָגט דער פסוק, איז גע־ווען אַ אשה גדולה. האָט זי טאַקע באַלד דערקענט דעם איש אלקים, דעם געטליכן מענשן. און אַז זי האָט אים געוואָלט צו זיך אַראָפּברענגען, האָט זי אים אויפן אויבערשטיבל אָנגעגרייט פיר זאַכן, מחמת אין די זאַכן קען אַ געטליכער מענש אַנטפּלעקט ווערן: מטה ושלחן וכסא ומנורה. כסא איז אַ שטול, דאָס אָרט, וואו דער מענש זיצט שטענדיג — דאָס איז דאָס שטענדיגע אָרט פון אַ מענשן לויט זיין שרש נשמה, וואָס קומט הייסט דאָס פון געבורט, אָהן אייגענער האָ־רעוואַניע. ווער עס זיצט אויבנאָן און ווער עס זיצט

ביי דער טיר, ווער נידעריגער און ווער העכער — עד רום כל המעלות. נאָך איידער אַ מענטש ווערט געבאָרן — קען אויף אים שוין וואַרטן אַ כסא המלוכה, אַ קיניג־שטול. אַזוי ווערט אַ מענטש אָהן אייגענעם פאַרדינסט גלייך געבאָרן אַ איש אלקים. דאָס זיינען הויכע נשמות. נאָר שלחן, אַ טיש, איז דער מזבח פון אַ מענטשן, וואו מ׳איז מקריב די הייליגע סעודה פון דער נשמה. און ווער ס׳וויל נאָר, קען זוכה זיין דורך עבודה, דורך אייגענער מיה, צו מעדני מלך, קייזערליכע שפייזן, וואָס דערקוויקן און הויבן אויף די קלענסטע נשמה. אַזוי קען דער נידעריגסטער מענטש, וואָסער שרש נשמה ער זאָל ניט זיין, אויף וואָסער שטול ער זאָל ניט זיצן — דערהויבן ווערן צו אַ איש אלקים. יגעת מצאת — אַז מ׳האָרעוועט, געפינט מען. מ׳געפינט אויך אַזוינס, וואָס מ׳האָט פריהער אַליין ניט געהאַט. יעדער מענטש קען זיין ווי משה רבנו. נאָך העכער איז מנורה, וואָס באַלייכט דעם טיש, טראָגט ליכט אויף דעם הייליגן מזבח פון דער נשמה, אויף דער האָרעוואַניע פון דעם מענטשן. וואָרום נר ה׳ נשמת אדם — די נשמה פון אַ מענטשן איז גאָטס ליכט. האָט אָבער זיין ליבער נאָמען געזאָגט צו משה רבנו: בהעלותך את הנרות אל מול פני המנורה — מ׳דאַרף אויפהויבן די ליכ־טער נשמות צו דער מנורה. דאָס איז שוין העכער פאַר נשמות—אור אין סוף...

חיים האָט הנאהדיג געשמייכלט און אַ זאָג געטאָן:

— דו בראָקסט, יוסעלע, פסוקים מיט אַזאַ מתיקות, ווי אַ פוילישער גוטער ייד.

יוסעלע האָט אים ניט געענטפערט. ער איז שוין געווען אין שטאַרקע דבקות און האַלטנדיג זיך אַלץ מיט דער רעכ־טער האַנט פאַר דעם קליינטשיק בערדעלע, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— נאָר ערשט דאַמאָלט קען אַ מענטש דורך זיין שרש נשמה

און אייגענער מיה אַראָפּברענגען אַ מנורה אויף דער וועלט, ווען ער קען באַקומען אַ שליטה אויף זיין שלאָף און איז אַ בעל־הבית אויף זיין בעט. דאָס איז דאָך דער סוד פון וועלטן און נשמות. מ'דאַרף קענען איינשלאָפן, כדי ערשט רעכט אויפצוואַכן ווי אַ לייב מיט נייע פרישע כחות. און מ'דאַרף קענען אַזוי אמת וואַך זיין, אַז מ'זאָל ניט מורא האָבן און ניט פאַרלירן זיך אין שלאָף. און אַזוי ווי גאָט ב"ה האָט זיך כביכול אַראָפּגעלאָזט אין דער וועלט, אַזוי דאַרף אַ מענש קענען אַראָפּלאָזן זיך אין שלאָף, אין עולם השנה. און אַזוי ווי בריאת העולמות, די וועלט־באַשעפעניש, איז געווען אַ ירידה לצרך עליה, אַזוי קען און דאַרף אַ מענש אין דעם שלאָף און פון דעם שלאָף נתעלה ווערן. וואָס נעהענטער צו דער מנורה, וואָס העכער די נשמה — אַלץ הייליגער און גרעסער איז דער שלאָף. קען שוין דוקא אין שלאָף נתגלה ווערן די מדרגה פון עלמא דאיתכסיא — די פאַרבאָרגענע וועלט. און דאָס איז דער ענין, וואָס יעקב אבינו האָט געלעגט שטיינער צוקאָפּנס און האָט זיין נשמה אין שלאָף אַריינגעטראָגן. ערשט דאַמאָלסט אין שלאָף האָט יעקב אבינו זוכה געווען צו דערזעהן און דערגרייכן דעם לייטער, וואָס באַהעפט הימל מיט ערד. דאָס איז שוין די מדרגה פון נשיקה, וואו הימל און ערד פאַראייניגן זיך אין דעם ביטול צו אלקות. און דערפאַר האָט דאָס בעט פון יעקב אבינו גע־טראָגן אין זיך שלמות פאַר אַלע וועלטן, ווייל ער האָט אויפגע־הויבן און באַלויכטן אויך דעם שלאָף פון די וועלטן. וואָרום דער שלאָף איז דאָך כידוע לויט דעם וואַך־זיין פון דעם מענשן. אַ שוואַכער מענש, וואָס איז אין דער עבודה האַלב פאַרשלאָפן— פאַלט אַריין ביינאַכט אינגאַנצן אין דער שליטה פון פינסטערע כחות. און דער שלאָף קען, חלילה, פירן צו אַ חלום, אויף וועלכן מ'מוז אַפילו פאַסטן אום שבת. און ווער ס'וויל און

קען וואַך זיין, ווערט ער אין שלאָף דערהויבן צו הייליגע חלומות און אַנטפּלעקונגען, וואָס ממש עין לא ראתה — אַ מענשליך אויג פאַרמאָגט ניט. אין אַ חלום האָט זיך דאָך זיין ליבער נאָמען אַנטפּלעקט צו די אבות. ווער ווייס דען ניט די הייליגע חזיונות לילה, וואָס ווערן דעם רבין אַלע נאַכט נתגלה אין שלאָף? און דאָס איז דער ענין, וואָס אַפילו צוליב אַ קדושה טאָר מען ניט אויפוועקן אַ שלאָפנדיגן יידן: אַ קליינינקייט, אַ יידישער שלאָף! אָבער וימת כישן — דער טויט איז דאָך ניט מער ווי אַ לענגערער שלאָף, פון וואָס נשמות וועלן זיך ערשט רעכט אויפכאַפּן צום לעצטן און גרעסטן גלוי פון לעתיד לבוא. און ווען אַפילו יום־כפּור אַליין קען שוין ניט העלפן, איז אָבער מיתה מכפּרת — דער טויט קען אויסלייזן און אויפהויבן. און ווער ס'וויל באַגראָבן דעם טויט און פאַרטרייבן דעם שלאָף, וויל, חלילה, אַנטקעגן דעם רצון הבורא חרוב מאַכן די וועלט. און דערפאַר טאַקע האָבן אונזערע חכמים אָפּגעפּסקנט, אַז אויב איינער שווערט, אַז ער וועט ניט שלאָפן דריי טעג נאָכאַנאַנד, דאַרף מען אים שלאָגן מלקות, און ער זאָל גלייך גיין שלאָפן...

ביי די ווערטער האָט עפּעס אומגעריכטס געטראָפן. יוסעלע איז פּלוצים ווידער מלמדיש־פרייליך און רירעוודיג געוואָרן. ער האָט פאַרמאַכט דאָס לינקע אויג און מיט דעם רעכטן האָט ער שפּאָטיש געקוקט און געפינטלט צו חיימען. דערביי האָט ער משונה־העזהדיג געלאַכט און אַ זאָג געטאָן:

— ...אַזאַ יידן דאַרף מען פּשוט אַריינשמייסן, מ'דאַרף אים אַריינטיילן די אמתע קאָרקעס און הייסן אים גיין לעגן זיך שלאָפן. פאַרשטייסט, טאַטע לעבן, טאַקע פּשוט אַריינשמייסן...

חיים האָט ממש אויפגעקאָכט. און וויפיל ער האָט נישט איינגעהאַלטן זיין כעס, האָט ער פונדעסטוועגן מיט אָפּענעם פאַרדרוס כמעט ווי אַ געשריי געטאָן:

— דו האָסט דאָך געוואָלט רעדן וועגן דוד המלכס פידל,

און ביסט גאָר פאַרקראָכן קיין בויבעריק. האָסט זיך צעשאָטן מיט גמרות ווי אַ מתנגדישער בעל־דרשן און דו ווייסט שוין גאָרנישט, וואו דו האַלסט...

יוסעלע האָט פרייליך אַ וואונק געטאָן מיט די אויגן און געענטפערט:

— האָב קיין מורא ניט. אַ דרדקי־מלמד ווייס שוין, וואו ער האַלט. הלואי וואָלטן אַזוי די פאַרקאַטשעטע קעפּ, די הימל־מענישן געוואוסט, וואו זיי האַלטן אין דער וועלט...

האָט חיים אָבער קוים דערהערט די לעצטע שטעכווערטער. ער האָט זיך עפּעס צעטראָגן פאַרקוקט אָן אַ זייט אויף דער לאָנקע. פּלוצים איז ער אַ דערשראָקענער אויפגעשפּרונגען און געלאָזט זיך לויפן צו דער לאָנקע צו, זאָגנדיג אויף גיך צו יוסעלען:

— וואַרט אויף מיר אַ פּאָר רגעים, טאַקע נאר אַ פּאָר רגעים, כ׳קום באַלד צוריק...

פון יענער זייט לאָנקע האָט זיך באַוויזן אַ איינגעהויקערטע יידענע, פאַרהילט איבערן קאָפּ אין אַ דיקן ווינטערשאַל. גייענ־דיג האָט זי, ווי געריהרט פון זינען, זיך כסדר מיט אַ טעמפּן שרעק אַרומגעקוקט — ביז זי האָט זיך אין דער מיט לאָנקע אָפּגעשטעלט, אַנטקעגן דער שטיל לייכטנדיגער לבנה. חיים איז צו איר מיט אַ אימפּעט צוגעלאָפן.

— שרה לעבן, וואַרף אַראָפּ דיין גראָבן שאַל. יוסעלע איז דאָ — אָט איז ער! ער טראָגט נאָך דאָס אייגענע שוואַרצע זיידענע היטל, וואָס דו האָסט אים צו דער חופּה געקויפט... קום, שרה לעבן, קום...

אַ ווײלע האָט שרה געקוקט אויף אים מיט דעם זעלבן טעמפּן שרעק, פּלוצים האָט זי זיך שטיל צעוויינט. און זי, די אשה צנועה, וואָס האָט אַלע אירע יאָרן שווייגנדיג זיך תמיד מקריב געווען פאַר חיימס מינדסט וואָרט, האָט אים איצט

ביטער אויסגעוואָרפן (חיים האָט געשטיינט צו הערן פון איר אַזוינע אומגעוויינלעכע רייד):

— כ'האָב עס פריהער געוואוסט. דו האָסט דאָך קיינמאָל ניט אין זינען געהאַט, ניט קיין ווייב, ניט קיין קינד. און אַז דיר האָט שוין יאָ איינמאָל דאָס האַרץ אָנגעהויבן ווי צו טון אויף יוסעלען, האָסטו זיך ניט געשעמט אַפילו אים פון קבר צו שלעפן. אַז דיר פאַרווילט זיך עפּעס — מוז דאָס פון אונטער דער ערד באַשאַפן ווערן. צוליב דיינע הימל־תּאוות האָסטו אַפילו גאָט ניט געשאַנעוועט. איך בין אָבער אַ פּראָסטע יידענע. און אַז גאָט האָט מיך אַזוי ביטער געשטראָפט, וועל איך מיר פּשוט אַראָפּגיין פון זינען, ביז ס'וועט ניט קומען די בייזע שעה און מ'וועט מיך באַגראָבן נעבן יוסעלעס קבר... באַגראָבן... באַגראָבן...

זי איז פּלוצים פאַרשטומט געוואָרן און האָט שוין ווייטער מיט דעם זעלבן טעמפּן שרעק זיך אַרומגעקוקט. און געלאָזט זיך גיין צוריק, האָט זי נאָך טיפער אַריבערגעוואָרפן דעם ווינטערשאַל איבערן פּנים, האָט זיך אָנגענומען מיט ביידע הענט און עפּעס אַזוי ווילד געקלאָגט. זי איז באַלד פאַרשוואונדן פון יענער זייט לאָנקע, פון וואַנען זי איז געקומען.

גלייך ווי ס'איז גאָרנישט ניט געשען, האָט זיך חיים אומגעקערט אויף זיין אָרט. ער האָט זיך ווי פריהער געזעצט אויף דער ערד ביים בוים מיט דעם פּנים צו יוסעלען, האָט הנאהדיג געשמייכלט און געזאָגט:

— נו, יוסעלע, הויב שוין אָן זאָגן ווייטער...

און יוסעלע האָט טאַקע אויף אים געוואַרט. ער איז שוין ווידער אין דבקות אַריינגעפאַלן, ווי פריהער איז ער געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט דער לינקער פּלייצע אָן בוים און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער נאָך אַלץ געגלעט זיין קליינטשיק בערדעלע. פון דער רעכטער זייט איז ער געווען האַלב באַלויכטן פון דער לבנה,

און די לינקע קלענערע העלפט פנים איז געווען באַדעקט פון געדיכטן שאָטן, וואָס האָט זיך פון וואַלד איבערן בוים אויף זיין פנים געטראָגן. לאָנקע און וואַלד זיינען געווען שוין שטאַרק פאַרכאַפּט פון דער לבנה־נאַכט. און איינהאַלטנדיג דעם אָטעם, האָבן זיי פאַרשמאַכט אויף עפּעס געוואַרט. אין גרויס דביקות האָט יוסעלע אָנגעהויבן ווייטער צו זאָגן.

— ...למעלה ממטתו של דוד — דוד המלך האָט דערלאַנגט העכער אַפילו, ווי דאָס הייליגסטע בעט פון אַ צדיק קען דערגרייכן. ביז דודן האָבן גרויסע נשמות ניט געוואַגט אַראָפּצולאָזן זיך נידעריגער פון שלאָף, אַריינטראָגן דאָס הייליגע ליכט פון דער נשמה אין די פינסטערע תהומות, וואָס ליגן, רחמנא לצלן, פון יענער זייט שלאָף. נאָר דוד איז אַ נשמה כללית, די מדרגה פון מלכות דאצילות. זיין הייליגע נשמה האָט זיך איינגעשטעלט אַראָפּצולאָזן זיך אין דעם טיפסטן תהום פון שוואַרצער זינד, כדי אויפהויבן זי לעילא ולעילא — העכער און נאָך העכער, אין דער אמתער תשובה עילאה. דאָרט וואו בעלי־תשובות דערלאַנגען, קענען שוין אַפילו צדיקים גמורים ניט איינשטיין. ווייל בעלי־תשובות הויבן די וועלטן מיט ממש נאָך ניט געזעהענע כחות. זיי ברענגען אַראָפּ אַזוי פיל ליכט אויף דער וועלט, אַז אַפילו די פינסטערע תהומות פון זינד הויבן אָן פינקלען און לייכטן. און דערפאַר האָט נאָר דוד אַראָפּגעבראַכט דעם הייליגן תהילים, דעם הייליגסטן ספר פון שיר און געזאַנג. דער ענין פון געזאַנג איז, אַז פאַרשיידענע אָפּגעריסענע קולות, העכערע און נידעריגערע, קלענערע און גרעסערע — ווערן פון מענשן דורך אמתע צירופים פאַראייניגט און דערהויבן צו אַ לעבעדיגן ניגון. די וועלט, עוה״ז, איז דאָך אַ עלמא דפרידא, אַ צעוואָרפענע און צעבראָקלטע. פון אַלע זאַכן טראָגן זיך פאַרשיידענע קולות און בלאָנדזשען אָפּגעריסענע און פאַרלאָרענע אין דעם חלל פון דער וועלט. און יעדער קול

צעבּרעקלט זיך אין טויזנטער אָפּקלאַנגען. למעלה ממטתו של דוד — דוד האָט אויפגעהויבּן די קולות פון די פינסטערע תהומות, וואָס ליגן אַפילו נידעריגער פון שלאָף. קול ה׳ על המים, קול ה׳ יחיל מדבר — די קולות פון גרויסע וואַסערן, פון חיסטע מדבריות — אין אַלע קולות האָט דוד דערהערט דעם אינע־ווייניגסטן חיות, דאָס קול אלקים און האָט זיי געקענט צונויפנעמען און אויפהויבּן צום שרש פון אַ הייליגן מזמור. דאָס איז דער ענין פון כנורו של דוד, דוד המלכס פידל. פאַרשיידענע סטרו־נעס באַהעפטן זיך צו אַ לעבּעדיגן כלי־זמר, אויף וואָס מ׳קען שוין פון פאַרוואָרפענע, צעבּראָכענע קולות דורך אמתע צירופים מאַכן אַ הייליגן ניגון. נאָר אַ פידל אַליין קאָן נאָך ניט שפּילן. מ׳דאַרף האָבּן אַ אויער, וואָס קען הערן קולות, און אַ נשמה, וואָס קען אַרויסבּרענגען פון אַלע קולות אַ אינעווייניגסטן חיות און אויפהויבּן זיי צו זייער שרש פון הייליגער נגינה. כנור היה תלוי — דער פידל איז געהאַנגען און האָט ניט געשפּילט, בּיז ס׳איז געקומען אויף דודן דער רוח צפונית, די מדרגה פון חכמה עילאה. יוסעלע האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און גע־זאָגט אין גרויס דבקות: ויהי מבדיל בין מים למים — זינט די וועלט איז בּאַשאַפן געוואָרן, האָט זיך דער הימל געשטעלט צווישן וואַסער און וואַסער. גרויס איז די פאַרשמאַכטקייט פון וועלטן און נשמות. אַלע תהומות וויינען און שרייען אין גרויס בּענקשאַפט. האָט אונז זיין ליבּער נאָמען געשענקט דעם כנורו של דוד, וואָס קאָן דערקוויקן און אויפהויבּן אַלע פאַרשמאַכטע וועלטן. און אַז דוד הויבּט אָן שפּילן פאַר שאולן, ווערן נתעלה אַלע בּייזע רוחות און מ׳דערהערט ממש דעם רוח ה׳. נאָר דוד מלך ישראל חי וקים — דוד לעבּט אין יעדער נשמה. קען שוין יעדער קומען צו דער מדרגה פון אהבה רבה בתענוגים, ממש אויסצוגיין און בּטל ווערן אין גרויס מתיקות...

חיים האָט דערזעהן, ווי יוסעלע האָט פּלוצים אין גרויס

דבקות אויסגעשטרעקט די הענט צום וואַלד, ווי אַ קינד שטרעקט אויס די הענט צו דער מוטער. נאָך איידער חיים האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער דערהערט פון טיפן וואַלד אַ קוויקנדיג שטיל קול פון אַ פידל. עפּעס אַ פאַרבאָרגענע האַנט האָט אומ־מענשליך שטיל און צאַרט געשפּילט אויף אַ ניט געזעהענעם פידל. אין דער נגינה האָט אוממענשליך קלאָר און פּראָסט געלויכטן דער אינעוויייניגסטער חיות פון אַלע וועלטן. חיים איז געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד. אין גרויס ביטול האָט ער אויסגעשטרעקט זיינע גלידער און זיינע ליפּן האָבן אין קינדער־שער אימה געפּליסטערט:

— מרא דעלמא כולא, מרא דעלמא כולא....

אַ מאָדנע זאַך: די נגינה ענדערט זיך ניט און איז אַלע רגע ניי, זי טראָגט זיך איבער אַלע וועלטן און תהומות און איז אוממענשליך שטיל, זי איז געטליך אומדערגרייכבאַר און איז פּראָסט ווי דער שמייכל פון אַ קינד. חיים האָט קלאָר געזעהן, ווי אַלע קולות פון די וועלטן גייען ממש אויס פון מתיקות אין דער אוממענשליך שטילער נגינה. מיט גרויס שמחה האָט ער דערפילט, אַז זיין נשמה איז אַ טראָפּן פון דער קוויקנדיג־שטילער נגינה, אַ טראָפּן, וואָס איז אי באַזונדער אי אויף אייביג באַהעפט אין דעם אומענדליך שטילן שטראָם.

אין דעם פאַרבאָרגענעם ווינקל פון חיימס נשמה האָבן זיך אויפגעכאַפּט האַלב פאַרנעפּלטע געשטאַלטן פון דער פריהער קינדהייט און אין איין רגע זיי אינאיינעם מיט דער גאַנ־צער נשמה ווי אַ ליכטיגער טראָפּן פאַרשוואונדן אין דער אוממענשליך שטילער נגינה. חיים האָט ערשט איצט מיט גרויס שמחה דערזעהן, אַז די שטילע נגינה האָט קוויקנדיג־רוהיג גע־לויכטן. איז שוין ווייטער אַ מאָדנע זאַך: די שטילע נגינה ענ־דערט זיך לחלוטין ניט און ווערט אַלע רגע ליכטיגער, זי לייכט אוממענשליך העל איבער אַלע וועלטן און תהומות און קוים

וואָס מען זעהט זי. וואָס ווייניגער מ'קוקט זיך איין, אַלץ מער זעהט מען, און וואָס מער מ'זעהט, אַלץ מער דערפילט מען, אַז מ'האָט דאָס שוין לאַנג, לאַנג געקענט... פון אייביג ביז אייביג שפּילט די פאַרבאָרגענע האַנט אוממענשליך שטיל און צאַרט אויף דעם ניט געזעהענעם פידל. חיים האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער ערד, האָט קינדיש געשמייכלט און אין גרויס ביטול אויסגעשטרעקט די הענט צום טיפן וואַלד:

— מרא דעלמא כולא!

— מרא דעלמא כולא!

אין דער זעלבער צייט האָט חיים געכאַפּט אַ קוק אויף דער לאָנקע און האָט שטאַרק געשטוינט: צי האָט ער דאָס פריהער ניט באַמערקט, צי אפשר איז דאָס ערשט איצט געקומען? אויף דער לאָנקע האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ חברה ציגיינער. פון דער רעכטער זייט וואַלד האָבן קוים געשימערט די דיש־לעס פון זייערע לאַנג אויסגעשפּאַנטע בוידן. חיים האָט זיך איינגעקוקט. אַהאַ! דאָס זיינען די זעלבע ציגיינער, וואָס ער האָט צופעליג געזעהן צוריק מיט צען יאָר. ער איז דעמאָלט געגאַנגען אויף ימים נוראים צופוס קיין ליובאַוויטש. אַרויסגע־גאַנגען פון שטאָט, האָט ער דערזעהן ציגיינער, וואָס האָבן זיך משמח געווען, געזונגען און געטאַנצט. ער האָט זיך דעמאָלט אומבאַוואוסט אָפּגעשטעלט און נייגעריג געקוקט. געקומען קיין ליובאַוויטש, האָט ער אויף דעם קוקן שטאַרק חרטה געהאַט.

אַ טשיקאַווע זאַך: ווי דעמאָלט איז אויך איצט פאָרגעקומען (נאָר אויף אַ ווילדערן אופן) די רעכטע ציגיינערישע הילולא. אָט איז אַרויס אַ יונגע ציגיינערין מיט תאוה־דיגע ווייסע ציין אויף דעם שוואַרץ ברענענדיגן פנים, אין אַ רויט זיידן קלייד מיט פאַרביגע פלעקן, רחמנא לצלן, עפּעס אַ מין לילית. זי האָט אין דער לינקער האַנט אַ טאַץ מיט גלעקלעך, מיט דער רעכטער האַנט פּויקט זי אין טאַץ און זינגט אַזוי — טאַקע אָט ווערט

זי פאַרשרפט פון תאוה. און נעבן איר אַ ברייטפּלייציגער ציגיי־נער מיט שוואַרצע געקרייזלטע האָר און פינקלדיגע אויגן — אָט האָט ער זיך אָנגענומען מיט דער רעכטער האַנט פאַרן אויער, אָנגעהויבן ציגיינעריש טאַנצן, אונטערכאַפנדיג אָדער אונטערקלאַפנדיג מעשה ציגיינער מיט דער פרייער האַנט די טאַנצנדיגע שטיוול. ער טאַנצט אויף איין אָרט און רייסט עפּעס ווי פון אונטער דער ערד דעם ציגיינעריש עקשנותדיגן פלאַם. אָט האָט זיך אָנגעצונדן דער טאַנץ פון אַ צווייטן, אַ דריטן... אַפילו דער אַלטער ציגיינער מיט דער ליולקע אין מויל און בלויעם אויערינגל אין דעם לינקען אויער האָט אויך ניט אויסגע־האַלטן און איז אין טאַנץ אַריין. האָט מען דאָס אָקאָרשט אָנגעהויבן וואָיעווען! זאָל דער אויבערשטער אויסהיטן — עפּעס דער גאַנצער ברען פון סיטרא אחרא, די התלהבות פון ציגיינער־שער אויסגעלאַסנקייט. פון וואַנען איז דאָס אַרויסגעשפרונגען אַ חברה קליינע ציגיינערלעך — ניט קיין קינדער נאָר שדים. איינס און איינס האַלט זיך יעדער מיט דער רעכטער האַנט פאַרן אויער און טאַנצט ווי די גרויסע — ממש די לאָנקע האָט זיך געלענט...

חיים האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צום וואַלד. האָט זיך אין אייז רגע די ציגיינערשע חוצפה געבויגן און געבראָכן און אין גרויס מתיקות פאַרשוואונדן ווי אַ ליכטיגער טראָפּן אין דער אוממענשליך שטילער נגינה.

דרייט זיך חיים ווידער אום מיטן פנים צו דער לאָנקע, זעהט ער פאַרגאַפט, ווי די אוממענשליך שטילע נגינה איז זיך, כביכול, מצמצם און לאָזט מיט געטליכער סבלנות די ציגיי־נער וואָיעווען. הענגט שוין די גאַנצע ציגיינערשע חוצפה אויף אַ האָר — אין יעדער רגע קען זי צוריק בטל ווערן און אויסגיין אין גרויס מתיקות... ווי אַ ריינער קריסטאַל איז די ציגיינערשע חוצפה געוואָרן דורכזיכטיג — חיים האָט קלאָר דערזעהן איר אינעווייניגסטן חיות, דאָס ליכט פון דער שטילער נגינה.

איז ער געפאַלן מיטן פנים אויף דער ערד און אין גרויס שמחה געשריען:

— אין עוד מלבדו!

— אין עוד מלבדו!

— ניטאָ גאָרנישט חוץ אים!

און אַז חיים האָט באַלד דעם קאָפּ צוריק אויפגעהויבן פון דער ערד — איז שוין אַלץ פאַרשוואונדן. נאָר יוסעלע איז גע־שטאַנען, ווי פריהער, אָנגעשפּאַרט מיט דער לינקער פלייצע אָן בוים. יוסעלע האָט עפּעס מאָדנע דביקותדיג געשמייכלט און געזאָגט:

— פאַרשטייסטו, טאַטע לעבּן, דאָס איז דער ענין פון כנורו של דוד...

חיים האָט מיט גרויס ליבשאַפט געקוקט אויף יוסעלען.... עפּעס אַ האַרציגע ליבשאַפט האָט זיך ווי אַ הייסע כוואַליע צעגאָסן איבער חיימס נשמה. ס'האָט זיך אים אַזוי געגלוסט טאַקע פּשוט מיט די הענט אַרומנעמען יוסעלען און צוקוועטשן אים צום האַרצן. ער האָט ממש מיט אַלע כחות געלעכצט דער־שפּירן יוסעלעס אָטעם און טאַקע דערפילן די וואַרעמקייט פון אַ לעבעדיגן גוף. האָט אָבער צוזאַמען מיט דער הייסער ליב־שאַפט אין חיימען אויפגעוואַכט די פיינליכע אומזיכערקייט. איז ער אומבאַמערקט שטיל פון אָרט אויפגעשטאַנען, האָט זיך ווי אַ גנב געלאָזט גיין פון דער זייט מיט אָנגעשטרענגט־שטי־לע, פאָרזיכטיג־לאַנגזאַמע טריט. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם איז ער שוין געשטאַנען נעבן יוסעלען און האָט אים אָנגע־הויבן פון הינטן אַרומנעמען. איז יוסעלע אין זיינע הענט ווי אַש און שטויב צעפאַלן. נאָר דאָס שוואַרצע זיידענע היטל האָט זיך אין דער לופט געטראָגן. מיט אוממענשליכער גיכקייט האָט זיך חיים אָנגעבויגן, כדי אונטערצוכאַפּן דאָס פליהענדיגע היטל און האָט זיך פּלוצים אַ שטאַרקן זעץ געטאָן אין קאָפּ...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין לאַנגען חלום. ער האָט גלייך באַמערקט דעם בוים, אָן וועלכן ער האָט דאס געכאַפּט איינבויגנדיג זיך דעם שטאַרקן זעץ אין קאָפּ.

אַ ווײַלע איז ער נאָך געלעגן ווי פאַרגליווערט פון שרעק און האט זיך ווי אַ צעמישטער אַרומגעקוקט. לאַנקע און וואַלד זיינען, ווי אין חלום, געווען שטאַרק פאַרכאַפּט פון לבנה־ליכט. ווי אַ בליץ איז ביי חיימען דער געדאַנק דורכגעלאָפן, אַז אין אים האָבן אויפגעוואַכט אַלע פינסטערע כחות, און ער האָט שוין אויף זיי פאַרלאָרן די שליטה. אין דער נשמה האָט זיך דער עולם התהו געעפנט. אין די הענט און אין דעם גאַנצן קערפּער האָט ער געפילט די מאוימדיגע העסליכקייט פון דעם אַש און שטויב. דער שאָטן פון דעם בר־מינן האָט נאָך געשוועבט אַרום אין דעם וואַלד. טונקעלע שרעק־דמיונות האָבן זיך ווי אימהדיגע שאָטנס אַ לאָז געטאן אויף דער נאָך האַלב־פאַרשלאָפענער, שטאַרק ערשיטערטער נשמה. אין דער שטילקייט פון פינסטערן וואלד האָבן זיך געבראָכן צווייגן. דער־שלאָגענע און פאַרוואָגלטע קולות האָבן זיך געשטיקט און עולם־התהודיג זיך געקלאַמערט אין דער פינסטערער שטילקייט. חיים האָט זיך געוואָלט דערמאָנען אָן דער תורה פון זיין חלום. האָט ער אָבער קיין איינציג ייִדיש וואָרט ניט געקענט אויפן מוח אַרויפברענגען. עפּעס אַ בלינדער סטיכייאישער טויטשרעק האָט אים באַהערשט. איז ער פּלוצים מיט אַ ווילדן געשריי אויפגעשפּרונגען און זיך געלאָזט אָהן אַ אָטעם לויפן ווייטער אויף דער לאַנקע האַרט ביים וואַלד. אין דעם סטיכייאיש בלינדן טויטשרעק איז ער מיט די לעצטע כחות געלאָפן אַלץ ווייטער און ווייטער, מורא האָבנדיג וויפיל ס'ניט איז זיך אומקוקן, גלייך ווי גאַנצע מחנות וואָלטן אים נאָכגעיאָגט. וואָס ווייטער ער איז געלאָפן, אַלץ סטיכייאישער און בלינדער איז געוואָרן זיין שרעק, וואָס האָט אים געטריבן אַלץ ווייטער און ווייטער.

לויפנדיג האָט ער זיך אָנגעשלאָגן עפּעס אָן אַ בערגל און איז געפאַלן אויף דער לינקער זייט, וואָס האָט אָנגעהויבן אַזוי שמערצנדיג צו נאָגן. איז ער אָבער אין איין רגע אויפגעשפּרונגען און זיך געלאָזט אָהן אַ אָטעם לויפן אַלץ ווייטער און ווייטער....

נאָך פּאַר באַגינען איז ער געפאַלן אָהן כחות ערגעץ נעבן אַ בוים. זיין שרעק איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן. ער וואָלט אפשר איצט פון זיך אַליין געלאַכט, איז ער אָבער געווען אַזוי מיד און צעבראָכן, אַז ער האָט ממש קיין כוח ניט געהאַט עפּעס וואָס אַ קלער צו טון. טאַקע יעדעס גליד האָט אים גע־נאָגט. אַ קאַלטער שוויס האָט זיך פון אים געגאָסן. אויף די שלייפן האָבן זיך די אָדערן אָנגעגאָסן און געקלאַפּט ווי מיט האַמערס אויף דעם שאַרבן. ס'האָט אים געוואָרפן אין קעלט— ער האָט געציטערט מיט דעם גאַנצן קערפּער. איז אויף אים ווייטער אַ זיסע מידקייט אָנגעפאַלן און פאַרטונקלט דעם מוח. אויפן פּנים האָט זיך באַוויזן דער פיינליך־נחתדיגער שמייכל פון אַ מידן און צעבראָכענעם מענשן. חיים האָט זיך געשטאַרקט און פעסט געקלערט, אַז ער מוז די רגע אויפשטיין. אַניט קען ער נאָך ווייטער אַנשלאָפן ווערן ווי פריהער. ער האָט זיך אָבער מיט קיין איין אבר ניט געקאָנט אַ ריר טון. האָט ער זיך אָנגעשטרענגט און זיך אַנידערגעלעגט אויף דער לינקער שמערצנדיגער זייט, אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע הענט דעם קאָפּ און געקוקט מיט אָפענע אויגן צו דער לאָנקע. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז אַזוי ליגנדיג, וועט ער נאָר אַ ווײלע אויסרוהען און גלייך אויפשטיין.

דערווייל איז שוין דער הימל שטאַרק בלאַס געוואָרן. שטילע ווינטלעך האָבן זיך סודותדיג פאַרוואונדערט געשושקעט: די זון רייסט זיך ווידער אין דער הויך צום הימל. האָבן זיך די גראָזן מיט מאַרגנטוי באַדעקט און הויך־אויסגעשטרעקטע בוימער האָבן מיט די שפּיצן קוים געשאָקלט: זאָל זי נאָר שוין

קומען, אַ דאַגה — דעם סוף וועלן מיר שפּעטער זעהן. פון יענער זייט וואַלד האָט זיך שוין דער האָריזאָנט אָנגעצונדן.

חיים האָט ערשט איצט באַמערקט, אַז ער געפינט זיך ניט ווייט פון אַ ישוב. פון יענער זייט לאָנקע רעכטס אין ווייטן האָריזאָנט האָבּן אַ סך הייזער געשימערט. מענשן האָבּן שוין דאָרט אָנגעהויבּן אַפּנים אויפשטיין און באַוועגן זיך — פון קוימענס האָט זיך שוין געטראָגן אַ רויך, וואָס מ׳האָט אים פונדערווייטנס געקענט קוים־קוים זעהן. אָט זיינען פון דאָרט אַרויסגעפאָרן עטליכע פורן, וואָס זיינען געפאָרן אין ווייטן האָריזאָנט, לינקס פאַרבּיי דער לאָנקע. פּלוצים איז פון איין פור אַראָפּגעשפּרונגען אַ מענש און זיך געלאָזט צופוס אויף דער לאָנקע צום וואַלד צו. צוגייענדיג נעהענטער און דערזעהענדיג חיימען, האָט דער מענש אין גרויס התפּעלות אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און פריילוך אויסגעשריען:

— ר׳ חיים, ר׳ חיים! פון נעכטן אָן הערן מיר דאָך ניט אויף אייך צו זוכן. טאַקע אַ דאַנק דעם אויבּערשטן.... וואָס קוקט איר עפּעס אַזוי אויף מיר — איר האָט מיך דען נישט דער־קענט, דאָס בין איך דאָך — משה מרדכי....

חיים איז נאָך געווען שטאַרק מיד און צעבּראָכן. ער האָט זיך קוים אויפגעזעצט אויף דער ערד און געוואָלט עפּעס זאָגן — אַז משה מרדכי האָט אָנגעהויבּן האַסטיג צו לויפן צוריק, און לויפנדיג עמיצן פונדערווייטנס געווונקט מיט די הענט, דערבּיי האָט ער הילכיג און פריילוך עפּעס געשריען. אין עטליכע מינוט אַרום האָט חיים אין גרויס פאַרוואונדערונג דערזעהן, אַז משה־מרדכי קערט זיך אום צוריק צו דער לאָנקע און נאָך אים גייט אַ אומגעהויער גרויסער עולם. משה־מרדכי גייט פאַר פריהער, פירט דעם עולם און ווייזט מיט די הענט אויף דעם אָרט, וואו חיים איז געלעגן.

איז חיים אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, אָפּגעגאַנגען עט־

ליכע שריט טיפער אין וואַלד און זיך באַהאַלטן דאָרט צווישן די בוימער. אומבאַמערקט האָט ער זיך נאָר פון דער זייט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם צוגעקוקט ווי הינדערטער מענשן שיטן זיך אויס אויף דער לאָנקע. דאָס זיינען געווען די זעלבע מענשן, וואָס זיינען נעכטן מיט גרויס שמחה און געזאַנג נאָכגע־גאַנגען נאָך יוסעלעס מטה אויף דער לויה. איצט זיינען ביי אַלעמען געווען אָנגעשטרענגט זוכנדיגע פנימער. אַלע האָבן זיך געצויגן נאָך משה־מרדכין צום אָרט צו, וואו חיים איז פריער געלעגן. ניט געפינענדיג אים דאָרט, האָט משה־מרדכי הילכיג אויסגערופן:

— כ'האָב אים דאָך נאָר וואָס דאָ מיט מיינע אייגענע אויגן געזעהן. ער מוז דאָ ערגעץ זיין.

משה־מרדכי האָט אָנגעהויבן אויף אַ קול צו רופן:

— ר' חיים, ר' חיים!...

ביי חיימען האָט דאָס האַרץ פאַרחלשט, ער האָט טאַקע ניט אויסגעהאַלטן און איז האַסטיג צום עולם אַרויסגעלאָפן אויף דער לאָנקע.

צוערשט האָט דער עולם פון שרעק און וואונדער אויס־געשריען, באַלד אָבער זיינען אַלע אַנטשוויגן געוואָרן און אָנגע־שטרענגט ווי אויף עפעס געוואַרט.

חיים האָט אויף אַ קול געזאָגט:

— יידן, איך בין פון אייך אַנטלאָפן, נאָר מיין תורה איז ביי אייך געבליבן. דאָס איז ניט מיין תורה, נאָר די תורה פון אַלע וועלטן, פון אייביג ביז אייביג. איר אַלע, גרויס און קליין, ווער עס עפנט נאָר אויף די אויגן, דערזעהט דאָך אַליין דעם ליכטיגן אמת פון אין עוד מלבדו. יידן! משה אמת ותורתו אמת — משה איז אמת און זיין תורה איז אמת. אָבער ביי יידן איז שוין מער ניט אויפגעשטאַנען אַזאַ נביא ווי משה. חיים גראַהויצער איז שקר, נאָר זיין תורה איז אמת. און ער

האָט נאָך אַמאָל איבערגעחזרט, אויסשרייענדיג מיט אַלע כחות יעדעס וואָרט: חיים גראַוויצער איז שקר, נאָר זיין תורה איז אמת. און אַז איר וועט זיך איינקוקן אין דעם נמאסן שקר פון חיים גראַוויצער, וועט איר אויך דאָרט דערזעהן דאָס אייביגע ליכט פון אין עוד מלבדו, וואָרום ס'איז יידן, טאַקע גאָר אין עוד מלבדו...

אַלע האָבן אָנגעשטרענגט געשוויגן. נאָר אין רעכטן מיטן עולם האָט עפּעס אַ בייז קול געבּרענט און געפלאַקערט. חיים האָט זיך אומגעקוקט און דערזעהן: נחום, די שאַרפע יאַרמולקע, האָט זיך אין דער לופט געהויבן איבער אַלעמעס קעפּ, אָנשפּאַרנ־דיג זיך מיט די קניעס אָן עמיצנס פּלייצעס. איינגעע האָבן אים מיט די הענט פון דער זייט אונטערגעהאַלטן, און ער, — די שאַרפע יאַרמולקע, האָט געוויזן מיטן פינגער אויף חיימען און געוואָרפן אים אין פּנים בריהענדיגע ווערטער, ממש ווי די גליהענדיגע רויטע אייזערנע קוילן:

— אָט דאָס איז ער, דער נחש הקדמוני. אַליין איז ער אַ שלאַנג מיט גיפט און טומאה און אַנדערע הייסט ער זיין נאָך הייליגער, ווי גאָט האָט געהייסן. דער נחש הקדמוני וויל אונטער־וואַרפן יידישע נשמות אין דער הויך, זיי זאָלן וואָס גיכער, רחמנא לצלן, זינקען אין תהום. ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו וואַרטן אויף תחית המתים, געפירט יידן באַגראָבן דעם טויט און אַליין איז ער ווי אַ פּושע ישראל אַנטלאָפן פון בית־עולם אָהן אַ פּונק אמונה. ווי אַ הפקר־יונג האָט ער זיך אַפילו ניט געקאָנט איינהאַלטן צו זאָגן נאָכן נפטר קדיש פאַר זיין ליבן נאָמען... אָט דאָס איז ער, דער מסית ומדיח! מיט זיסע הייליגע רייד וויל ער אַראָפפירן כנסת ישראל פון דעם ריכ־טיגן וועג, וואָס דער אויבערשטער האָט אונז געגעבן דורך אמתע נביאים און קדושים... אַזאַ מענשן האָט די תורה הקדושה געהייסן פאַרשטיינערן: דו, מסית ומדיח, דו טאָרסט ניט שטיין אין די ד' אמות פון אַ יידן. מסית ומדיח!..

חיים איז טויט בלאַס געוואָרן. ווי אַ פאַרלאָרענער האָט ער זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן מיט ווילד אויסגעגלאָצטע אויגן. די האָר האָבן זיך אים קאַפּויר געשטעלט. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטער מיט אַ ברייט געעפנט מויל און קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען. באַלד האָט ער אָבער אין זײַנע אומגעהויערע ליידן אויפגעקאָכט. מיט איין קער האָט ער צעריסן דאָס העמד אויף דעם לײַב און אין גרויס יאוש האָט ער געבעטן און געשריען אַרויסשטעלנדיג זײַן נאַקעטע ברוסט:

— נאַט, יידן, פאַרשטיינערט מיך. האָט רחמנות, יידן, פאַרשטיינערט מיך וואָס גיכער—אָט איז אייך מײַן ברוסט. איך קען מײַנע זינד ניט אַריבערטראָגן. יידן, יידן, ראַטעוועט מיך...

ער האָט זיך אָנגענומען מיט בײַדע הענט פאַרן קאָפּ, איז ווי אַ באַטויבטער געלאָפן אַהין און צוריק און האָט געשריען מיט דעם מאוימדיג הילכיגן קול פון אַ טויט־פאַרוואונדעטן:

— יידן, רחמנים בני רחמנים, מאַכט אַ סוף פון חיים גראַ־וויצער, פון זײַן גרויס אומגליק, צעטרעט אים מיט די פיס. ווער עס האָט נאָר גאָט אין האַרצן, זאָל אַ שטיין אויף מיר וואַרפן... יי—דען, יי—ד—ע—ן... האָט רחמנות.

ער האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און געזוכט מיט די אויגן צווישן דעם עולם.

— נחום, נחום — וואו ביסטו? דו האָסט דאָך דער ער־שטער דערזעהן אין מיר דעם נחש הקדמוני. וואָס זשע שווײַג־סטו? דו זאָלסט דאָך דער ערשטער אין מיר אַ שטיין וואַרפן.... נחום, נחום — פאַרוואָס רופסטו זיך ניט אָפּ? וואוהין האָסטו זיך באַהאַלטן? וואו ביסטו — נחום, נחום?...

ער האָט פאַרצווייפלט געזוכט נחומען, גלייך ווי די גאַנצע ישועה איז אין נחומען געלעגן. האָט שוין חיימען אָנגענומען אַ ברענענדיגער פאַרדרוס, למאי נחום רופט זיך ניט אָפּ.

— נחום, נחום...

ס'האָט אים אַזוי פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון ווייטאָג, אַז ער האָט אויף די פיס ניט געקענט איינשטיין. האָט ער זיך ווי אַ פאַרלאָרענער געזעצט אויף דער ערד מיט דער צעבראָכענער ברוסט, האָט זיך געריסן מיט די הענט צום עולם און האָט זיך אַזוי ביטער פאַרצווייפלט צעוויינט אויף אַ קול. אַלע זיינע גלידער האָבן זיך קראַמפנדיג געוואָרפן, ער האָט געוויינט אָהן אַן אויפהער. עפּעס האָט ער געוואָלט זאָגן, נאָר די ווערטער האָבן זיך געשטיקט אין דעם מאוימדיגן הילכיגן געוויין. ממש די לאָנקע האָט זיך געלעגט. דער עולם האט פון שרעק און רחמנות אַ ציטער געטאָן. ער האָט גאָר ניט געקענט קומען צו זיך. דאָס וויינען האָט אים געוואָרפן און געשליידערט אין קראַמף.

צווישן דעם עולם איז פּלוצים פון די הינטערשטע רייעס אַרויסגעגאַנגען לאהלע און זיך געלאָזט גלייך צו חיימען. ווי בשעת דער לויה האָט זי עפּעס מאָדנע געשטראַלט. זי איז געגאַנגען אין דעם זעלבן צניעותדיג־ווייסן קאָפּטיכל מיט דעם ברוסטקינד אויף דער לינקער האַנט. איז זי צוגעגאַנגען צו חיימען מיט אַזאַ מיטלייד, אַזאַ ברענענדיגן מיטלייד, אַז ביי חיימען איז דאָס האַרץ ווייכער געוואָרן. מיט אַ שטראַלנדיג פּנים האָט זי גענומען דאָס ברוסטקינד פון דער האַנט און עס מיט אַ ברענענדיגער איבערגעבנקייט געלעגט פאַר חיימען אויף דער ערד. און חיים האָט פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און שוין געוויינט מיט שטילע האַרציגע טרערן.

האָט זיך דער עולם ווי אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן מיט גרויס התעוררות דעם באַקאַנטן חיים גראַוויצערס ניגון. דער ניגון איז איצט אַזוי פול מיט רחמנות און ציטערדיגער וואַרעמקייט פון יידישע צעבראָכענע הערצער. דער ניגון טראָגט זיך פון טויזנטער ברוסטן און בעט רחמים אויף פאַרוואָגלטע נשמות, ליידנדיגע הערצער.

— מרא דעלמא כולא, מרא דעלמא כולא!

מיט גרויס מסירות־נפש ברעכט דער ניגון אייזערנע ווענט, רייסט דורך שטיינערנע פעלזן און דערלאַנגט הכנעהדיג צום כסא הכבוד.

— רחום וחנון!

— דערבאַרעמדיגער גאָט!

די הייסע כוואַליעס פון דעם תפילה־געזאַנג הויבן אויף חיימס נשמה העכער און העכער אין אַלץ שטילערע וועלטן, אָט אַזוי דערלאַנגט מען אַלץ נעהענטער צו דער ליטערער שטילקייט, וואו אַלץ ווערט אין גרויס ביטול און מתיקות אַנט־שווינן און פאַרשוואונדן. און טאַקע צוזאַמען מיט דעם אויס־גייענדיגן געזאַנג איז חיימס נשמה עפּעס ווי פּלוצים שוין אַריין אין דער אייביגער רוה פון דער ליטערער שטילקייט, וואו אין איין רגע צעגייען און פאַרשווינדן אַלע אָנהויבן און סופן...

---

די זון האָט שוין העל געלויכטן איבער הימל, ווען חיים האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין לאַנגען טיפן שלאָף נעבן דעם ביים, וואו ער האָט פאַר באַגינען געלעגט זיך נאָר אַ ווײלע אָפּרוהען. חיים האָט נאָך ליגנדיג זיך אומגעקוקט אויף דער לאָנקע אין דער רעכטער זייט פון האָריזאָנט. דאָרט איז ניט געווען אַפילו קיין זכר פון אַ ישוב, וואָס ער האָט אין חלום געזעהן. ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער ערד מיטן פּנים צו דער לאָנקע, האָט זיך עפּעס פאַרטראַכט און שטרענג פאַרטיפט געקוקט. פאַר דער נאַכט איז אין אים פאָרגעקומען יענער איבער־ברוך, פון וואָס די נשמה האָט באַקומען אַ נייע פאַרצווייפלט גבורהשע שטאַרקייט. עפּעס האָט זיך אין אים פאַרהאַרטעוועט און אויסגעגלייכט. ווי גליהענדיג ווייך אייזן, וואָס קילט זיך אָפּ און ווערט שוין ווידער אייזן פעסט. ניט וואָס אין אים זיינען

פאַרשוואונדן דאָס געפאַלענע און אָפּגעשטויסענע, דער ביטע־רער צווייפל און אינערליכע פאַרלאָרנקייט, נאָר זיי אַלע האָבן זיך פאַרטיפט און דערלאַנגט צו זייער שרש אין דער נשמה. און די נשמה אַליין האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט נייע כחות, מיט נייעם מסירות־נפש און קען שוין טראָגן די גאַנצע אומער־טרעגליכע משא פון אוממענשליכע יסורים אין צעבראָכנקייט. אָט אַזוי האָט זיך אין חיימען אויפגעוועקט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים שפּעטער אַוועקגעפירט אין מאָדנע אומגעריכטע דרכים און האָט געבראַכט צו אַזוינע מאָדנע מעשים, פון וואָס אַלע האָבן דערנאָך אַזוי געגאַפט. נאָך דעם ביזן מכול פון נאַכט־חלומות, נאָכן שלאַקרעגן פון דמיונות און שרעק־גע־שטאַלטן האָט די נשמה זיך עפּעס אויסגעלייטערט און אַ נייע זון געלאָזט אין זיך אויפגיין. כאָטש אין איר זיינען נאָך גע־בליבן אַזוי פיל ניט אויסגעטריקנטע טרערן און אויסגעריסענע וואָרצלען זיינען נאָך געלעגן ווי פון אַ שווערן דונער צעדרויבלט.

זיצנדיג האָט חיים עפּעס געזוכט מיט די אויגן אויף דער לאָנקע. טאַקע ניט גאָר ווייט פון דער לינקער זייט האָט ער דערזעהן אַן אַלט הילצערן בריקל, אונטער דעם האָט זיך שטיל געטראָגן פליסנדיג וואַסער. איז ער אויפגעשטאַנען, אַראָפּ־געלאָזט זיך אונטערן בריקל און טובל געווען די הענט אין וואַ־סער. און אָפּווישנדיג זיך די הענט מיט דער פּאַטשיילע, האָט ער זיך פאַרגאַרטלט און אָנגעהויבן אויף אַ קול ברכת השחר.

זיין קול איז געווען מאָרנע זאַפטיג און גבורהש קרעפ־טיג, כאָטש אין אים האָט זיך געהערט דער ציטער פון יאוש־דיגער פאַרפאַלנקייט. און אנשלאָגנדיג זיך אָן דעם שטאָל און אייזן פון זיין געפאַלענער נשמה, האָט דאָס קול ווי אויס־געשלאָגן פון אָט דעם האַרטן און קאַלטן אייזן עפּעס נייע אומערוואַרטע פונקען, פון וואָס די גאַנצע נשמה האָט זיך צי־

טעריג אָנגעצונדן. האָט זיך שוין דאָ עפּעס אומגעריכטס גע־טראָפן.

אָנהויבנדיג פון מודה אני, שוין פון די ערשטע ווערטער, האָט חיים דערזעהן אין יעדן תפלה־וואָרט גאַנצע אוצרות פון ליכט און פייער. אָפענע העלע סודות, וואָס ממש אַ אויג קען ניט אַרומנעמען. ער האָט יעדעס וואָרט זיך אַליין פאַרטייטשט און איבערגעחזרט. איין מאָל און נאָך אַמאָל — טאַקע גאָר ניט צעשיידן זיך מיט דעם געטליך רייכן תפילה־וואָרט. אַזוי האָט ער מיט גליהענדיגער כונה אָנגעהויבן:

— מודה אני לפניך, כ'בין מודה פאַר דיר, כ'בין...

— לפניך, פאַר דיר!...

ווי אַ בליץ איז ביי אים דורכגעלאָפן אין קאָפּ דעם רבינס גרויסער מאמר וועגן דעם ענין פון מודה זיין זיך. האָט זיין דורש־טיגע נשמה אין איין רגע איינגעשלונגען דעם גאַנצן מאמר און זיך פאַרקליבן אין די תפילה־ווערטער נאָך טיפער און נאָך טיפער — שוין גאָרניט אויסצושעפן. טאַקע אין אומגעהוירער שמחה איז ער געקומען, ווען ער האָט דערלאַנגט צו די ווייטער־דיגע ווערטער:

— מלך חי וקים!

האָבן זיך פון די ווערטער אַ שאָט געטאָן גאַנצע סנאָ־פּעס ליכט. ער האָט זיך פון התפעלות ממש צו דער ערד געבויגן. איז ער אַרויסגעשפּרונגען אויף דער מיט לאָנקע און מיט גרויס שמחה געשריען:

— מלך חי וקים!

די לאָנקע האָט זיך אַפילו ניט אַ ריר געטאָן. זי האָט פאַר־גאַפט געלויכטן אַקעגן דער זון און אין ליכטיגן ביטול זיך אויסגעשטרעקט צווישן וואַלד און האָריזאָנט. אַפילו אַ טויבער האָט געקענט הערן די כלות־הנפשדיג שטילע שירה פון די ביימער און די גראָזן.

און מיט דער גאַנצער חוצפּה פון מסירת־נפשדיגער שמחה האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— כ'בין דאָך סך־הכל, גאָט, נאָר אַ געפאַלענער. נאָר דו קענסט מיך וואַרפן נאָך נידעריגער פון שאול־תחתיה, אַבי נאָר מיינע ליפּן זאָלן קענען זאָגן:

— מלך חי וקים...

— מלך חי וקים...

האָט איצט פון די ווערטער אַ שלאָג געטאָן אַ אומגע־הויערער קוואַל פון זודיגער שמחה. ער איז קוים איינגעשטאַנען אויף די פיס. אין איין רגע האָט ער צוזאַמענגעלעגט די הענט, אויפגעהויבן זיי לינקס פון פנים איבערן קאָפּ און זיך געלאָזט טאַנצן אויף דער העל לויכטנדיגער לאָנקע. טאַקע יע־דער אבר האָט געצוקט פון זודיגער שמחה. און טאַנצנדיג האָט ער מיט די ליפּן געפּליסטערט די הייליגע ווערטער און פאַרחלשט געטרונקען פון דעם שטאַרקן קוואַל, וואָס האָט זיך אין זיי געעפנט.

— מלך חי וקים...

איז ער זיך שוין פאַנאַנדערגעגאַנגען גאָר אויף דעם אַלטן שטייגער. אָט וואַרפט ער אַראָפּ גאַרטל און קאַפּאָטע, און געבליבן אין ברייטן טלית־קטן, וואַרפט ער זיך ערשט רעכט אין דעם אומגעהויערן פייערדיגן טאַנץ.

פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און האַלב דערשראָקן און פאַרשעמט זיך אַרומגעקוקט. איז ער בײַ זיך אַזוי אַראָפּגע־פאַלן, אַז דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט. געשווינגן און פאַרטראַכט האָט ער אָנגעטאָן די קאַפּאָטע, זיך פאַרגאַרטלט און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך געלאָזט גיין אין וואַלד. נעבן וואַלד האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים און פאַרטראַכט. ווידער איז ער מיט אַ בייזן געלעכטער אויף זיך אָנגעפאַלן.

— רשעים, אַפילו אפּתחא של גיהנם אינם חוזרים—רשעים האָבּן ניט קיין חרטה, אַז זיי שטייען אַפילו שוין אויפן טיר פון גיהנם. נאָר ער, חיים, טוט זיך ניט אַ ריר אַפילו, ווען ער ברענט טיף אין גיהנם אַליין. ווי לאָזט זיך דאָס אַ ייד נאָך אַזאַ שטראָף ווייטער צו שכורן מיט גאָטס נאָמען. וואָרום, ווען ניט שכרות, ווען ער וואָלט דערהערט מיט אַן אמת דעם „מלך חי וקים" — וואָלט ער דאָך געקענט טאַנצן ניט נאָר אויף דער לאָנקע, נאָר אויך אויפן קבר פון זיין בן־יחיד. אויף שכורן איז ער טאַקע אַ בריה, נאָר רירט מען נאָר אָן זיין גוף, ווערט ער ערגער פון אַ פּושע־ישראל. פאַרשטייסט, חיימקע! ווער ווייס דען ניט די מעשה פון דער יידענע מיט די זיבן קינדער. אַ פּשוטע יידענע, וואָס טאַנצט ניט אויף קיין לאָנקעס, נאָר גלויבט פּשוט אָן דעם אויבערשטן. האָט זי טאַקע מיט רוהיגן מסירת נפש געטראָגן צום טויט איין קינד נאָכן אַנדערן. נו, איז לכן? גוט, חיים איז אַ געפאַלענער, אָבער וואָס וויל אַ גע־פאַלענער דאָ אויף דער לאָנקע? אַ געפאַלענער מיט אַ לאַנ־גער שוואַרצער באָרד, וואָס ציהט זיך אָקאָרשט ביז צום גאַרטל... וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?...

האָט זיך ביי אים ווייטער דאָס פּנים פון איינגעהאַלטענעם צער פאַרקרימט. און אָנגעשפּאַרט זיך אָן אַ בוים, האָט ער זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. איז אים געקומען אויפן זינען די מוראדיגע מעשה פון ר׳ אליעזר בן דורדיא. ער האָט אין גאַנצן אַ ציטער געטאָן. האָט ער אַריינגעשטעקט די רעכטע האַנט אין גאַרטל און אָנגעהויבן איבערחזרן אויף אַ קול די דאָזיגע ניט געוויינליכע גמרא־מעשה, פאַרטייטשנדיג דערביי יעדעס וואָרט מיט אַ שטרענג איינגעהאַלטענער פאַרקאָכטקייט.

...און אַז ער, דער זינדיגער ר׳ אליעזר בן דורדיא, האָט דערהערט, אַז ס׳זיינען פאַר אים פאַרשלאָסן אַלע טויערן פון תשובה, איז ער געגאַנגען און האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן

צוויי בערג. ער האָט געזאָגט: „בערג און בערגלעך, בעט אויף מיר רחמים". האָבן זיי אים געענטפערט: „נאָך איידער מיר וועלן בעטן אויף דיר, מוזן מיר אויף אונז אַליין רחמים בעטן, וואָרום ס'שטייט דאָך, אַז די בערג וועלן זיך אָפּטאָן און צעפאַלן וועלן די בערגלעך". האָט ער געזאָגט: „הימל און ערד, בעט איר אויף מיר רחמים". האָבן זיי אים געענטפערט: „נאָך איידער מיר וועלן בעטן אויף דיר, מוזן מיר אויף אונז אַליין רחמים בעטן, וואָרום ס'שטייט דאָך, אַז הימלען וועלן ווי רויך צעגיין און צעפוילט וועט ווערן די ערד". האָט ער געזאָגט: „זון און לבנה, בעט איר אויף מיר רחמים". האָבן זיי אים געענטפערט: „נאָך איידער מיר וועלן אויף דיר בעטן, מוזן מיר אויף אונז אַליין רחמים בעטן, וואָרום ס'שטייט דאָך, אַז ס'וועלן צעקריכן אַלע חילות פון די הימלען". האָט ער, רב אליעזר בן דורדיא, געזאָגט: „די זאַך הענגט ניט אָפּ פון קיינעם, נאָר פון מיר אַליין". ער האָט געלעגט דעם קאָפּ צווישן די קני און האָט אַזוי לאַנג געוויינט, ביז די נשמה זיינע איז פון אים אַרויס. איז אַרויס אַ בת־קול און האָט געזאָגט: „רב אליעזר בן דורדיא איז גרייט צו עולם הבא"...

חיים האָט נאָך אַמאָל איבערגעחזרט:

– האָט ער געוויינט ביז די נשמה זיינע איז פון אים אַרויס.

– ביז די נשמה זיינע איז פון אים אַרויס...

חיים איז אַ ווייַלע אַנשוויגן געוואָרן און אַ קלער געטאָן, אַז דער מיטלער רבי האָט אויף דערויף אַזוי געזאָגט. הימל און ערד, הרים וגבעות, דער גאַנצער סדר פון וועלט און וועלטן האָבן אים שוין ניט געקענט העלפן – אַזוי טיף איז ער געפאַלן. האָט ער געמוזט דערלאַנגען צו אַ מדרגה, וואו נשמות גייען אויס – אַ מדרגה, וואָס איז העכער פון וועלטן און נשמות. טאַקע די מדרגה פון יחידה שבנפש. דער ענין דערפון איז, וואָס...

ביי חיימען האָבן זיך אין איין רגע איבערגעריסן די מחשבות. ער איז פלוצים אויפגעזאָדן געוואָרן. דער אָטעם האָט אים פאַרכאַפּט. דאָס בלוט האָט זיך אים אין קאָפּ אַ גאָס געטאָן. אויף די שלייפן האָבן זיך די אָדערן אָנגעגאָסן. איז ער אָפּגעשפרונגען פון בוים אויף דער מיט לאָנקע, האָט אויסגעשטרעקט פאָראויס צוזאַמענגעפּרעסטע פויסטן, און קריצנדיק ממש מיט די ציין, האָט ער געשריען:

— ניין! כ׳וועל דיר, רבונו של עולם, מיין נשמה ניט אָפּגעבן, כל זמן דו אַליין וועסט זי ניט צונעמען. און אַז דו וועסט פאַרשליסן פאַר מיר אַלע טויערן פון תשובה, וועל כ׳זיי מיט מיין קאָפּ צעברעכן. כ׳בעט נישט קיין רחמים, ווייל כ׳בין נישט ווערט קיין רחמים. אָהן רחמים און אָהן עולם הבא וועל איך ווי אַ וואָרעם קריכן פאַר דיר אויף דיין הייליגער ערד. כל זמן איך קען נאָך אַ קאַפּיטל תהילים זאָגן, וועל כ׳דיר מיין נשמה ניט אָפּגעבן. כ׳בעט נישט קיין רחמים און כ׳וויל ניט קיין עולם־הבא. אַ פאַרלאָרענער, אַ געפאַלענער, אַ פושע־ישראל, כ׳וויל דיר דינען מיט וואָס איך פאַרמאָג. הימל און ערד — איר בעט נישט קיין רחמים אויף מיר. איר זענט נאָר עדות, אַז אין אונז, ווי אין אַלעמען, לעבט ער, נאָר ער אַליין. אין עוד מלבדו! חיים האָט ווי ניט פון זיך אַ געשריי געטאָן: „אין עוד מלבדו!“. ניין, ניין! כ׳וועל דיר מיין נשמה ניט אָפּגעבן. כ׳האָב, רבונו של עולם, נאָך צייט. מיר וועלן זעהן... מיר וועלן זעהן..

פלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַנשוויגן געוואָרן. אין איין רגע האָט זיך די שטילע גליהעניש פאַרטיפט אין זיין נשמה, זיך פאַרפעסטיגט און פאַרמאַכט. זיין פנים איז שוין געוועזן רוהיג שטרענג און אַנטשלאָסן. פאַמעליך איז ער צוגעגאַנגען צו אַ נאָהענטן בוים און אָפּגעבראָכן אַ צווייג. רוהיג און געלאַסן האָט ער אַרומגעבראָכן די שפיצן פון דעם צווייג, פון אים האָט ער באַלד געמאַכט אַ שטעקן. האָט ער גענומען

אָט דעם שטעקן אין דער רעכטער האַנט, און נאָך איידער ער האָט אַ טראָט געטאָן, האָט ער אַ קער געטאָן דעם קאָפּ נאָך הינטן און אַנטשלאָסן געזאָגט:

— ניין, ניין, ניין! כ'וועל דיר מיין נשמה ניט אָפּגעבן. כ'האָב נאָך צייט. און איצט גיי איך אין אַ נאָהענטן ישוב קדיש זאָגן נאָך מיין זון. מיר וועלן נאָך זעהן...

ער האָט צורעכט געמאַכט דעם גאַרטל, אָנגערוקט דאָס היטל אויף דער יאַרמולקע און זיך געלאָזט גיין. רוהיג און געלאַסן איז ער געגאַנגען ביים ראַנד לאָנקע, האַרט אַרום וואַלד. ער איז געגאַנגען גלייך און האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט.

אויף דער לאָנקע האָבן נאָך געהילכט די גליהענדיגע געשרייען. ערגעץ־וואו אין וואַלד האָבן זיך נאָך געקייקלט די לעצטע ברעקלעך פון די אָפּקלאַנגען. און דער הויך־אויסגעשטרעקטער בוים מיטן אָפּגעבראָכענעם צווייג האָט ליכטיג געשמייכלט אַקעגן דער זון. אַ אָפּגעבראָכענער צווייג? — אַ דאַגה אַ גרויסע! אַזוי פיל צווייגן, אַזאַ בוים, אַזוי פיל זאַפטיגע וואָרצלען — וואָס ווערן זיי מתפּעל! איז די העל לייכטנדיגע לאָנקע נאָך שטילער געוואָרן, און נאָך איידער זי האָט אין זיך איינגעזאַפּט די אויסגייענדיגע קולות, איז ער שוין פאַרשוואונדן פון די אויגן.

חיים גראַוויצער איז שוין ערגעץ ווייט זיין וועג געגאַנגען.

---

## II. באגעגעניש מיט טשערנאבילער חסידים

מיט אים האָבן זיך געטראָפן מאָדנע אומגעריכטע מעשׂים. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אומבאַמערקט און אָט ווי אַזוי.

גייענדיג פון לאָנקע צו אַ יידישן ישוב, האָט ער שוין גע־פילט די מאָדנע זיכערקייט און די לוסטיגע גרייטקייט פון אַ מענטשן מיט אַ אייזערנעם רוקן, וואָס לאָזט זיך גערולדיג און נייגעריג וואַרפן אויף די פּלייצעס אַ אומערטרעגליכע משא. אָט, דוכט זיך, ברעכט זיך דער רוקן, די אָדערן פּלאַצן און בלוטן... נאָר אין איין רגע גלייכט זיך אויס דער כלומרשט צעבראָכענער רוקן, די ברענענדיגע שמערצן צעגיסן זיך איבער אַלע גלידער און, ווי שטאַרקער וויין, רייצן זיי און פאַרשיכורן דאָס זודיגע בלוט. חיים האָט שוין אויך געפילט, אַז ער האָט אייגנטליך אַלץ פאַרלאָרן. דאָס ניט ווילנדיגע, דער פינסטערער „עפּעס", מיט איין וואָרט, דער גאַנצער חיים בעל־הגוף האָט אים גע־שלעפּט צו דער ערד און געוואָרפן אין אָפּגרונט. אין חב"ד האָט ער שוין ניט וואָס צו טון. ער האָט דאָך ניט נאָר פאַר־שוועכט, נאָר אויך פאַרלאָרן דאָס הייליגע געזאַנג פון אין עוד מלבדו, וואָס איז דאָך די נשמה און דער תכלית פון עבודה. ער קען זיך אַפילו נאָך אויפהייבן פונם אָפּגרונט און זיך דראַפּען אויף די הייליגע בערג. נאָר צו וואָסער באַרג ער זאָל ניט קומען און ווי הויך ער זאָל אויף אים ניט דערלאַנגען, איז

פריהער נאָך גראָבט הײם דער בעל־הגוף אונטער דעם באַרג אין ער פאַלט, חלילה, מיט דעם הײליגן באַרג אינאײנעם צוריק אין אָפּגרונט. דאָס איז דאָך דער ענין פון ונוקב שם ה' — אַ פּושע ישראל קען כביכול לעכערן זײן הײליגן נאָמען. אַ מענש, אַז ער פאַלט, — פאַלט דאָך מיט אים דער צלם אלקים. וואָס זשע זאָל ער טון? וואוהין זאָל ער גײן? ניטאָ, לחלוטין ניטאָ קײן וועג. דאָס אַלטע פאַרלאָרן און קײן נײעס ניט געפונען. ער האָט זיך אָבער אײן מאָל פאַר אַלע מאָל געלאָזט גײן. וואוהין ער וועט קומען, וועט מען נאָך זעהן, אַ דאגה—אַבי ניט שטײן אויף אײן אָרט...

ס'איז שוין טאָג. און אַ מאָדנע זאַך. בײ דעם ביטערן יאוש פון זײן געפאַלנקײט, האָט ער ווי בשעת דער „גרויסער שרפה" געפילט כאָטש אויף אַן אַנדער אופן די מאַימדיגע פאַרפאַלנקײט און די פאַרשיכורנדיגע אַנטשלאָסנקײט פון אַ מענשן, וואָס רײסט זיך אַרויס פון דעם נעכטן, „פון דעם ארום", פון דעם אײגענעם גאַנצן „איך" און לאָזט זיך אין אַ אומערטרעגליך אָפענער אומבאַשטימקײט. די ווכנדיגע פאַרשמאַכטקײט פון אַ אײנזאַם פאַרבלאָנדזשעטן, די פײנליכע נײגעריגקײט פון אַ ניט וויסן, וואָס מאָרגן וועט זײן — האָבן אים געשראָקן און גע־צויגן, געפײניגט און געהויבן. דערהויפּט האָט זיך עפּעס אַ שטילע גליהעניש קוויקנדיג: געצאַפּלט אין אַ פאַרבאָרגענעם אָפּגרונט פון זײן נשמה, האָט שוין געשלאָגן נײע וואָרצלען אין אַ נײעם באָדן. און כאָטש ס'איז נאָך ניט געוואַקסן, נאָר די בשורה פון דעם קומענדיגן וואוקס האָט שוין פאַרבאָרגן אומ־באַוואוסט געקוויקט די נשמה, זי געהויבן און געשטאַרקט ווי די פרישע ריחות פון ווײטע נאָך ניט געזעהענע בלומען. ער האָט שוין אַפילו געקלערט, אַז דעם גאַנצן ענין פון חשבון־הנפש האָט ער גענומען פון דער לינקער זײט. נאָר אַ סוף זאָל דאָס נעמען אָט צו די אַלע חקירות. דער בעש"ט האָט אַרײנגע־

פירט אַלע יידן אין די פּאַלאַצן פון דעם מלך, טאַקע יעדער קען דערזעהן די לויטערקייט פון זיין ליבן נאָמען. נאָר ער, חיים גראַוויצער, קען באַשטיין צו זיין אַ פּשוטער סאָלדאַט, וואָס שטייט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל אויפן וואַך מיט אַן אַלטער ביקס אין דער האַנט, און דערביי וואַגט ער אַפילו ניט צו קלערן וועגן די פּאַלאַצן פון מלך. ער, חיים גראַוויצער, ווערט אַ פּשוטער מתנגיד, לערנט דורכן מעת לעת, היט דעם שלחן־ערוך, „קלייבט“ עולם־הבא און טוט אַפילו אַ גלעט דעם יצר־הרע מיט מתנגדישער גרויסקייט. אַ פּראָסטער זעלנער מיט אַ ביקס אין דער האַנט! און טאָמער וועט ער אַמאָל „אַ שיכור“ טון און אַריינרייסן זיך אין די היכלות — איז אויך ניט קיין אומגליק... בקיצור, מיר וועלן נאָך זעהן... ליג, חיימקע, אַכצן איילן אין דער ערד, נאָר ניט געדאַגהט!... דערווייל האָט ער אַפילו ניט זיין טלית און תפילין, קיין זכר פון אַ יידישן ספר. גאָט ווייס, צי וועט ער נאָך פאַרכאַפּן היינט אַ מנין. טאַקע זיך גאָר אַראָפּגעשלאָגן פון וועג... אַ שיינער סאָלדאַט! נאָר געשפּאַנט און ניט געדאַגהט.... אָ, אָט ווייזט זיך טאַקע אַ דערפל. געלויבט איז גאָט...

חיים האָט דאָרט אויפגעזוכט אַ יידישן קרעטשמער, ביי וועמען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז טאַקע גאָר ניט ווייט פון דאַנען, אַ וויאָרסט צוויי אַן ערך, וואוינט אַ יידישער פּאָסעסאָר, לייזויק בונין, וואָס ער איז איצט אַן אבל און מאַכט אַלע טאָג אַ מנין ביי זיך אין שטוב. חיים האָט זיך דערפרייט און זיך ממש אָהן אַ אָטעם געלאָזט לויפן אַהין אויף דעם אָנגעוויזענעם וועג. איבער ברייטע פעלדער איז ער אַריין אין אַ וועלדל, האָט עס דורכגעקרייצט, איז ווידער אַרויס אויף אַ לאָנקע. דאָרט איז ער באַלד צוגעקומען צו אַ ברייטער הילצערנער שטוב, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי גרויסע העלפטן מיט אַ רחבותדיגן גאַניק און אַ רויט געפאַרבטן דאַך. פאַר דער שטוב אַ פּאָר

טריט ווייטער פון גאַניק, איז געשטאַנען אַ מיטלוואוקסיגער, ברייט־פּלייציגער ייד מיט אַ געדיכטער לאַנגער און שוואַרצער באָרד, אין אַ קורץ זומערדיג רעקל, דאָס היטל פאַררוקט נאָך הינטן. ער האָט גערעדט און עפּעס געטענהט מיט אַ פּאָר פויערים. דאָס האָט אַפּנים געמוזט זיין לייוויק בינין. אַ רירעוודיגער מיט לעבעדיגע לאַכנדיגע אויגן, האָט ער מאַכנדיג מיט די הענט, גע־רעדט אויף אַ קול, כמעט ווי געשריען, אָבער אַלע ווײַלע זיך גע־ווערטלט און ביי יעדן ווערטל טוט ער זאַפטיג און גוטמוטיג אַ ברייטן לאַך אין דער שוואַרצער באָרד אַריין. דערזעהן חיימען, האָט ער אָפּגעלאָזט די פּויערים, נאָכשרייענדיג זיי עפּעס אויפן וועג.

— שלום עליכם, ר' ייד. אָט, דאָס איז טאַקע גוט, וואָס איר האָט אויך, ווי איך, אַ לאַנגע שוואַרצע באָרד. כאַסיע, כאַסיע! — ער האָט אַ לוסטיג־גלייכגילטיג־ווערטלדיגן געשריי געטאָן צו אַ פענסטער צו, פון וואַנען עס האָט זיך באַוויזן אַ גוטמוטיג געזיכט פון אַ באַיאָרטער דיקער יידענע—כאַסיע, דו זעהסט, איך בין ניט איינער אויף דער וועלט, אָט איז נאָך אַ ייד מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד. טאַקע גוט, ר' ייד, וואָס איר האָט אַזאַ פאַרקאַטשעטן שטערן, אַניט וואָלט מיין ווייב נאָך געקענט אונז פאַרבייטן, כע, כע, כע!... ער האָט אַ ברייטן לאַך געטאָן אין דער שוואַרצער באָרד אַריין.

חיים איז געשטאַנען פאַרוואונדערט פון אָט דעם מאָדנעם קבלת־פּנים. ער האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט, דוכט זיך, ניט נאָר אַ לאַנגע באָרד, נאָר נאָך אַ לענגערן צונג. זאָגט מיר, ביי אייך איז דאָ...

איז אָבער לייוויקן אַזוי געפעלן געוואָרן חיימס שטעכווערטל, אַז ער האָט ווידער, לאַכנדיג אין באָרד, אַ געשריי געטאָן צום זעלבן פענסטער צו:

— כאַסיע, כאַסיע! מיר האָבן, דוכט זיך, אַ קלוגן יידן צו

וואַרימעס. פאַרשטייט איר מיך, ר' ייד, אַ לאַנגער צונג איז נאָך נישקשה, דערהויפּט מען זאָל אים ניט אָפּבייסן כע, כע, כע...
איר האָט נאָך קיינמאָל ניט אָפּגעביסן אייער צונג? זאָגט מיר, פון וואָסערע קאַנטן זענט איר? נעכטן האָט מען פון אַ שטאָט געזוכט אין די אַרומיגע דערפער עפּעס אַ יידן, וואָס איז אַנטלאָפן פון בית־עולם. אָט דער ייד, זאָגט מען, האָט כלומרשט געוואָלט כאַפּן גאָט פאַרן באָרד... אַנדריי, אַנדריי! — לייוויק האָט געשריען און אָפּגעשטעלט מיט דער האַנט אַ פאַרבייגייענדיגן יונגען פויער, צו וועמען ער איז גלייך צוגעגאַנגען. אַ קליינע ווײַלע האָט ער ערנסט גערעדט מיט דעם פויער, האַלב געשריען, מאַכנדיג ענערגיש מיט די הענט. באַלד אָבער האָט ער זיך שוין אַפּנים ווידער אָנגעהויבן ווערטלען, לוסטיג אַ קלאַפּ געטאָן דעם פויער אין פּלייצע און זיך צעלאַכט אין באָרד אַריין. דער פויער האָט האַלבלאַכנדיג און פאַרשעמט דאָס היטל אַראָפּגענומען. ווי נאָר לייוויק האָט זיך אָפּגעקערט, איז אים חיים אומגעדולדיג געלאָפן אַנטקעגן און זיך אויף אים אָנגעוואָרפן מיט אַ מאָדנע בעטנדיגן אימפּעט:

— זאָגט מיר, למען השם, אָהן חכמות, צי איז דאָ אַ מנין און ווען וועט מען זיך שטעלן דאַווענען? אַניט מוז איך גלייך לויפן ערגעץ זוכן אַ מנין. טוט, ר' לייוויק, אַ גמילות חסד מיט אַ דורכגייער אַן אבל, כ'בעט אייך...

ביי לייוויקן איז אין דער שוואַרצער באָרד פאַרשוואונדן דער לעצטער שפּור פון אַ שמייכל. חיימס אימפּעט האָט אים באַהערשט און ער האָט ערנסט געענטפערט:

— זייט רוהיג, באַלד וועלן אונטערקומען נאָך עטליכע מענשן, וועלן מיר זיך גלייך שטעלן דאַווענען. ביי מיר איז שוין צייט פינף חדשים אַלע טאָג אַ מנין. ביי מיין טאַטן עליו השלום פלעגט אַלע שבת זיין אַ מנין. מיר האָבן דאָ אַ היפּש פּעקל ישובניקעס, צעזייטע אין די אַרומיגע דערפער, פון וואַנען

מ'קלייבט זיך ווי עס איז צונויף. כ'זעה (ער האָט חיימען איננ־גאַנצן אַרומגעזוכט מיט די אויגן), אַז בײַ אייך איז ניטאָ קיין טלית. ווי קומט עס? אַזאַ לאַנגע באָרד און אָהן אַ טלית. בקיצור כ'וועל אייך געבן דעם שבתדיגן טלית פון מיין טאַטן עליו השלום און זיינע תפילין. שוין איינמאָל אַ טלית! פאַרשטייט איר, ר' ייד, איר האָט אייך גאָר ניט שלעכט אַריינגעכאַפּט. טאַקע אין דער סאַמע געדיכטע. מאָרגן איז דאָ אַרום אונז בײַ פיניע גראַבאָווער אַ סיום־התורה. פון אַ סיום־התורה וועט איר דאָך, דוכט זיך, ניט אַנטלויפן. דער סופר זיצט שוין דאָ פון אַ לאַנגער צייט. מאָרגן וועלן קומען פון שטעטל אַ סך אורחים און חסידישע שלעפערס. מ'וועט שוין כאַפּן דעם אמתן טרונק און דערבײַ אַ רעכט טענצל. אין שטעטל זיינען כמעט אַלע טשערנאָבילער חסידים — יעדער גלאָצט מיט די אויגן און איז בײַ זיך אַ גאַנצער קנאַקער... אָ, אָט גייט שוין ר' נחום — לייוויק האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפן וועג, פון וואַנען ס'האָט זיך אַלץ בולטער באַוויזן אַ מענטשליכע פיגור.

חיים האָט זיך לאַנגזאַם אומגעקוקט. ער האָט שווייגנדיג געהערט די פוסטע פלוידעריי פון אָט דעם לוסטיגן ישובניק און מיט יעדער רגע איז זיין פּנים פינסטערער געוואָרן. איצט האָט ער ווייטער ערשט רעכט דערפילט זיין גאַנצע געפאַלנקייט. מיט וואָס קען ער, אַשטייגער, אָפּשטעלן אָט דעם פלאַפּלער? איז ער, חיים, דען ניט אַ סך ערגער? איז לכן? ס'האָט אים באַ־הערשט עפּעס אַ געפיל פון שימל און שפּינ־וועבס. ניטאָ, לחלוטין ניטאָ אין וואָס אָנצוהאַלטן זיך. האָט אים דאָס האַרץ פאַרקלעמט. טאַקע נאָך איין רגע — צעוויינט ער זיך ווי אַ קינד אויף אַ קול. אָבער ניין! ניט געקוקט דערויף אָדער דוקא מחמת דעם האָט אין אים גלייכ־צייטיג אויפגעלעבט די מאוימדיגע פרייקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט שוין אַלץ פאַרלאָרן און וואָס איז מיט קיין שום זאַך ניט

געבונדן. עלנט און נאַקעט ווי אַ שטיין, איז די גאַנצע וועלט פאַר אים אָפּן. מיר וועלן נאָך זעהן! האָט איס שוין ווידער געצויגן און פאַרשיכּורט אַ מאומדיגע פאַרפאַלנקייט, און ער האָט שוין מיט אַ מאָדנע דורשטיגער גרייטקייט און פיינליכער נייגעריגקייט אַלץ אין זיך איינגעזאַפּט. און לייוויק האָט ניט אויפגעהערט צו שיטן:

— ...אָט דעם ר׳ נחומען איז טאַקע כּדאי אָנצוקוקן. איר פאַרשטייט, אַכט און אַכטציג יאָר איז ער אַלט. היינטיגן ווינ־טער האָט ער נאָך אין שטעטל געטאַנצט אויף דער חתונה ביי זיין אוראייניקל און ער זעהט אָהן ברילן און האָט נאָך ווייסע ציין ווי אַ קינד. אין שטעטל וואוינט זיין גאַנצע משפּחה — קינדער און קינדסקינדער — אַ האַלב שטעטל. און דאָ וואוינט ער אין דאָרף ביי איינעם פון זיינע זין, ביי פּיניע גראַבּאָווער. אָט ביי דעם איז טאַקע מאָרגן דער סיום־התורה. מ׳זאָגט, אַז עפּעס אַ רבּי האָט אים, ר׳ נחומען, געבענטשט, ער זאָל לאַנג לעבן. איר ווייסט, וואָס איז אַ רבּי? ער רעדט מיט גאָט און טרייסלט ביי חסידים די קעשענעס, כע, כע, כע... מיין טאַטע עליו השלום, אַ פּראָסטער ערליכער ייד, פלעגט קיינמאָל ניט פאָרן צו קיין רבּין. וואָס איז, זאָגט ער, דער רבּי האָט דעם אויי־בערשטן אָפּגענומען אויף אַרענדע? אַמאָל, געדענק איך, האָט...

— אָט גייט טאַקע ר׳ נחום! גוט מאָרגן, ר׳ נחום, מיר האָבן אַ אורח צום דאַוונען...

ר׳ נחום האָט שטיל און געלאַסן אָפּגעגעבן חיימען שלום און אים געפרעגט, ווי מ׳רופט אים. חיים האָט אָנגערופן זיין נאָמען און מיט גרויס פאַרוואונדערונג געקוקט אויף ר׳ נחומען. אַ הויכער, אַ שלאַנקער אין אַ לאַנגער שוואַרצער קאַפּאָטע, חסידיש פאַרגאַרטלט, אין פאַנטאָפל מיט שנייווייסע זאָקן. פון אונטער דעם שוואַרצן זיידענעם היטל האָט מאָדנע רוהיג אַרויסגעלויכטן אַ קינדיש פריש, עטוואָס גערויטלט פּנים מיט

אַ קליינער שנייווייסער באָרד, אַרום איר האָבן זיך קלאָר אויס־געטיילט די עטוואָס געקרייזלטע גרויע פּאות. באַזונדערס רוהיג און זיכער שטיל האָבן געקוקט זיינע העל בלויע אויגן, וואָס האָבן צייטנווייז באַקומען אַ קלאָר ווייסן קאָליר. חיים האָט זיך ניט ווילנדיג געחידושט. קיין איינציג שפּרינקעלע האָט דער אַלטער ניט געהאַט אויף זיין הלבשה. אַפילו דאָס חסידיש צעכראַסטעטע העמד איז געווען רוהיג אונטערגעבונדן מיט אַ ריין האַלזטיכל. עפּעס אַ מאָדנע ציכטיגקייט, אַ שנייווייסע רו־היגקייט האָט זיך פון אים געטראָגן, און דערביי איז ער קינדיש פריש און באַוועגליך. חיים האָט געשמייכלט, ער האָט געהאַט אַ געפיל פון אַ מענשן, וואָס האָט עפּעס פּלוצים דערזעהן אַ פריש אויסגעפאַלענעם ווייסקלאָרן שניי אויף ווייטע ניט באַטראָטענע פעלדער.

האָט זיך חיים ניט איינגעהאַלטן און אַ פרעג געטאָן:

— צו וואָסער רבין פלעגט איר פאָרן?

— צום אַלטן טשערנאָבילער זכרונו לברכה. אַז איך בין אָנגעקומען אין שטעטל, בין איך געווען דער איינציגער טשערנאָ־בילער חסיד. היינט איז ברוך השם כמעט דאָס גאַנצע שטעטל אַ טשערנאָבילער, כאָטש אַרום און אַרום דעם שטעטל איז דער גאַנצער קאַנט אַ רייסישער, פון לויטער חבדניקעס. איר זענט, ר' חיים, ווייזט אויס, אַ ליובאַוויטשער חסיד?

חיים האָט אַ רגע זיך מאָדנע געקווענקלט און געזאָגט:

— כ'וויס? אַלע יאָר בין איך געפאָרן קיין ליובאַוויטש. איצט וויים איך אַליין ניט, וואָס איך בין...

ר' נחום האָט מיט אַ רוהיגער ליבשאַפט אויפגעהויבן אויף חיימען זיינע בלויע אויגן און געזאָגט:

— ווער זאָגט עס, אַז מ'דאַרף שטאַרק וויסן, וואָס מ'איז. בלויז דריי זאַכן האָבן די חכמים געהייסן וויסן: פון וואַנען מ'קומט, וואוהין מ'גייט און פאַר וועמען מ'דאַרף אָפּגעבן דין

וחשבון. וואָס מ'זאָל ניט זיין, אַבי מ'איז אַ חסיד און מ'האָט בטחון, העלפט שוין דער אויבערשטער. דער אַלטער זכרונו לברכה (אַזוי פלעגט ר' נחום תמיד רופן דעם אַלטן טשערנאָ־בילער) האָט געזאָגט, אַז מ'איז ביי זיך אַליין — איז מען גאָר־נישט, און אַז מען איז ביי זיך גאָרנישט — איז מען אַלץ...

חיים האָט אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, אַז פון דער רעכטער זייט לאָנקע האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ היפּשער עולם צום מנין. פריהער איז געגאַנגען נחומס זון פיניע גראַבאָ־ווער, שוין אַליין אַ ייד מיט אַ גרויסער גרויער באָרד, אַפּיסל אַ פאַרטומלטער מיטן היטל אויף דער זייט. אַרום אים זיינען גע־גאַנגען שכנים פון ישוב, דערהויפּט קרובים פון ר' נחומס גרוי־סער משפּחה אין דעם שטעטל, וואָס זיינען שוין געקומען מיט אַ טאָג פריהער אויפן סיום־התורה — איינס אין איינס חסידישע יידן. חוץ דעם, עטליכע אָנגעקומענע פון שטעטל חסידישע מלמדים מיט צעכראַסטעטע העמדער, על פּי רוב מיט געלאַטעטע קאַפּאָטעס און אויסגעריבענע סאַמעטענע יאַרמולקעס אונטער די היטלען; אויך איציע דער שמש פון דער אַלטער טשער־נאָבילער קלויז — מ'האָט אים גערופן איציע דער גרויסער. ער איז געווען מאָדנע גרויס מיט אומגעהויער לאַנגע הענט. מאַקע אַ פריילך קונציגער סאַרוואַר ביי זיינע בעל־בתים אויף שמחות. ער פלעגט דערלאַנגען מיט אַמאָל צום טיש אויף די אויסגעשטרעקטע לאַנגע הענט אַ גרויסע צאָל טעלער מיט פיש, אויסגעשטעלט שורותווייז אין דער לענג — פון דעם אַקסל ביז צו די פינגער — צו זעקס־זיבן טעלער אויף אַ האַנט און האָט נאָך קיינמאָל ניט קיין איין טעלער אַפילו צעבראָכן. באַזונדערס האָט זיך אויסגעטיילט מאָטיע דער סופר, וואָס איז שוין לאַנג געזעסן ביי פיניע גראַבאָ־ווער און געשריבן די ספר־תורה. אָנשטאָט אַ קאַפּאָטע איז ער געגאַנגען עפּעס אין אַ סאַמעטן פּאַלטאָכל מיט אַ צע־

פלעמשט סאַמעטן היטל. דער אייגנאַרטיג־שאַרפער קוק פון זיינע שוואַרצע אויגן, די טיף איינגעהויקערטע פלייצעס און זיין לאַנגזאַם־רוהיג באַנעמען זיך זיינען געווען עפעס ווי אָנגע־זאַפּט מיט דער קאָנצענטרירטער שטילקייט פון די פאַר־מעטענע יריעות, אויף וואָס ער זיצט שטענדיג אָנגעבויגן ביז טיף אין דער נאַכט אַריין. צווישן די אָנגעקומענע האָבן זיך געדרייט קליינע יינגלעך אין קאַפּאָטקעס מיט קליינע היטעלעך. זיי האָבן שטיפעריש שטאַרק הנאה געהאַט פון דער לאָנקע. ביז דער סיום וועט נאָך זיין, האָבן זיי שוין אויף איין פוס אָפּגע־רעדט מיט די היגע דאָרפסיינגלעך וועגן אַ לאָז טון זיך פון יענער זייט לאָנקע, אגב האָבן זיי דערציילט זייערע חברים אויפן אויער וועגן די כלי־זמר, וואָס וועלן מאָרגן קומען. טאַקע פאַראַיאָרן ביי דער מומען אויף דער חתונה האָט יוסל דער כלי־זמר זיי, די קינדער, געלאָזט אַ ווײַלע פייפן אויף דער פלייט, און היינט די טאַצן, די מעשענע טרומייטן און טענץ און לע־קיך... איז מען שוין געווען אַזוי פרייליך, אַז מ'וואָלט זיך גלייך אַ קוליע געטאָן איבער דער לאָנקע, ווען די טאַטעס וואָלטן ניט געשטאַנען אַזוי נאָהענט.

אַלע האָבן זיך געשטעלט אַרום ר׳ נחומען. און אין איין רגע האָט זיך פאַרקאָכט אַ שמועס. טאַקע נאָר איין מאָטיע דער סופר אין סאַמעטן פאַלטאָכל, וואָס ער איז קאַלטבלוטיג און קאַרג אויף רייד, האָט באַמערקט חיים גראַוויצער און אין זינען געהאַט אים אָפּצוגעבן שלום. איציע דער שמש האָט געבראַכט אַ געוואַלדיגע ידיעה: טאַקע אַ רגע פאַר זיין אַוועקפאָר האָט מען אין טשערנאָבילער קלויז אָנגעזאָגט, אַז אין עטליכע טעג אַרום איז אַ סברה, אַז דער רבי וועט דורכפאָרן פאַרביי דעם שטעטל און מ'וועט קענען אפשר איינבעטן דעם רבין אַראָפּקו־מען אויף אַ טאָג. איציעס רייד האָבן אַרויסגערופן אַ שטורעם. אייניגע האָבן זיך אויפגערעגט: וואָס זשע שווייגט מען? אַ

קליינינקייט! צום רבינס קומען מעג מען זיך דאָך וואָכן לאַנג גרייטן. האָט איציע שוין ווי פון אַרבל געשאָטן מיט נייע פּרטים: פון טשערנאָבּילער קלויז זיינען שוין אַוועק צוויי משולחים און... פלוצים איז אונטערגעקומען לייוויק בונין און איז אויף אַ לוסטיגן שטייגער אָנגעפאַלן אויפן עולם:

— גוואַלד, ליידיגגייערס, ביז וואַנען וועט איר האַלטן די וועלט מיט דעם דאַוונען. טו דיך נאָר, איציע, אַ קער — אַ שמש, מ'שטיינס געזאָגט...

אַלע האָבן געשמייכלט, ניט אויפהערנדיג צו רעדן און צו מאַכן מיט די הענט. איז מען טאַקע אַריין אין הויז — פון קאָרידאָר רעכטס אין אַ גרויסן פירעקעדיגן חדר, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ קליינע דאָרפישע שול אָדער ווי אַ איינגע־דאַוונטער מנין ביי פאַרמעגליכע ישובניקעס. אָנגעשפּאַרט אָן אַ קאָמאָד, נעבן דער וואַנט אין מזרח, איז געשטאַנען אַ מין ארון־קדש מיט אַ בלויען סאַמעטענעם פּרוכת, נעבן אים אַן עמוד מיט מעשענע לייכטער. אין מיטן חדר אַ געלער קיילעכ־דיגער טיש באַדעקט מיט אַ טונקל פאַרביגן טישטוך. אַרום די ווענט זיינען געשטאַנען בענק און אין מזרח־ווינקל איז אַפילו געשטאַנען אַ קליינע שאַפע מיט אַלטע ספרים.

עס האָט זיך צעקאָכט דער פאַרן־דאַוונענדיגער טומל פון אויפגעלעגטע פוילישע חסידים. הויכע, נאָר זאַפטיג ווייכע אויס־געשרייען, ברייטע התפעלותדיגע באַוועגונגען. אַלע זיינען שוין געשטאַנען אין אַ רעדל אַרום ר' נחומען אין ווינקל אין די סאַמעטענע יאַרמולקעס, אַראָפּגעצויגן דעם לינקן אַרבל, דער צונויפגעלעגטער טלית אויף די פּלייצעס.

אַ ווײַלע האָט מען נאָך געכאַפּט אַ הייסן שמועס, שטיי־ענדיג אין רעדל אַרום ר' נחומען אין ווינקל. מ'האָט זיך נאָך אַלץ געקאָכט וועגן רבין. ס'איז געבליבן אויף ר' נחומ'ס עצה וואַרטן אויף נייע אורחים, וואָס דאַרפן נאָך היינט אָנקו־

מען פון שטעטל און װעלן שוין מסתמא מיט זיך ברענגען פרישערע ידיעות. נאָר גדליה דער מלמד האָט זיך ניט געקענט באַרואיקן. אין שטעטל האָט מען אים גערופן גדליה די באָרד. דאָס איז געװען אַ מיטל־װאַוקסיגער ייד, מיט אַ געדיכטער געלער באָרד, װאָס האָט באַװאַקסן דאָס גאַנצע פּנים, כמעט ביז אין די אויגן אַריין. דאָס קול זיינס איז געװען הייזעריג, עפּעס װי צוגעבראָכן. ער איז אַ דרדקי מלמד, אַ מטופּל, גייט אָנגעטאָן קרוע און בלוע — אַ גרויסער אביון, אַפילו די אָפּגע־ריבענע גלאַנצנדיגע יאַרמולקע איז האַלב צעריסן. פונדעסט־װעגן כאַפּט ער זיך אַראָפּ אַלע װײַלע צופוס קיין טשערנאָביל — עס גייט אים ממש אויס דאָס חיות פאַרן רבין. שטענדיג איז ער פאַרקאָכט און צעטראָגן, הערט ניט, װאָס מ׳רעדט צו אים. האָט ער נאָר אַ פרייע מינוט, זאָגט ער פאַרקאָכט תהילים אָדער זוהר אָדער קוקט אַריין מיט התלהבות אין אַ חסידישן ספר. דערהערט ער אָבער אַ װאָרט װעגן טשערנאָביל, װערט ער אויפ־געזאָרן. ס׳האָט זיך אים שטענדיג געדוכט, אַז דאָס שטעטל איז ניט גענוג יוצא פאַרן רבין — מ׳פאָרט צו װײניג אין טשער־נאָביל, מ׳האָט צו װײניג מסירות־נפש פאַרן רבין. פלעגט ער זיך אָפּט בייזערן און שרייען. דערביי גיסן זיך ביי אים אָן די אויגן װי מיט פייער און זיין קול װערט נאָך מער הייזעריג און צוגעבראָכן. „אונזער רבי, אונזער הייליגער מגיד!״.... פלעגט ער שרייען פאַרגאַפט. (טשערנאָבילער חסידים פלעגן רופן זייער רבין מיט דעם נאָמען „מגיד״, װאָס האָט אויף אַ געװיסן אופן געשטעלט דעם רבין אין איין שורה מיט דעם גרויסן מעזשעריטשער „מגיד״). דעמאָלט האָט זיך שוין אָנגעהויבן די מחלוקת צװישן טשערנאָבילער און רוזשינער חסידים. און די איינציגע רוזשינער חסידים אין שטעטל פלעגן מורא האָבן פאַר גדליהן װי פאַר פייער. אַלע האָבן געװאוסט, אַז גדליה איז בפועל ממש גרייט יעדע מינוט זיך מוסר־נפש זיין פאַרן

רבין. האָט אים שוין איצט טאַקע אָנגענומען פאַרן האַרצן, פאַרוואָס שווייגט דאָס שטעטל בשעת מ׳הערט, אַז מ׳קען מיט דעם אויבערשטנס הילף אַראָפּברענגען דעם רבין. טאַקע גאָר אַ קלייניגקייט! די אויגן האָבן זיך ביי אים אָנגעגאָסן. ער האָט זיך ווי פּלוצים אויף זיין הייזעריג קול צעשריען, אַריינגעריסן זיך אין מיטן רעדל, וואָס איז געשטאַנען אַרום ר׳ נחומס ווינקל.

— וואו איז דאָס געהערט געוואָרן? אַן אַנדער שטעטל וואָלט אויפגעציטערט, גרויס און קליין וואָלטן אין מיטן נאַכט אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן רבין. וואָס הייסט?... ווער האָט דען אַנומעלטן געראַטעוועט דאָס שטעטל פון דער מגפה, ווער באַשיצט דאָס שטעטל און בעט רחמים אויף אונז אַלעמען, אויף כלל ישראל — אונזער רבי, אונזער הייליגער מגיד! — גדליה האָט פאַרגאַפט געטרייסלט מיט דער רעכטער האַנט אין דער לופט. — און צום סוף האָט דאָס שטעטל איין שוחט און דער איז — אויסגערעכנט — אַ רוזשינער חסיד! דאָס איז אַ נבלה! וואָס איז? אייזיק דער שוחט, אָט דער רוזשינער אויסוואורף, קען שיין זינגען פאַרן עמוד, ער גאָרגלט זיך און גרייזלט ווי אַ שייגעץ באָרד און פאות. וואָס שווייגט איר, ר׳ נחום! איר זענט דאָך דער זקן הדור, איר זענט דאָך נאָך געפּאָרן צום אַלטן זכרונו לברכה, איר ווייסט דאָך די קדושה פון אונזער רבין... אונזער רבי, אונזער הייליגער מגיד, אונזער...

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך גדליה אַזש פאַרכליניעט, אַלע אַרום האָבן אומהיימליך געשוויגן. ווער וועט זיך דען אָנהויבן מיט גדליהן? נאָר ר׳ נחום איז צוגעגאַנגען צו אים, האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און גלייך באַרוהיגט. גדליה האָט תמיד געהאַט שטאַרק אָפּשיי פאַר ר׳ נחומען, וואָס איז די רעכטע האַנט ביים רבין און וועמען דער רבי אַליין פלעגט מיט גרויס ליבשאַפט רופן: „ר׳ נחומצע".

— האָב קיין מורא ניט, גדליה, מ׳וועט חלילה ניט שווייגן,

מיר וועלן זעהן מיט אַלע כּחות אַראָפּכּרענגען דעם רבּין. צוויי משולחים זיינען שוין אַרויסגעפאָרן. נאָר דער רבּי וואָלט האָבּן גרויס צער, אויבּ מ'וואָלט אָהן נויט איבּערגעריסן די שמחה פון אַ סיום־התורה. וואָס האַרט דיך, גדילה, דו קענסט רוהיג נעמען אַבּיסל בּראָנפן...

גדליה איז אָפּגעטראָטן שווייגנדיג, האָט זיך בּאַלד אַרומ־געוויקלט מיטן טלית און אָנגעהויבּן פּאַרקאָכט צו דאַווענען פון פּאָרנט, אויסשרייענדיג יעדעס וואָרט אויף זיין הייזעריג צו־געבּרענטער שטימע.

איציע האָט בּאַלד אָנגעצונדן די ליכט אויף דעם עמוד. האָבּן זיך דאָ און דאָרט אַ גאָס געטאָן וואַרעמע כוואַליעס פון די ערשטע תּפילה־ווערטער. מאָטיע דער סופר איז שוין געשטאַנען אין ווינקל אָנגעטאָן אין טלית און תּפילין, שטיל פּאַרטראַכט, מיטן פּנים צו דער וואַנט. אָט האָבּן שוין אַלע אָנגעטאָן די טליתים און אָנגעהויבּן אויפן וואָלינער—„פּוילישע" חסידישן־שטייגער דאַוונען פון פּאָרנט. מ'דאַוונט אויף אַ קול אין דער הויך מיט אייגנאַרטיגע אויסגעשרייען — אַנדערע לויפן אַרום האַסטיג איבּערן חדר, אַנדערע שטייען, שאָקלען זיך מיט דעם גאַנצן קערפּער, וואַרפן מיט די הענט און בּיי דעם אָדער יענעם וואָרט פאַרוואַרפט מען דעם קאָפּ און פאַרגלאָצט די אויגן אָפט מיט אויסגעשרייען:

— אַיי — וויי, אַיי — וויי...

— האַרציגער טאַטע זיסער!

— טאַטע אין הימל!

און אַלע בּאַוועגונגען און אויסגעשרייען זיינען אָנגעפּולט מיט אַ זאַפטיגער ווייכקייט. נאָר לייוויק בּונין האָט געדאַוונט מיושבדיג מעשה דאָרפסמאַן, מיט דעם סידור אין דער האַנט, און אין דער שוואַרצער בּאָרד האָט נאָך געציטערט אַ האַלבּער שמייכל ווי פון אַ ניט דערזאָגט גלייכווערטל, וואָס ליגט נאָך אויפן

צונג. אין ווינקל בײַ דער טיר איז געזעסן לײבל דער פורמאַן— אַ פאַרפּויערטער ישובניק, אַ פאַרגרעבטער פאַרשוין — דער טלית האָט אויף אים אויסגעזעהן אומגעלומפּערט. ער האָט געקוקט אין דער אָפּענער טיר און עפּעס אויף עמיצן אויפן עכט פּויערשן שטײגער געשריען:

— אין דער מאַמען דיר אַרײן, סטערוואַ...

לײוויק האָט געדאַוונט פאַרן עמוד. ער וואָלט געהערט אָט די אַלע „לײדיגגײערס" פאַר אַ גראָשן און אויף גיך אָפּגע־קנאַקט דאָס דאַוונען, האָט ער אָבער מיט גרויס אָפּשײ גע־קוקט צו ר' נחומען אין ווינקל און זיך דרך־ארצדיג אײנגע־האַלטן. ר' נחום איז געשטאַנען ניט ווײט פון עמוד, אַ הױכער און אַ שלאַנקער, אָנגעטאָן אין טלית מיט אַ זילבערנער עטרה, האָט ער איצט אויסגעזעהן נאָך שלאַנקער און ליכטיגער, אַזוי לײכט און באַוועגליך, גלײך ער וואָלט ניט געשטאַנען, נאָר געשוועבט אויף דער ערד.

דער עולם דאַוונט אויף אַ קול, מען כאַפּט און מען שלינגט דאָס דאַוונען מיט גרויס ליבשאַפט און וואַרעמער התפעלות. די ווײכע תפילה־ווערטער האָבן זיך געטראָגן אין וואַרעמע, אַלץ מער ברויזנדיגע כוואַליעס. קײנער קלערט אַפילו נישט צו פאַר־טיפן אָדער פון אינעווײניג צו פאַרשטאַרקן די דאָזיגע ברײט צעפלאָסענע כוואַליעס, און מיט רײן קינדישער שמחה און תמימותדיגער אומבאַזאָרגטקײט לאָזט מען זיך נחתדיג פון זײ פאַרפלײצן:

— האַרציגער פאָטער זיסער!

— אבינו שבשמים — פאָטער אין הימל!

און חיים איז געשטאַנען אײנזאַם ניט ווײט פון דער טיר בײם געלן קײלעכדיגן טיש. ער האָט געטראָגן דעם שבתדיגן טלית און די תפילין פון דעם אַלטן בונין ע"ה. ער האָט געדאַוונט שטיל און צעבראָכן, טאַקע גאָר ווי אַ געפאַלענער.

חיים האָט זיך אַלע מאָל געפּילט פרעמד צווישן „פּוילישע" חסידים און ניט געקענט אַריבערטראָגן זייער אויפפלאַקערנ־דיגע התפּעלות מיט זייערע מעשׂיות און מופתים. אָט די פּוילישע חסידים (אונטער דעם נאָמען פלעגט חיים מיינען ניט נאָר פּוילישע, נאָר אויך וואָלינער, גאַליציאַנער, ווי אַלע אַנדערע ניט חבדישע חסידים) האָבן זיך אויסגעטיילט ניט נאָר אין זייער „דרך", נאָר אַפילו אין זייער לשון און אויסזעהן. דער חבדניק איז מער פאַרטיפט, התלהבותדיג איינגעהאַלטן און פאַרטראַכט, תּמיד האַלט ער אין איין קלעטערן און שטייגן אויף אַלץ העכערע בערג. וואָס ברענענדיגער די התלהבות, אַלץ גבורהשער דער דראַנג זיך צו פאַרטיפן און טאַקע ממש צו דערהערן דעם אינעווייניגסטן חיות פון די וועלטן. אַזוי פאַראייניגט אין זיך דער חבדניק די ליטוויש־רבנישע טיפקייט און חריפות מיט דער האַרציגער פּויליש־אוקראַינישער ברייטקייט. פון דעם רבין וויל אַ חבדניק הערן טיפע תורות, אמתע גלוים, וואָס עפענען די אויגן און פירן אַלץ נעהענטער צום ליכטיגן וועג. מופתים זאָלן דערציילן ווייבער. דער נוסח פון דאַווענען אין די גאַנצע אויפפירונג פון חבדניק איז שניידנדיג שאַרף און אויסגע־האַלטן – קיין איבעריג וואָרט, קיין ציגענע התפּעלות. דער „פּוילישער" חסיד אָבער איז ווייך, צעפלאָסן, פול פון פּשוטן זאַפטיגן גלויבן און קינדיש־ליטערער שמחה. אָהן חקירות און שאַלות מיט האַרציגער איבערגעגעבנקייט פלאַקערט ער אין התפּעלותדיגער באַגייסטערונג. אַ הייליגע תנועה פון רבין, אַ וואונדער־מעשׂה, אַ חסידישן קניטש פון אַ פּסוק — דאָס אַליין צינדט שוין אָן די גאַנצע חסידישע פרייד. ס'איז טאַקע גענוג פאַר אַ פּוילישן חסיד צו זעהן דעם רבין, עסן שיריים פון זיין הייליג מויל און איינזאַפּן אין זיך זיין התלהבותדיג הייליגן ציטער. וואָס ביים חבדניק דעם רבינס תורה, איז ביים פּוילישן דעם רבינס „טיש", וואו חסידים זיינען זוכה עסן צוזאַמען אַ

סעודה מיטן רבין, פאַרנעמען יעדע הייליגע תנועה, „שטעלן" וויין, זינגען און זיינען זיך משמח. וויניגער טיפקייט און מער ברייטקייט און תמימות, מער פאַרבן און קלאַנגען. יעדער פוילישער חסיד טוט אָן שבת אַ זיידענע קאַפּאָטע, אַ סאַמעטן היטל. אויף יעדן שריט — פאַרביגע מנהגים. טרינקען חסידים וויין צוזאַמען, דערציילט מען מעשיות פון דעם רבין און פון אַנדערע הייליגע צדיקים און צווישן טענץ און נגינה „ווינ־שעוועט" מען זיך האַרציג איינע די אַנדערע כלערליי ברכות פאַר זיך און פאַר כלל ישראל. דאָס דאַווגען איז אָנגע־פילט מיט „יהי־רצונס", וואָס טראָגן, ווי זייער גאַנצע אויפ־פירונג, עפּעס אַ מין תחינהשע ווייכקייט. אַמאָל האָט חיים ביי אַ חבדיש ביסל בראָנפן אויף זיין העזהדיגן שטייגער אַזאַ משל געזאָגט: מתנגדים זיינען ווי קאַלט וואַסער — קאַלט אָהן טעם און אָהן ריח; אמתע חבדניקעס זיינען ווי ריינער שפירט — ניט אויף אַ האָר וואַסערדיג, יעדער טראָפּן הויבט דאָס האַרץ און דעם מוח; פוילישע חסידים זיינען ווי „ווישניאַק" — זיסליך, באַ־טעמט, קלעפּיג, אַביסל פאַרוואַסערט און פאַרביג — קינדער און ווייבער ווערן דערפון באַלד שיכור, גרויסע מאַנסבלען מוזן אָבער טרינקען גאַנצע גלעזער ביז דער מוח טוט זיך אַ ריר.... חיים האָט אַפילו אַמאָל אַ מיאוסן פסק געהאַט. עס איז אים אויסגעקומען אַמאָל אין וועג צו זיצן אין אַ מסיבה פון פוילישע חסידים. האָבן זיי אויף זייער שטייגער אָנגעהויבן דערציילן מעשיות פון צדיקים. חיים האָט געדולדיג געהערט און פון צייט צו צייט אַריינגעוואָרפן טיפע חבדישע ווערטער, וואָס מ'האָט זיי אויסגעהערט מיט אַן אומהיימליכן דרך־ארץ. נאָר אַט האָט מען אָנגעהויבן דערציילן מופתים פון דעם רבינס זיבניאָריג קינד — האָט שוין חיים ניט אויסגעהאַלטן און אַ געשריי געטאָן: „איר זענט דאָך גאָר ניט קיין חסידים, נאָר ווײַ־בערשע פאַטשיילעס". איז געוואָרן אַ מהומה ביים טיש, מען

האָט זיך אויפגעהויבן פון די בענקלעך און אַ וואָרף געטאָן זיך אויף אים: „פאַרדאַרטע חבדניקעס! איר האָט דאָך אַלע מאָל ליב נאָר צו חקרנען, אַפילו דעם אויבערשטן ווילט איר דאָך באַנעמען מיטן קאָפּ און אָנטאַפּן מיט די הענט, פאַרדאַרטע חבדניקעס"... חיים האָט אַפילו ניט געקענטליידן אין זיין שטאָט משה־איציע דעם גבאי פון דער אַלטער שול. משה־איציע איז אַן עלטערער מענש, וואָס טוט זיך אָן שבת אין סאַמעט, טרינקט זיסן בראָנפן און דערציילט אָהן אַ סוף מעשיות און מופתים פון חבדישע גדולים. פלעגט חיים אויף אים זאָגן: „משה־לאה" מיט זיינע באָבע־מעשיות...

נאָר איצט דאָ אין דעם דאָרפישן מנין איז חיים געשטאַנען הכנעהדיג ניט ווייט פון דער טיר און געדאַווענט שטיל און צעבראָכן. ווי קומט ער, אַ געפאַלענער און פאַרבלאָנדזשעטער, צו וויסן, וואָס גוט איז? אָט פון די אַלע התפעלותדיגע יידן וועט קיינער ניט אַנטלויפן אָהן קדיש פון דעם זונס קבר. וואָס פרעמדער די סביבה, וואָס איינזאַמער חיים איז געווען, אַלץ מער האָט אים באַהערשט די מאוימדיגע פאַרפאַלנקייט און די פיינליכע נייגעריגקייט פון אַ פאַרלאָרענעם. דערהויפט האָט ער איצט מיט גרוים ביטול און מאָדנעם דורשט ממש געטרונקען די תפילה־ווערטער, וואָס האָבן זיך איצט, ווי אינדערפריה אויף דער לאָנקע, גאָט ווייס ווי אַזוי זיך געעפנט און געלויכטן אין דער נשמה. נאָך שמונה־עשרה האָט ער נאָך לייוויקן שטיל געזאָגט קדיש מיט פאַרמאַכטע אויגן. דאָס איז געווען דער ערשטער קדיש, וואָס חיים האָט נאָך יוסעלען געזאָגט. נאָכן קדיש האָט ער אַ קורצע ווייַלע ניט געקאָנט קומען צו זיך. טאַקע יעדעס וואָרט פון קדיש האָט עפּעס אָנגעצונדן אַ שטילן אומעט־פייער אין זיין נשמה. אין יעדן וואָרט האָט עולם־האמת־דיג געווייעט די שטילע צעבראָכנקייט פון יוסעלעס נשמה, וואָס האָט פאַרשעמט געבעטן תיקון און רחמים; יעדעס וואָרט

האָט געטראָגן אַ עולם־האמתדיג באַהאַלטענע טרייסט פאַר דער איינזאַם פאַרלאָזענער מוטער, וואָס האָט זיך גאָר ניט געקענט טרייסטן. דערהויפּט האָט זיך פון קדיש געטראָגן אַ פלאַטערנדיגע רעטעניש פון דער אייביגקייט, וואָס איז אַזוי ווייט און אַזוי נאָהענט, אַזוי ליב און אַזוי פרעמד, וואָס לאָזט זיך הערן און פילן אין יעדן אָטעם און פאַרשווינדט ווי נאָר מ׳הויבט זי אָן צו פילן.

— לעלם ולעלמי עלמיא...

— אויף אייביג און אייביגע אייביגקייטן...

נאָך פאַרן לעצטן קדיש איז חיים צוגעגאַנגען צום שאַפע ספרים אין דעם לינקען מזרח־ווינקל און דאָרט אַרויסגעפונען אַ משניות, און נאָכן דאַוונען האָט ער זיך געווענדט צום עולם:

— כ׳בעט אייך, יידן, לאָזט מיך זאָגן פאַר אייך אַ פּרק משניות נאָך מיין געשטאָרבענעם בן־יחיד.

ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ מאָדנעם פאַרשמאַכטן אימפּעט, אַז דער עולם האָט זיך שווייגנדיג איבערגעקוקט, און צוריקנדיג אַ פאָר בענק זיך געזעצט אַרום קיילעכדיגן טיש.

— פאַרוואָס ניט, אדרבא...

אפילו לייוויק האָט זיך ערנסט געזעצט צום טיש. נאָר לייבל דער פורמאַן איז האַסטיג אַרויסגעלאָפן און געמאַכט עמיצן דאָרט אויפן וועג אין דער מאַמען. אָנגעטאָן אין טלית און תפילין האָט זיך חיים אַוועקגעזעצט און אויפגעעפנט די משניות „טהרות". אַ קורצע ווילע האָט ער זיך פאַרטראַכט, קוקנדיג אין משניות. פלוצים האָט ער זיך געענדערט אין פנים. ס׳האָבן זיך באַוויזן זיינע ווייסע פאַרחלשטע ציין. ער האָט אַפּנים פאַרגעסן, וואו ער האַלט אין דער וועלט און ווי אין אַמאָליגע יאָרן, זעצנדיג זיך אינאיינעם מיט חסידים, ניט ווילנדיג אַ זונג געטאָן. די גליהענדיגע נגינה האָט זיך ווי פון זיך אַדורכגעריסן, גלייך

ווי אַ פלאַם פון אַ אומערטרעגליך העלישן פייער, וואָס שלאָגט דורך אַ שטיינערנע וואַנט. דער גאַנצער מנין האָט ממש אַ ציטער געטאָן. באַלד האָט ער זיך ווידער באַהערשט, אויף אים איז ווידער געקומען דאָס געפיל פון מאוימדיגער פאַר־פאַלנקייט, וואָס מאַכט אים אויסערליך שטרענג און קאַלט. הכנעהדיג האָט ער זיך אַריינגעצויגן אין לערנען. ער האָט זיך אָנגענומען מעשה מלמד פאַרן באָרד און אָנגעהויבן פשוט לערנען פאַרן עולם משניות. נאָר גלייך האָט ער, ווי אין די יינגלשע יאָרן, דערפילט די קוויקנדיגע קראַפט פון משניות און איז גלייך אַריין אין איר אייזן־פעסט געבוי. יעדער זאַץ ווי אַ געטאָקטער מאַרמאָר־זייל, אויף וואָס ס׳שלענגלען זיך בליהענדיגע פירושים פון דור דורות. און וואָס גרעסער די פירושים, אַלץ מער פאַרשווינדן זיי אין דער אומערשיטערליכ־קייט פון די מאַרמאָר־זיילן. חיים נעמט זיך אָן קרעפטיג פאַר די זיילן און מיט איינגעהאַלטענעם אימפעט הויבט ער אָן אויף זיי צו שטייגן. ניט אומזיסט האָט ער פון דער יוגנט געשמט פאַר אַ קונציגן מלמד. מיט שניידנדיגער שאַרפקייט און צוציהענדיגער דייטליכקייט לעגט ער אַריין די צוהערער אין מויל די ווערטער, וואָס טראָגן אונטער דער לייכטנדיגער אָפּגעשליפנקייט אַ באַ־האַלטן־גליהענדיגן אימפעט. אַלע האָבן געהערט מיט אָפענע מיילער. מאָטיע דער סופר האָט זיך פון התפעלות אַלע ווײַלע געהויבן פון אָרט. ר׳ נחום האָט אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אויף זיין האַנט און אויף זיין פנים האָט געלויכטן אַ קינדישער שמייכל. אין רעכטן מיטן האָט לייזיק בונין אַ שטורקע געטאָן אין זייט איציע דעם שמש און מיט התפעלות אויף זיין ווערטל־דיגן שטייגער אים אַ זאָג געטאָן אין אויער...

— הײנט, פאַרשטייסטו, איציע, וואָס הייסט אַ שוואַרצע באָרד...

חיים איז שוין צוגעקומען צו דער לעצטער משנה פון

פרק, האָט ביים סוף מיט איין קער ווידער אַרומגענומען דעם גאַנצן פרק, פאַרוואָרנט דערביי פאַרשיידענע קשיות פון מפרשים און קיילעכדיק־אָפגעשניטן געענדיקט. נאָך איידער דער עולם איז געקומען צו זיך פון התפעלות, איז חיים אויפגעשטאַנען, צוגעמאַכט די אויגן און געזאָגט ווי ס׳פירט זיך קדיש דרבנן.

האָט אים דער קדיש אַרויסגעפירט פון אַרום די מאַרמאָר־זיילן און האָט אין אים ווידער אָנגעצונדן דעם שטילן אומעט און די מאוימדיקע פאַרפאַלנקייט. און טאַקע באַלד נאָך קדיש, נאָך איידער דער עולם האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויף דעם זעלבן אָרט אין טלית און תפילין און מיט גרויס אימפּעט זיך ווידער פאַרזונקען אין משניות. מיט דרך־ארצדיקער נייגערינקייט זיינען אַלע צוגעגאַנגען צו חיימען. אין איין רגע האָט זיך דער גאַנצער עולם דער־וואוסט, אַז אָט דער דורכגייער איז אַ חבדניק, ווייזט אויס, פון די שאַרפע קעפּ. אַפילע האָבן אים ערשט איצט געוואָלט אָפּגעבן שלום, אַנדערע האָבן געוואָלט מיט אים אַ שמועס טון. נאָר חיים האָט אָפּגעגעבן שלום, ניט אויפגעהויבן אַפילו דעם קאָפּ פון ספר. מען האָט אים גאָר ניט געקענט אָפּרייסן פון משניות, ווי אַ זויגנדיק קינד פון דער מוטערס ברוסט. מען האָט זיך פאַר־וואונדערט איבערגעקוקט מיט די אויגן.

— לאָזט אים צורוה, דעם ליטוואַק — האָט פּיניע גראַ־באָווער מיט חסידיש בעל־הבית׳ישער ברייטקייט אַ זאָג געטאָן דעם אָנשפּאַרנדיגן עולם — איר ווייסט דאָך, אַז אַ חבדניק דבקעט זיך אָדער פאַרטיפט זיך, פאַרגעסט ער גאַנץ כלל ישראל. איר פאַרשטייט, חבדניקעס זיינען דאָך בלויז חסידיש פאַרדרייטע מתנגדים, וואָס...

פּיניע איז זיך שוין גאָר פאַנאַנדערגעגאַנגען, אַז ר׳ נחום, דער פאָטער זיינער, האָט אים מיט אַ ליידנדיגער מינע אי־בערגעריסן:

— הער אויף, פיניע, צו רעדן.

ר׳ נחום האָט זיך אָפּגעקערט אין זיין ווינקל, וואו ער האָט אָנגעהויבן אויסטון טלית און תּפילין. איז אים דער גאַנצער עולם שטיל נאָכגעגאַנגען. און צוזייפלענגדיג דעם טלית, האָט ר׳ נחום עטוואָס פאַרטראַכט שטיל געזאָגט:

— אַזוי לערנען משניות קען נאָר אַ ייד, וואָס האָט ליכטיגע אויגן. ער איז, ווייזט אויס, נעבעך זעהר אַ צעבראָכענער, אַ גרויסער בעל־יסורים. דער אויבערשטער זאָל אויף אים רחמנות האָבן. דער אַלטער זכרונו לברכה האָט געזאָגט, ווער ס׳זאָל ניט זיין די נשמה פון אַ נפטר, קען מען זי מיט משניות אויס־לייזן און אויפהויבן צום שורש...

דער עולם האָט אויך אָנגעהויבן שטיל אויסטון טלית און תּפילין. האָבן שוין אַלע איצט נאָך פיינליכער געפילט יע־נעם ניט־ווילנדיגן נאָר אומהיימליכן דרך־ארץ אָדער פיינ־ליכן אָפּשיי, מיט וואָס פוילישע חסידים פלעגן זיך תּמיד באַ־ציהען צו אַ חבדניק. אָט דער ברענענדיגער קאָפּ־מענש מיט זיינע פאַרטיפטע דבקות קען שפּילנדיגערהייט אויפהאַלטן דעם אומבאַטראַכט־לויפנדיגן שטראָם פון זייער קינדיש לויטערער שמחה און גלויבן.

דערווייל איז לייוויק בונין אַוועק צו זיינע עסקים אין פעלד. פּיניע גראַבאָווער מיט דער גרויסער ווייסליכער באָרד, דער מאָרגנדיגער בעל־שמחה, איז שוין געשטאַנען דרויסן ווי אַלע מאָל עטוואָס פאַרטומלט, דאָס היטל אַביסל אָן אַ זייט. ער האָט עפּעס האַסטיג געטענהט מיט איציע דעם שמש און אים געאיילט. אַ קליינינקייט, מאָרגן וועט קומען פון שטעטל אָהן עין־הרע אַזאַ עם רב. מען דאַרף ערשט אויפשטעלן דעם שאַלאַש, אָנגרייטן די סעודה... מיט גיכע טריט האָט ער זיך געלאָזט גיין אינאיינעם מיט איציען. מאָטיע דער סופר איז אויף זיין שטייגער שהייגנדיג פאַרטראַכט געלאָפן צו זיין אַרבעט,

צו דער ספר־תּורה. גדליה די באָרד איז נאָכן דאַוונען אַנט־לאָפן צופוס אין שטעטל. די לעצטע זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מנין ר׳ נחום און אַרום אים אַלע איבעריגע. חיים איז איינער אַליין געבליבן זיצן אין טלית און תּפילין ביים משניות.

— ביז וואָס, ווער, ווען — האָט ר׳ נחום אויפן וועג גיי־ענדיג געשמייכלט — דאַרף מען נעמען אַן אמת ביסל בראָנפן. דער אויבערשטער זאָל העלפן, מיר זאָלן האַלטן די תּורה, בקדושה ובטהרה. דער אַלטער זכרונו לברכה האָט געזאָגט...

אַזוי זיינען אַלע געגאַנגען ערב־יום־טובדיג פריילעך צו פיניע גראַבאָווער אַהיים.

נאָך האַלבן טאָג איז ערשט לייוויק געקומען אַהיים עסן וואַרימעס און איז אַריינגעגאַנגען צו חיימען בעטן אים צום טיש. דערזעהן אים זיצנדיג אויפן זעלבן אָרט אין טלית און תּפילין ביים משניות, האָט לייוויק פון התפּעלות אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט.

— גאָט איז מיט אייך! איר ווילט טאַקע ביי אונז פאַר־כאַפּן די גאַנצע עולם־הבּא. וואָס הייסט דאָס? קומט שוין, זייט מוחל, עסן וואַרימעס...

חיים האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים פון ספר און ערנסט אַ זאָג געטאָן:

— ביי מיר איז היינט אַ תּענית חלום....

— וואָס? — לייוויק האָט געשטוינט.

חיים האָט אים געדולדיג געגעבן צו פאַרשטיין:

— כ׳האָב נעכטן געהאַט אַזאַ שיינעם חלום, אַז כ׳מוז היינט אויף אים פאַסטן.

אָט דער ענין פון פאַסטן און די גאַנצע רייד וועגן דעם זיינען פאַר חיימען אַליין געוועזן אומגעריכט. ער האָט די גאַנצע צייט אַפילו ניט אַ קלער געטאָן וועגן חלום, וואָס האָט זיך עפּעס ווי פאַרשטעקט אין אַ באַהאַלטענעם ווינקל פון דער נשמה. אָט

פון דעם ווינקל זיינען איצט ווי פּלוצים אַרויסגעשפּרונגען די אומגעריכטע רייד, וואָס האָבן מיט אַ רגע פריהער מאָדנע באַהאַלטן געשימערט אין דער נשמה.

לייוויק האָט זיך אָבער אויך זיין שטייגער ניט באַזיגט:

— גלויבט מיר, אַז מ׳טוט אַ קוק, אויפן ניכטערן האַרצן אין אַ שיסל מיט לאַטקעס, פאַרגעסט מען אַלע בייזע חלומות...

חיים האָט אים שוין ניט געהערט און זיך ווידער פאַרזונקען אין משניות. מיט דעם זעלבן אימפּעט, ווי אינדערפריה, לערנט ער איצט אויף אַ קול מיט אַ ניגון. דער ניגון צינדט אָן מיט אַ שטילער גלוט זיינע שאַרפע אויסגעטאָקטע רייד, וואָס שוועבן אין דער לופט און פאַרכאַפּן די גאַנצע שטילקייט פון חדר. לייוויק איז עפּעס ווי אָפּהענטיג געשטאַנען אַ ווײַלע און זיך געלאָזט גיין צוריק. נאָר ניט דערגייענדיג צו דער טיר, האָט ער זיך ווייטער אומגעקוקט אין ערנסט דרך־ארצדיג זיך געווענדט צו חיימען:

— צוויי זאַכן מוז איך אייך, ר׳ חיים, זאָגן. ראשית, בעט איך אייך, איר זאָלט זיך נעמען אויף שטענדיג מיין פאָטערס טלית און תפילין — קיין שענערע שוואַרצע באָרד ווועלן זיי שוין ניט געפינען. און טאָמער וועט איר וועלן באַנעצן דעם טלית מיט אַביסל בראָנפן, גיב איך אייך טאַקע אַ פיינע מטבע. וואָס? איר מאַכט נישט אַזוי מיטן קאָפּ און זאָגט ניט „ניין" — מיט לייוויקן אַמפּערט מען זיך ניט. אָט ליגט שוין די מטבע, וואו מ׳דאַרף און — פאַרפאַלן... ער האָט טאַקע אַריינגעוואָרפן די מטבע אין ברוינעם טלית־זעקל, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. והשנית, זאָג איך אייך, אַז איר מעגט זיך אָפּרייסן פון משניות און גיין פאַרברענגען מיט ר׳ נחומען. נאָך אַזאַ ציכטיגער ייד איז אויף דער וועלט ניטאָ. איר פאַרשטייט, ניט נאָר יידן, נאָר אַפילו פריצים און פויערים פון דער גאַנצער סביבה האָבן אים ליב — ממש דאָס חיות. טאַקע אַ טשיקאַווע זאַך האָט

פאַראיאָרן געטראָפן. פאַרשטייט איר, זומער און ווינטער גייט ר׳ נחום אַלע מאָל שפּאַצירן נאָך האַלבער נאַכט פון דאָרף אַרויס צום וואַלד צו. מ׳האָט זיך אַזוי צו דעם צוגעוווינט, אַז קיינער פרעגט שוין ניט צוליב וואָס ער טוט עס. אין רעגנדיגע טעג שפרינגט ער איבער גרויסע בלאָטעס מיט אַ יינגלשער רירעוודיגקייט, אָהן עין הרע, אַזוי פלינק, אַז זעלטן פאַלט אויף אים אַ פּיצל בלאָטע. איך זאָג אייך — טאַקע גאָר ניט צו גלויבן. איינמאָל, דאָס איז געווען פאַראַיאָרן ווינטער, האָט ר׳ נחום גייענדיג אויף זיין שטייגער ביינאַכט דערזעהן אַרום אַ גויאיש שטיבל, ווי אַ יונגע גויע ברעכט די הענט, וויינט אויף אַ קול און שלאָגט זיך פון צרות מיטן קאָפּ אָן דער ערד. „וואָס וויינסטו", האָט ער ביי איר געפרעגט. ניט באַקומען קיין ענט־פער, איז ער אַריינגעגאַנגען אין פויערשן שטיבל און גלייך באַ־מערקט אַ קינד, וואָס ליגט פאַרחלשט אין גרויס קראַמף. אין ווינקל איז געזעסן אַן אַלטער פויער, דער גויעס אַ פאָטער, וואָס האָט זיך אַזוי דערשראָקן פאַר ר׳ נחומס פלוצלינגדיגן אַריינ־קומען, אַז ער האָט זיך פון אָרט ניט געקענט רירן. ר׳ נחום האָט זיך עפּעס געפּאָרעט אַרום קינד און איז באַלד אַרויס צו דער גויע און געזאָגט: „גיי צו דיין קינד און דער אויבערשטער וועט דיר העלפן". וואָס זאָל איך אייך אַ סך ברייען. ר׳ נחום איז זיך אַוועקגעגאַנגען, און ס׳האָט ניט געדויערט קיין צען מינוט, אַז די גויע איז אַרויסגעלאָפן מיט אַ ווילדן געוויין, זיך געוואָרפן ר׳ נחומען צו די פיס און געקושט זיינע טריט. אויף מאָרגן איז די גאַנצע סביבה געגאַנגען כאַדאָראָם. פויערים און פויערטעס זיינען געקומען קוקן אויף דעם געזונטן קינד. איר פאַרשטייט, איך האָב פיינט חסידיישע מופתים און ציגיינערישע שטיקלעך. וואָס דאָרט איז געווען, האַרט מיך ניט. נאָר ר׳ נחום איז אַ ציכטיגער ייד, וואָס פאַרמאָגט, זאָג איך אייך, פרייד פאַר יעדן מענשן. טאַקע אַ חיות אויף אים אַ קוק צו טון. בקיצור, גענוג.

צו רעדן. איר ציהט זיך צום משניות, און איך, להבדיל, צו די הייסע בלינצעס. טוט ווי איר פאַרשטייט....

לייוויק איז אַרויסגעגאַנגען. אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן דער רעכטער האַנט, האָט זיך חיים פאַרטראַכט. אָט דער לייוויק מיט זיינע גלייכווערטלעך קען טאַקע פּשוט דעם מוח צעדרייען. אַזוי מאָדנע! אין דעם סאַמע חוצפּהדיגן גלייכווערטלען זיך פילט זיך ביי לייוויקן אַ וואַרעמע האַרציגקייט. און אין די סאַמע האַרציגסטע תנועות ברויזט אַ הפקרדיגער וויץ. האָט זיך שוין ווידער פון דעם זעלבן ווינקל אין חיימס נשמה צום ערשטן מאָל אַרויסגעריסן אַ חלום־געשטאַלט: די הייליגע נגינה פון דעם באַהאַלטענעם ניט געזעהענעם פידל לויכט אַריין אין דער ציגיינערשער חוצפּה, און די ציגיינערשע חוצפּה קלאַמערט זיך פון אינעווייניג אין דער הייליגער נגינה. איינס אין דעם אַנדערן ווערט פאַרשוואונדן, געפאַלן און געהויבן. וואו־זשע איז דער סדר פון וועלט און וועלטן? וואָס־זשע טוט זיך עס דאָ? ווי בשעת דער „גרויסער שרפה" האָבן זיך אויך איצט ביי חיימען געוואַקלט אַלע וועלטן און פאַרשוואונדן אין דער אוראַלטער גליהענדיגער גאַנצקייט, וואָס האָט זיך אָבער איצט נאָר באַוויזן פאַר דער נשמה, אָבער ניט געלאָזט זיך דערגרייכן. אומאויפ־הערליך ציהט זי אים, אָט די גאַנצקייט, צו זיך און שטופּט אים אָפּ און וואַרפט אים אַזוי אַרום אין אַ אומערטרעגליכן כּף־הקלע. אַלץ טיפער האָט אים באַהערשט די מאוימדיגע פאַר־פאַלנקייט. ער האָט צוגעמאַכט דאָס פּנים מיט די הענט און טיף אין זיך שטום געשריען:

— מרא דעלמא כולא...

האָט ער זיך מיט נאָך אַ גרעסערן אימפּעט אַ וואָרף גע־טאָן אויפן משניות, אין דעם אייזן־פעסטן געבוי, וואו אַלץ איז קרעפטיג שטייף און אומערשיטערליך. די ווערטער שטייען גע־דיכט ביי אַנאַנדער און ווערן צו דינים און געזעצן — אָפּגעפּסקנט

און אָפּגעשניטן. אַזוי און ניט אַנדערש. ער האָט ווידער גע־לערנט אויף אַ קול מיט אַ ניגון, נאָר דאָס קול האָט בײַ אים געציטערט און דער ניגון איז געווען אָנגעזאַפּט מיט צע־בראָכנקייט.

פּלוצים איז ער אויפגעשפּרונגען ווי אַ אונטערגעשאָסענער. אין דעם שטורעם פון זיין צעבראָכנקייט האָט ער זיך ערשט איצט דערמאָנט, אַז היינט איז דער צווייטער טאָג נאָך דעם זונס טויט. און ווי ס'פירט זיך בײַ יידן, דאַרף ער לאָזן דעם משניות און זעצן זיך אויף דער ערד „שבעה". און כאָטש ער איז לחלוטין געפאַלן פון דער הויכקייט, וואָס האָט ערשט פאַר יוסעלעס לויה גליהענדיג אַרומגענומען טויט און לעבן, האָט זיך אָבער נאָך אין אים געצאַפּלט עפּעס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך ניט זעצן אויף דער ערד און נאָכגעבן דעם טויט. וואָס זאָל ער טון — ער קען זיך ניט אַזוי פיל ברעכן. ער קען ניט! איז ער אויפגעשטאַנען, האָט שווייגנדיג אויסגעטאָן און צונויפגע־לעגט דעם טלית און תפילין. און ווי אינדערפריה אויפן פעלד, האָט ער פּלוצים אויפגעקאָכט, אַ קער געטאָן דעם קאָפּ הינ־טערווייללעכיך און עמיצן אין דער לופט אַ געשריי געטאָן קריי־צנדיג מיט די ציין:

— איך וועל מיך ניט זעצן אויף דער ערד און וועל פון משניות ניט אַוועקגיין. ניט — און גאָר!...

ער האָט זיך האַסטיג געזעצט אַרום טיש און אָנגעהויבן ווייטער לערנען עפּעס שטורמיש פאַרביסן און פאַרקאָכט. נאָר פון דעם זעלבן פאַרבאָרגענעם ווינקל אין דער נשמה האָט אַ קול געשריען:

— חיים גראַוויצער, חיים גראַוויצער!...

— חיים גראַוויצער, וואס טוסטו דאָס?!....

ער האָט ניט אויפגעהערט צו לערנען ביז אַלע זיינען זיך פאַרנאַכט ווידער צונויפגעקומען אין מנין דאַוונען מנחה. עס

זיינען אָנגעקומען אויפֿן סיום־התורה נייע אורחים פֿון שטעטל, וואָס האָבן געבראַכט די פֿרישע ידיעה, אַז נאָך פּאָר האַלבן טאָג זיינען אַוועקגעפֿאָרן די גבאים פֿון טשערנאָבילער קלויז מיט אַ כתב־בקשה, געחתמעט פֿון גאַנץ שטעטל, צום רבין. גדליה די באָרד האָט זיך אויך אומגעקערט. ווען ניט ר׳ נחום און ווען ניט דער סיום־התורה, וואָלט ער זיך גלייך געלאָזט אויפֿן וועג אַנטקעגן רבין. צווישן די אָנגעקומענע זיינען געווען אַ פֿולע יונגעלייט און חסידישע בחורים. דער מנין האָט געקאָכט און געררוישט. איצט האָט חיים געדאַוונט מנחה פֿאַרן עמוד — שטיל און איינגעהאַלטן. פֿון צייט צו צייט האָט זיך ר׳ נחום פֿון זיין ווינקל אויף אים פֿאַרזאָרגט אומגעקוקט. דער עולם אָבער האָט מיט דעם זעלבן אומהיימליכן דרך־ארץ, נאָר געדולדיג פֿאַרנומען דעם פֿרעמדן חבדישן שטייגער פֿון זיין דאַווענען. אָט אַזוי זיינען זיי די חבדניקעס! אָנשטאָט צו דינען גאָט מיט פּשוטער אמונה און קלאָרער שמחה, קריכן זיי אין הימל און ציהען אויף זיך שווערע וואָלקנס פֿון חקירות און השבונות. פֿונדעסטוועגן זיינען אַלע נאָך מנחה מיט גרויס חשק צוגעגאַנגען צום געלן קיילעכדיגן טיש, וואו חיים האָט ווייטער מיט איינגעהאַלטענעם ברען געזאָגט פֿאַרן עולם משניות, טאַקע אויף אַ טשיקאַווע. זיי האָבן געהערט מיט אָפֿענע מיילער און זיך אויף זייער שטייגער געפֿרייט ווי די קליינע קינדער. מען קען זיי טאַקע ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די חבדניקעס. געלויבט איז השי״ת, וואָס אַלע וועגן צו אים זיינען פֿול מיט פֿרייד און מתיקות.

נאָך מעריב האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטאָן צום טשיקאַווען משניות־זאָגער, מ׳האָט זיך אָבער פֿאַרוואונדערט אומגעקוקט און דערזעהן, אַז חיים איז ניטאָ אין מנין. קיינער האָט גאָרניט באַמערקט, ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען.

— וואו איז ערגעץ דער חבדניק?

— ווייס איך, מסתמא וועט ער באַלד קומען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז לייוויק אומרוהיג אַרויסגעלאָפן זוכן די „שוואַרצע באָרד". דער עולם איז זיך ניט פאַנאַנדער־געגאַנגען און מאָדנע אָנגעשטרענגט געוואַרט. מאָטיע דער סופר איז געשטאַנען נעבן ר' נחומען אין ווינקל און אויף זיין פאַרטראַכט גלאַסענעם שטייגער עפּעס זעהר ערנסט גע־רעדט. די לעצטע נאַכט פאַרן סיום־התורה שלאָפט זיך אים קיינמאָל ניט. אַ קליינינקייט! ער האָט ליב אין אַזאַ נאַכט זאָגן תּיקוני זוהר. זיין טאַטע עליו השלום, אַן אַלטער סופר, פלעגט אויך אַזוי טון. אַנדערע שלאָפן דוקא, כּדי אויף מאָרגן מיט אַ קלאָרן קאָפּ שרייבן די לעצטע הייליגע שורות. ווי מיינט ר' נחום? דער איבעריגער עולם איז אויך ניט געזעסן ליידיג, וואָ־רום צווישן די היינט אָנגעקומענע אורחים איז אויך געווען וועלוועלע, דער גבאי פון חברה קדישא, אַ ברייט פלייציגער ייד מיט אַ געדיכטער ווייסער באָרד און באַוועגליך לעבעדיגע שוואַרצע אויגן. פון דער לינקער האַנט גייט ביי אים ניט אַרויס די קיילעכדיגע פּושקע שמעק־טאַבאַק אין פון בוזעם, האַרט אונ־טער די לאַצן, שמייכלט רחבותדיג אַרויס די רויטע נאָז־פּאַט־שיילקע. מעשות פאַרמאָגט ער אַן אוצר און הייבט ער נאָר אָן צו דערציילן, קען מען שטיין אַ גאַנצע נאַכט און הערן. טאַקע גאָר אַ זאַפטיגער ייד. וואַרטנדיג אויף חיימען, האָט ער זיך שוין דערמאָנט עפּעס אַ מעשה און רחבותדיג אַ קער געטאָן זיך צום עולם מיט אַ לוס־טיגן שמייכל פון אַ מעשה, וואָס ליגט שוין איפן צונג. נאָר וועלוועלע האָט זיך פיינט צו כאַפּן. ער עפנט אויף לאַנגזאַם די קיילעכדיגע פּושקע, נעמט אָן מיט צוויי פינגער אַ שמעק טאַבאַק, און פירנדיג די פינגער צו דער נאָז, הייבט ער אָן צו דערציילן. נאָר ניט געכאַפּט! אַזאַ מאָדנע מעשה האָט מיט אים געטראָפן, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן און

געקנעלט בײַ אברהמל ראַשקאָווער עליו השלום. ווער ווייס ניט אברהמל ראַשקאָווער?! אַן אײַזערנער קאָפּ, איז זיך מוסר נפש פאַר אַ מצוה און איז זיך דערבײַ פּשוט אַ ייד אַ בעל־הבית. איינמאָל האָט מען זיך געקליבן דאַוונען מנחה. פעלט דווקא איינער צו אַ מנין. אברהמל עליו השלום מאַכט ניט קיין טענות און לויפט אַרויס אויפן גאַס זוכן אַ יידן. באַלד קומט ער צוריק מיט גרויס שמחה און פירט מיט זיך עפּעס אַ פרעמדן אַ דורכגייער. מען האָט זיך געשטעלט דאַוונען מנחה. דער דורכגייער אָבער שטייט שווייגנדיג נעבן פענסטער און נעמט ניט קיין וואָרט אין מויל. ניט ער דאַוונט, ניט ער ענט־פערט אַפילו אמן. וואָס הייסט דאָס? אברהמל, אַ הייסער ייד, האָט דאָס ניט געקענט אַריבערטראָגן און האָט אויף אים אַ געשריי געטאָן: „ווי שטייט דאָס אַ ייד ווי אַ גולם און ענטפערט ניט אַפילו קיין אמן?“ דער דורכגייער האָט אַ וואָרט ניט גע־ענטפערט. (וועלוועלע האָט ווייטער געעפנט די פושקע און אַרויסגענומען אַ שמעק טאַבאַק). נאָך מנחה איז ער נעלם געוואָרן און אין אַ שעה אַרום האָט די שטוב, רחמנא יצילנו, געברענט פון אַלע פיר זייטן. אברהמל איז באַלד נאָך מעריב אַנטלאָפן צום רבין. ער איז אָנגעקומען אַהין פאַרטאָג. נאָר דער רבי האָט שוין אויף אים געוואַרט נעבן דער טיר. דערזעהן אברהמלען פון ווייטן, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן: „וואָס האָסטו דאָס געטאָן אברהמל? דו ווייסט דען ניט, אַז אין יעדן יידן קען זיין פאַרבאָרגן אַ למדוואָווניק?“ אברהמל האָט זיך צעוויינט און געבעטן אַ תשובה...

וועלוועלע האָט אַרויסגענומען פון בוזעם די רויטע פאַט־שיילע און בריט אַ וויש געטאָן די נאָז. אַנידערגעלעגט די רויטע פאַטשיילע אויף דער קני, האָט ער זאַפטיג אַ קרעכץ געטאָן. וואָס איז דאָ וואָס צו רעדן? אין די צייטן פון מעזשעריטשער זכרונו לברכה האָט אַזאַ קדוש עליון ווי ר׳ ליב שרהס נאָר גע־

דאַגהט פאַר די באַהאַלטענע צדיקים, וואָס שוועבן אַרום פאַר־באָרגן אין ישוב און מדבריות. ער, וועלוועלע, האָט נאָך געקענט אַן אַלטן יידן, וואָס האָט קינדווייז געזעהן ר' ליב שרהס. ממש ס'פאַלט אָן אַ פחד. די מעשה איז אַזוי געווען: אָט דער ייד האָט קינדווייז פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל אין אַ וואַלד, פלוצים דערהערט ער עפּעס אַ מהומה....

וועלוועלע האָט זיך אָפּגעשטעלט, געעפנט די קיילעכדיגע פושקע און נאָך איידער ער האָט אַרויסגענומען אַ שמעק טאַבאַק, האָט זיך אויפן שוועל באַוויזן לייוויק בונין צעטראָגן און פאַרערגערט. האָבן זיך אַלע צו אים אַ קער געטאָן:

— נו, וואָס? וואו איז ער?

— ווייסט אים דער גוטער יאָר — האָט זיך לייוויק גע־ערגערט — וואוהין ער איז נעלם געוואָרן. אַ גאַנצן טאָג האָט ער אַפילו קיין טרונק וואַסער ניט געטאָן. אָט פון די יידן קען מען טאַקע דול ווערן, רק זיי דראַפּען זיך אויף די גלייכע ווענט... נאַ דיר אַזוינס...

אַלע האָבן זיך שווייגנדיג און פאַרוואונדערט אומגעקוקט. וועלוועלע האָט פאַרטראַכט ווייטער געעפנט די פושקע. נאָר פיניע גראַבאָווער איז בלאַס געוואָרן פון שרעק. ווער האָט עס אים היינט אינדערפריה געשלעפּט פאַרן צונג אָנצופאַלן אויף אַ יידן, וואָס ער קען אים ניט און וויים אים ניט. איז ער אויפ־געשטאַנען און אַ קער געטאָן זיך צו ר' נחומען, וואָס איז אַלײן נאָך געזעסן אין ווינקל מיט מאָטיע דעם סופר.

— דו הערסט, טאַטע, דער חברניק איז פּלוצים נעלם געוואָרן....

ר' נחום האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צום טיש. אַלע זיינען דרך־ארצדיג אויפגעשטאַנען.

— ס'איז גאָר קיין חידוש ניט, האָט ר' נחום געזאָגט, ער איז אַזאַ גרויסער בעל־יסורים, אַז עס איז נעבעך שווער אים צו

זיצן צווישן מענשן. ישב בדד וידם — אַ צעבראָכענעם מענשן דאַרף מען לאָזן אַליין פאַר זיך. אַ פרישער אומגליק האָט מורא פאַר אַ פרעמדן קוק, ווי אַ הייסע וואונד פאַר פרעמדע פינגער. דאָס איז זיין טלית? — האָט זיך ר׳ נחום געווענדט צו לייוויקן, אָנווייזנדיג אויף דעם ברוינעם טלית־זעקל — וואָס אַרט אייך, איך בין אייך ערב, אַז ער וועט מאָרגן אם ירצה השם קומען צום דאַוונען. מיט אַזוינע ליכטיגע אויגן ווי ער פאַרמאָגט, וועט ער שוין זוכה זיין דערזעהן די חסדים פון זיין ליבן נאָמען.... נאָר די צייט שטייט ניט, כ׳בעט דעם גאַנצן עולם צו מיר. די לעצטע נאַכט פאַר סיום־התורה מעגסטו, פיניע, שטעלן פאַר חסידים אַ שיין ביסל בראָנפן. דער זכות פון דער תורה וועט מגין זיין אויף אַלע יידן און אויסלייזן אַלע צעבראָכענע הערצער. כ׳האָב אַליין געהערט פון דעם אַלטן זכרונו לברכה, אַז די שטוב, וואו מ׳מאַכט אַ סיום־התורה, איז הייליג ווי דער באַרג סיני, און די שמחה פון יידן דערלאַנגט דערביי העכער פון אַלע קולות וברקים. נאָר ניט זשאַלעווע, פיניע, קיין בראָנפן...

עמיצער האָט פריילך אַ קלאַפּ געטאָן פיניען אין פלייצע:

—פאַרשטייסטו שוין, פיניע, וואָס מען מיינט דאָ... וואָס שווייגסטו עפעס, לייוויק? דו קומסט אַלע מאָל אָפּ מיט גלייכווערטלעך...

עס האָט זיך אויפגעהויבן יענער לעבעדיגער גערודער פון חסידים, ווען זיי קלייבן זיך אין אַ יומא דפגרא ערגעץ אויף אַ שמחה. היימיש־אויפגעבונדן, חסידיש־געפעפערטע גלייכווערטלעך. יונגעלייט, חסידישע שטיפערס, האָבן זיך געשטופּט און געשטויסן צום אַרויסגאַנג. אברהם בער, דער חזן פון טשערנאָבילער קלויז, האָט גייענדיג כלומרשט פאַר זיך אָנגעהויבן אַ ניגון, וואָס האָט זיך באַלד שטיפעריש צעברעקלט צווישן דעם לוסטיג אַרויסגייענדיגן עולם. וועלוועלע האָט רהבות־

דיג געשמייכלט און די אויגן האָבן בײַ אים געפינקלט. באַלד האָט ער אויף גיך אַרײַנגעלעגט אין בוזעם די רויטע פּאַטשיילע מיטן פּושקעלע טאַבאַק, האָט אָנגענומען ר' נחומען פאַרן האַנט און שמייכלענדיג זיך געלאָזט מיט אים צום אַרויסגאַנג.

מיט גרויס שמחה איז מען געגאַנגען צו פּיניען אויף דעם לעצטן נאָך־מעריבדיגן ביסל בראָנפן פאַרן סיום־התורה.

לייזיק איז איינער אַליין שטיין געבליבן אין מנין. ער איז ניט געגאַנגען צו דער סעודה מיט אָט די אַלע „ליידיגגייערס“, וואָס געפינען זיך תמיד אַ אויסרייד אויף מאַכן אַ טרונק. ער איז נאָך אַלץ געווען פאַרטראַכט פון חיימס נעלם ווערן. אַ ווײַלע איז ער אַפּילו געשטאַנען פאַרטראַכט און דערנאָכדעם איז ער געגאַנגען פאַרלעשן די ליכט אויפן עמוד. נאָר גייענדיג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַרום קײלעכדיגן טיש און אָנגעהויבן טאַפּן דאָס ברוינע טלית־זעקל. ניט געפונען דאָרט די מטבע, וואָס ער האָט ערשט בײַטאָג אַרײַנגעלעגט, איז ער געוואָרן אויפגערודערט. ער האָט איפגערעגט אַרויסגענומען דעם טלית, אים דורכגעטרייסלט און צוריק אים אַרײַנגעלעגט — די מטבע איז ניטאָ. וואָס הייסט דאָס? דעם טלית דאָ געלאָזן, און וואָס־זשע דאַרף ער די מטבע? ווער ווייס, אפשר איז דאָס ערגעץ אַרויסגעפאַלן אָדער... יעדנפאַלס זײַנען יידן, וואָס דראַפּען זיך אויף גלייכע ווענט, ניט קיין גלאַטע מענשן. מען דאַרף פון זיי אַנטלויפן—און אַן עק!...

ער האָט פאַרלאָשן די ליכט, און גייענדיג אין דער פינסטער צו דער טיר, האָט ער זיך אַלץ געערגערט.

— נאַ דיר אַזוינס — צו אַל־די גוטע יאָר...

---

## III. מיטן קאפּ אראפּ און — אוים חיים גראוויצער

ר׳ נחום איז לחלוטין ניט אינגאַנצן גערעכט געווען. דאָס, וואָס האָט חיימען געצויגן, און דאָס, וואָס האָט מיט אים די נאַכט פּאַסירט, איז אַפילו פאַר חיימען אַליין געווען שרעקליך אומגעריכט. דערהויפּט האָט זיך אין דער דאָזיגער נאַכט בולט אַרויסגעוויזן גאָר אַ מאָדנע זאַך.

ער האָט כּלומרשט ווי פּלוצים (טאַקע נאָר כּלומרשט) דערפילט דאָס זעלבע, ווי אין דער עליה בשעת דער „גרויסער שׂרפה״, נאָר אַליץ עפּעס פון דער לינקער זייט. אָט אַזוי קען אַ פאַרבלאָנדזשעטער קאָזאַק זיך טראָגן מיט דעם זעלבן ברען אויף דעם זעלבן צעווילדעוועטן פערד, וואָס טראָגט אים אָבער אַליץ ווייטער אַוועק פון דעם פאַרלאָרענעם וועג — ניט באַרג אַרויף, נאָר באַרג אַראָפּ. ווי דאַמאָלס, בשעת דער גרויסער שׂרפה, איז אויך איצט פאַרשוואונדן דער לעצטער שלייער פון די וועלטן און אַליץ איז געוואָרן אומערטרעגליך דורכזיכטיג. נאָר דעמאָלט האָט אַליץ פון זיך און אין זיך געלויכטן אין דעם אייביגן געזאַנג פון אין עוד מלבדו, וואָס האָט זיך אָבער איצט אין אים אַליין געוואַקלט. די געטליכע נגינה און די ציגיינערשע חוצפה האָבן אים ביידע גלייך געעפנט זייערע אָרעמס און גע־וואָרפן אים כּף־הקלעדיג אַליץ טיפער און טיפער. איז ער שוין מיט דער זעלבער מאוימדיג הוילער אַנטשלאָסנקייט געפאַלן,

מיט וועלכער ער האָט דעמאָלט אַזוי הויך געקלעטערט. אין דער גאַנצער נשמה, ווי אין אַלע וועלטן אַרום, איז ניטאָ קיין שיידוואַנט, קיין פעסטער באָדן. האָבן זיך ערגעץ אין די טיפע־נישן פון זיין נשמה ווי פון די קייטן אָפּגעבונדן ווילדע סטיכיעס און נאַקעטע טאַנצנדיגע תאוות, וואָס האָבן זיך אינערליך אַריינ־געפלאָכטן און אויסגעמישט מיט דער הייליגסטער התלהבות. אָט אַזוי דערציילט מען אויך וועגן איינעם אַ געפאַלענעם אין דעם אַלטן רבינס צייטן, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אַ שיכורער אין די גאַסן — טאַקע גאָר באַרג אַראָפּ.

נאָך פאַר מעריב, אָפּגעזאָגט משניות, האָט חיים אויסערליך מאָדנע רוהיג דערזעהן, וואָס באַטייט פאַר אים איצט ברעכן אַזאַ האַרבן דין און מנהג, ווי זיצן שבעה נאָך אַ געשטאָרבענעם זון. דאָס הייסט אַרויסרייסן אַ שטיין פון אַ וואַקלדיגער וואַנט, וואָס טוט אַזוי אַרום אַ ציטער און פאַלט אום אין אַ קופּע שטיינער... ער האָט זיך אָבער ניט געקאָכט און ניט געערגערט. פאַרקערט אויף אים איז עפּעס אַ קאַלטע רוה געקומען און ער האָט זיך קאַלטבלוטיג געשטעלט דאַוונען מעריב. שוין דער צווייטער טאָג, אַז ער האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען. דער הייסער הונגער פון דעם שטאַרק אויסגעמאַטערטן גוף האָט פּלוצים מאָדנע חוצפּהדיג אַ פּלעט געטאָן דעם מוח און אָנגעצונדן דאָס זודיגע בלוט מיט אַ שוואַרץ טונקלען פייער. חיים האָט קאַלט־בלוטיג געדאַוונט און פאַר זיך געשמייכלט. אין אים אינע־ווייניג האָט אַ פאַרשטעלטער ליץ געכאָרכלט און געלאַכט: „מיט גוואַלד וועסטו, חיימקע, גאָרנישט ניט נעמען. דער באַרג, פאַר־שטייסטו, איז שוין צו משופּעדיג. אויב מען קען ניט קלע־טערן אין דער הויך, מוז מען זיך לאָזן פאַלן אַראָפּ. שטיין קען מען ניט. און אויב פאַלן, גוטער ברודער, דאַרף מען טאַקע פאַלן. קום, חיימקע, קום. דאָס בין איך דאָך, חיימקע, דער בעל־הגוף — אַ דאגה אַ גרויסע!..."

נאָך שמונה עשרה האָט ער קאַלטבלוטיג אַרויסגענומען שטילערהייט די מטבע פון דעם ברוינעם טלית־זעקל און בגנבה אַריינגעלעגט אין קעשענע. ער האָט קוים אָפּגעזאָגט קדיש, אַז ער איז אומבאַמערקט ווי אַ בלייץ אַרויס פון מנין.

אַ פּאַר־שבועותדיגע זומערנאַכט האָט זיך ערשט ניט לאַנג געלעגט אויף דער שטילער לאָנקע. איבערגעבליבענע שטיקער שקיעה־פייער האָבן נאָך פאַרהלשט אין מערב־האָריזאָנט געגוססט. און ווי פון דער זייט איז שוין די לבנה אויפן הימל אַ רויטע געשטאַנען. מיט גיכע טריט איז חיים געשווינד אַרויס פון דער לאָנקע אויפן וועג צווישן די ברייטע פעלדער און פון דאָרטן איז ער באַלד אַוועק אין דעם נאָהענטן וואַלד, פון וואַנעז ער איז היינט אינדערפריה אַהער אָנגעקומען. די קאַלטע רוה, וואָס איז פאַר מעריב אויף אים פלוצים אָנגעפאַלן, איז אַליין טיפער געוואָרן. דאָס איז יענע קאַלטע רוה פון אַ מענשן, וואָס ווערט נאָך אַ לאַנגען אינערליך שטורמישן קאַמף פלוצים פאַרכאַפּט פון אַ פינסטערן הפקר־אַנטשלוס. דאָס געפיל פון פאַרפאַלענעם זינקען האָט נאָר אַ באַזונדער שאַרפקייט צוגעגעבן אָט דער קאַלטער רוה און נאָך שטאַרקער אָנגעצונדן דאָס שוואַרץ טונקלע פייער אין דעם זודיגן בלוט.

אַריינגעקומען אין וואַלד, האָט זיך חיים פלוצים אָפּגעשטעלט, נאָך געפּרובט אַ ווײַלע זיך צו באַקלערן, האָט אָבער באַלד ווידער קאַלטבלוטיג אַ לאַך געטאָן. ניין, טאַקע אָט אַזוי מיטן קאָפּ אַראָפּ אַ וואָרף טון זיך אין סאַמע הפקרות און — אויס חיים גראַוויצער. אמתע הפקרות איז בעסער פאַר פאַלשער ערליך־יידישקייט. מער לאָזט ער נישט דעם מנוול, וואָס אין אים, צו פאַרדעקן זיך מיט אַ טלית פון אויפגעבלאָזענער געהויבנקייט. יאָ, וואָס האָט ער נאָך עפּעס געקלערט? אַ דאגה וואָס — ער שפּייט אויף אַלע זיינע קלערענישן. מ׳דאַרף גיין אַריינקייען און פּשוט אַ שיכור טון אויף וואָס די וועלט שטייט.

טאַקע דערפֿאַר, וואָס אויפֿן פֿרישן קבֿר פֿון אַ געשטאָרבענעם בן־יחיד, קען אַפֿילו דער ערגסטער גוי קיין בראָנפֿן ניט טרינ־קען. האָט שוין ווייטער אין אים עפּעס אַ פֿאַרשטעלטער ליך געכאָרכלט און געלאַכט.

חיים האָט מיט דערזועלבער רוה דורכגעקרייצט דעם וואַלד און אַרויסגעגאַנגען אויף די ברייטע פֿעלדער. פֿון ווייטן האָט ער דערזעהן אַ שימערנדיג ליכט פֿון דער זעלבער קרעטשמע, וואו ער האָט היינט אינדערפֿריה נאָך באַגינען זיך דערוואוסט דעם וועג צו לייוויק בונין.

פֿון קרעטשמע האָט זיך געטראָגן אַ פֿריילי־כער געפּילדער. צוגעגאַנגען נעהענטער, האָט ער זיך ניט ווייט פֿון דער קרעטש־מע אָפּגעשטעלט און זיך נייגעריג צוגעהערט. אין קרעטשמע האָט מען געזונגען, געשריען, געשפּילט אויף אַ האַרמאָנקע און ווילד געטאַנצט — ממש אַ גערודער. וואָס איז דאָס? אין דער ליכטיגער לבנה־נאַכט האָט ער באַמערקט, האַרט אַרום דער קרעטשמע עטוואָס אָן אַ זייט, שטייט אַ ברייטע פֿריצישע בריטשקע מיט צוויי איינגעשפּאַנטע פֿערד, וואָס זיינען צוגע־בונדן צו אַ בוים. אויף דער בריטשקע איז באַלכסונדיג גע־לעגן אַ גראָבע בייטש.

נאָך איידער חיים איז צוגעגאַנגען צום שוועל, האָט אים באַמערקט דער קרעטשמער, איז אים אַרויסגעלאָפֿן אַנטקעגן, זיך איינגעקוקט אין אים און האַסטיג אַ זאָג געטאָן:

— איר טראָגט בעסער אָפּ, ר׳ ייד, אייערע ביינער. איר הערט דאָך, וואָס דאָ טוט זיך. דאָס איז געקומען דער משוגענער פּריץ וואַסילענקאָ מיט שקצים און שיקסעס און זיין טיוולאָנישן הונט. ווייסט איר דער רוח — אַז ס׳קומט אויף אים אָן אַ משוגעת, פֿליהט ער אַריין אין קרעטשמע און מאַכט דאָס אַ גערודער. טראָגט אָפּ אייערע ביינער...

אין דער העל ליכטיגער נאַכט האָט חיים איצט באַמערקט,

אַז דער קרעטשמער איז אַ פאַרהאַוועטער דערשלאָגענער ייד מיט נאַקעטע איינגעצויגענע באַקן און עפּעס אַ מין זכר פון אַ ציגן בערדל. בשעת ער רעדט, פּינטלט ער מיט די אויגן און סמאָקעט מיט די ליפּן.

חיים איז שוין געווען גאָר אויפגעבונדן.

— ווי רופט מען דיך? — האָט חיים אַ פרעג געטאָן.

— ירחמיאל.

— הער זשע, ירחמיאלקע, זאָלסטו וויסן, אַז אַ הונגעריגער מאָגן, וואָס וויל נאָך דערצו אַביסל שפּירט, איז נאָך ערגער פון אַכצען משוגענע פּריצים. בקיצור, אָט האָסטו דיר אַ מטבע און גיב מיר שוין דאָס אמתע ביסל שפּירט מיט פאַרבייסן. דאָס גאַנצע געלט וויל איך ביי דיר פאַרשיכורן. מאַך נישט, ירחמיאלקע, קיין שהיות. נאָר איין זאַך מוז איך דיר זאָגן. פאַרשטייסטו, אַז...

— ראַכמע — על, ראַכמע — ע — על — אַזוי האָבן אומ־געדולדיגע קולות פון קרעטשמע געשריען און גערופן דעם קרעטשמער (די גוים פלעגן אים תמיד רופן ראַכמעל אָדער ראַכמעלקאָ).

האָט זיך ירחמיאל אין מיטן חיימס רייד אַ לאָז געטאָן אין קרעטשמע, אַ זאָג טוענדיג חיימען אויפן וועג:

— נו, אַז אייך איז ליב, איז מיר ניחא. גייט אַריין, זעצט אייך אין ווינקל, דאָרט שטייט אַ באַזונדער טישל. כ'וועל אייך אַהין דערלאַנגען...

ירחמיאל איז אַריינגעלאָפן עטוואָס פאַרטומלט אין קרעטש־מע, פון וואַנען ס'האָט זיך געטראָגן אַלץ אַ גרעסערער גערודער פון האַלב שיכורע קולות, געשרייען, טעניץ און אַ שפּילן אויף דער האַרמאָנקע. דאָס האָט מאָדנע גערייצט חיימס אויפגעבונ־דנקייט. מיט דער זעלבער קאַלטבלוטיגער רוה האָט ער געפילט, ווי אַליין פון זיך קייקלט ער זיך אַלץ טיפער אין דעם שוואַרצן

אָפּגרונט. עפּעס אַ פאַרביסענע און פאַרצווייפלטע נייגעריגקייט האָט אים געצויגן אַהין אַלץ טיפער און נידעריגער. ער האָט צו זיך אַליין מאָדנע געשמייכלט.

— מיטן קאָפּ אַראָפּ — און טאַקע גאָר אויס חיים גראַ־וויצער...

ער האָט זיך געלאָזט אין קרעטשמע. אויפן שוועל האָט ער זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און זיך נייגעריג אַרומ־געקוקט. רעכטס צווישן דער טיר און דער וואַנט איז אַ שמאָל אָרט געווען אָפּגעצוימט מיט הילצערנע שטאַכעטן. דאָרט אינע־ווייניג שטייט פאָרנט אין איין עק אַ הויכע מישונהדיגע קאָנ־טאָרקע. און עטוואָס ווייטער אין דעם אַנדערן עק שטייט אַ גרויסע פאַס מיט בראָנפן. פון דער פאַס רוקט זיך אַרויס אַ קראַנט, פון דאָרטן צאַפּט ירחמיאל בראָנפן פאַר די געסט. דער קראַנט קאַפּעט שטענדיג, און דערפאַר שטייט תמיד אונ־טער אים עפּעס אַ מאָדנע ליימענע קוואָרט מיט אַן אָפּגע־בראָכן הענטל. שיכּורע פויערים ווערטלען זיך תמיד און קוקן מיט האַלבּ ערנסטער קנאה אָט אויף דער ליימענער קוואָרט, וואָס איז שוין תמיד באַזאָרגט מיט אַ שפּע פון פרישע טראָפּנס בראָנפן. פינטלענדיג שטאַרק מיט די אויגן, האָט זיך ירחמיאל געדרייט אַרום פאַס און קאָנטאָרקע, אַרויסלויפנדיג אַלע ווײַלע צו די געסט. לינקס פון דער טיר אויף דער גאַנצער ברייט און לענג פון דער קרעטשמע זײַנען געשטאַנען גרויסע און קליינע טישן, וואָס זײַנען געווען איצט צוזאַמענגערוקט און קאָפּ אויף קאָפּ באַזעצט. נאָר אַנטקעגן דער טיר לינקס האָט זיך אויסגעטיילט אַ מאָדנע איינזאַמער ווינקל, וואו ס'איז געשטאַנען אַ קליין טישל מיט אַן אַלט הילצערן בענקל. חיים האָט זיך דורכגעשטופּט און זיך דאָרט אַנידערגעזעצט. מיט יעדער מינוט איז ער גע־וואָרן אַלץ מער אויפגעבונדן. ער האָט אָנגעהויבן פון זײַן אָרט ווינקען צו ירחמיאלן. אָבער יענער האָט אים ניט געענטפערט, נאָר

געשאָקלט מיטן קאָפּ און שטאַרק געפּינטלט מיט די אויגן. ירחמיאל האָט מיט זיינע תנועות אַן ערך אַזוינס געוואָלט אים זאָגן:

— איר זייט נאָר רוהיג, ר׳ ייד, און וואַרפט אייך ניט אין די אויגן — איך וועל אייך שוין אַלץ דערלאַנגען...

אַרום טיש האָבן עטליכע האַרמאָנקעס גלייכצייטיג גע־שפּילט און זייערע געדיכטע צעשוואומען־לוסטיגע קולות האָבן פריילעך הפקרדיג אַרומגענומען דאָס זאַפטיגע געזאַנג פון יונגע שיקסעס. און וואַניע, אַן אייזערנער יונגאַטש, האָט עפּעס גע־האַלטן אַ מאָדנע פייפעלע אין מויל און האָט שקציש אויסגע־לאָזן אַריינגעפייפט און יעדע רגע האָט ער מיט דעם פייפן, ווי מיט אַ שאַרפן קינזשאַל, אויפגעריסן אַלע קולות. אָט איז ער אויפגעשפּרונגען, אַרויס צווישן די טישן און די הילצערנע שטאַכעטן און זיך דאָס אָקאָרשט געלאָזט טאַנצן. כאָטש צענעם די גאַנצע קרעטשמע — וואַניע טאַנצט ווי אַ וויכער, ניט אויפהערנדיג צו פייפן און געוואַלדעווען.

— זאָל זיך די גאַנצע וועלט איבערקערן, אין דער מאַמען איר אַריין!...

דאָס יונגע שקצישע בלוט הויבט ערשט רעכט אָן צו קאָכן אין דער אייזערנער ברוסט. אָט איז אַרויס אַנטקעגן אים מיט אַ טאַנץ די שיינע מאַרוסקע. האַלטנדיג אַ ווײַלע דאָס פייפעלע צווישן די ציין, האָט ער זי מיט איין האַנט אַרומגע־נומען, זי אויפגעהויבן און פייפנדיג און קווישענדיג זיך געלאָזט אין דעם טאַנץ־וויכער.

וואַרטנדיג אַרום זיין טישל, האָט חיים אויפגעבונדן־ניגעריג זיך אַרומגעקוקט. פון אויבן אָן איז געזעסן אַ מאָדנע הויך אײדעלע פיגור אין אַ בלוי־זיידן העמדל. נעבן אים אויפן באַנק איז געלעגן אַ ברייטער שטרויענער קאַפּעליוש. און עטוואָס אין אַ זייט אויף דער ערד איז געזעסן אויף די הינטער־

שטע פיס אַ גרויסער פּריצישער הונט. חיים האָט גלייך פאַר־
שטאַנען, אַז דאָס מוז זיין אַליין וואַסילענקאָ. די אומגעווייגליך
לאַנגע וואָנציעס אויף דעם גלאַט־געגאָלטן פּנים און די אייגנ־
אַרטיג פּריצישע פאַרוויינטקייט פון די שיינע בלויע אויגן
האָבן גלייך אַרויסגעוויזן דעם צעפּעסטעט־מטורפדיגן פריץ.
אָט דער וואַסילענקאָ האָט זיך אויפגעהאָדעוועט ביי פּוילישע
מאַגנאַטן, פון וועמען ער האָט באַקומען בירושה אַ גרויס
פאַרמעגן און נאָך אַ גרעסערן פּויליש־פּריצישן האָנער. דאָס
פאַרמעגן האָט ער סוף כּל סוף געפּטרט, נאָר דער „האָנער“
איז ביי אים געבליבן. ניט געקאָנט מער שפּילן די פריהערדיגע
ראָליע צווישן די פּריצים פון זיין גלייכן, האָט ער זיך באַזעצט
אין זיין קליינער פאָסעסיע אַרום דאָרף און אָפּגעהיטן פירן
אַ רעדל מיט די יונגע פּויערים, מיט וועמען ער פלעגט זיך
אויף זיין פּריצישן שטייגער חברן און שיכּורן ביי זיך אין דער
היים אָדער אין קרעטשמע. (אַליין גייט אַ יונגער שייגעץ פאַר
דער חתונה זעלטן אין קרעטשמע). אָפט מאַכט ער אַ טאַ־
ראַראַם אָדער אַפילו אַ געשלעג צוליב אַ שיקסע, וואָס ער
כאַפּט אַרויס קונציג פון אונטער דעם חתנס נאָז. חוץ דעם,
האָט ער זיך נאָך געקאָכט אין הינט. באַזונדערס האָט זיך ביי
אים אויסגעצייכנט זיין גרויסער הונט בערנאַרד, וואָס פלעגט
אים תמיד באַגלייטן און וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער
גאַנצער געגנט. ער, בערנאַרד, פלעגט פאַרשטיין די גרעסטע
זאַכן אויף אַ וואונק און איז תמיד געווען גרייט מקריב צו זיין
זיך פאַרן בעל־הבית. אַנדערע פּויערים אין דאָרף פלעגן
זאָגן, אַז בערנאַרד איז קליגער און לייטישער פון זיין בעל־
הבית.

גייענדיג עפּעס מיט אַ זייט, פּאָרזיכטיג, האָט ירחמיאל צו־
געטראָגן צו הײמס טײשל בראָנפן מיט פאַרבייסן.

— אָט איז אייך ריינער שפּירט און דאָס איז פאַרבייסן,

וואָס איר מעגט עסן אומגעוואַשן. טאָמער וועט איר וועלן נאָך שפּירט, וועל איך אייך שפּעטער געבן. איר זאָלט נאָר היטן אייערע ביינער...

— ניטאָ, ירחמיאלקע, קיין טאָמערס. זאָלסט מיר טאַקע באַלד געבן נאָך אַביסל שפּירט. זאָלסט וויסן, אַז...

ירחמיאל האָט אים ניט אויסגעהערט און איז פאַרשוואונדן. חיים האָט מיט אַמאָל אויסגעטרונקען עטליכע גלעזלעך שפּירט. אויפן ניכטערן מאָגן נאָך אַ פאַסטן כמעט פון צוויי טעג האָט דער שפּירט גלייך אַ קלאַפּ געטאָן אין מוח. אַ ווײַלע איז אים פינסטער געוואָרן אין די אויגן, ער איז שיער פון בענקל ניט אַראָפּגעפאַלן. ער האָט זיך אָנגענומען מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ, האָט זיך מיט אַלע כחות געשטאַרקט, אָנגעהויבן עפּעס צובייסן און איז פאַמעליך געקומען צו זיך. נאָר אינעווייניג אין אים האָט זיך שוין אַלץ לחלוטין אויפגעבונדן און אָנגעהויבן צו פלאַקערן און צו רודערן. פון יעדן נייעם טרונק שפּירט האָבן זיך אויפגעריסן נייע כוואַליעס פון צעווילדעוועטן פייער. חיים האָט זיך אינגאַנצן מספיק געווען און האָט זיך אַליין גע־וואָרפן אין דעם אינעווייניגסטן גערודער. נאָר אין אָט דעם פייערדיגן גערודער האָט חיים פאַרשיכורט דערזעהן און דער־פילט דאָס לעצטע אינעווייניגסטע פינטעלע, וואָס איז אייזן־פעסט און לאָזט זיך ניט אונטערגעבן. חיים האָט הפקרדיג גע־שמייכלט: ניין, מ׳מוז אויך דאָס לעצטע פינטעלע פאַרשיכורן. ער האָט שוין אויסגעטרונקען דעם גאַנצן שפּירט און אָנגעהויבן ווינקען מיט דער האַנט צו ירחמיאלן וועגן אַ ניי ביסל שפּירט. ס׳האָט אים נאָך קיינמאָל ביי אַביסל בראָנפן ניט געשווינדלט אַזוי דער קאָפּ...

די קרעטשמע האָט זיך געשאָקלט, גלייך ווי זי וואָלט שטיין אויף אַ ברויזנדיגן טייך. און פון מאַרוסיעס רויט טיכל האָט זיך די רויטע פאַרב צעגאָסן אויף אַלע צעשוואומענע

קולות פון דער האַרמאָנקע און דעם געזאַנג, וואָס האָט זיך מאָדר־נע אַריינגעגליטשט אין דעם אינעווייניגסטן גערודער. חיים האָט פּלוצים דערזעהן אין אַלע ווינקלען פון קרעטשמע, אויבן האַרט אַרום סטעלע האָבן זיך באַוויזן מאָדנע שוואַרצע פויגלען, וואָס האָבן אויף אים געעפנט זייערע שנאָבלס. אָט האָט ער דייטליך דערפילט, ווי פון הינטן רייסן עטליכע פויגלען מיט די שנאָבלס ביי אים דאָס היטל מיט דער יאַרמולקע פון קאָפּ. האָט חיים מיט אַלע כחות זיך אַרויסגעריסן פון דעם אינעווייניגסטן גערודער און זיך פאַרקליבן אין דעם איינציג פּעסטן נשמה־פינטל, און דאָרט האָט אים אַ רגע ווי אין אַ חלום אַ בלישטשע געטאָן די אַלטע באַקאַנטע מעשה, וואָס ער האָט נאָך יינגלווייז געהערט:

ר׳ בנימין קלעצקער, דעם אַלטן רבינס אַ תּלמיד האָט, אַמאָל פאָרנדיג צום רבין, זיך אָפּגעשטעלט אין וועג אין אַ גויאישער קרעטשמע. דער קרעטשמער אַן אַלטער גוי מיט אַ גרויסער ווייסער באָרד האָט אים דערלאַנגט צום טיש אַ גלאָז בראָנפן. אין איין רגע האָט דער בראָנפן אָנגעהויבן משונהדיג צו זידן. אויבן, אין די ווינקלען פון דער קרעטשמע, האָבן זיך באַוויזן שוואַרצע פויגלען, וואָס האָבן אויף אים גע־עפנט זייערע שנאָבלס. האָט ר׳ בנימין זיך פאַרגאַרטלט און אַ געשריי געטאָן דעם פּסוק: „כי לא נחש ביעקב...“ זיינען טאַקע די פויגלען גלייך פאַרשוואונדן, דער בראָנפן איז שטיל גע־וואָרן. נאָר דער אַלטער קרעטשמער האָט זיך דערשראָקן איינגע־הויקערט. ר׳ בנימין האָט גלייך געהייסן שפּאַנען די פערד און זיך געלאָזט פאָרן. זיינען אים אַ גאַנצע נאַכט אויפן וועג נאָכגעפלויגן די שוואַרצע פויגלען און געריסן ביי אים פון הינטן דאָס היטל מיט דער יאַרמולקע פון קאָפּ. ר׳ בנימין האָט מיט אַלע כחות קוים איינגעהאַלטן דאָס היטל. אינדערפריה איז ער געקומען צום רבין, וואָס האָט אים אויף דער טיר באַ־

געגנט און געזאָגט: „כ'האָב אַ גאַנצע נאַכט אַן אויג ניט צוגעמאַכט איבער דיר.... שיער שיער האָט מען בײַ דיר די מוחין ניט צוגענומען"...

אָט די מעשה האָט טאַקע נאָר אַ רגע ווי אַ חלום־געשטאַלט אַ בלישטשע געטאָן חײמען פֿון דער װײַטן. איז ער שוין ווידער הפקרדיק אַרויס פֿון דעם פּינטל אין דעם אינעווייניקסטן גערודער און האָט שוין געוואָלט אַליין דאָס היטל מיט דער יאַרמולקע אויף די פֿויגלען אַרויפֿוואַרפֿן. ער האָט זיך אָבער נאָר אַ קער געטאָן נאָך הינטן — זיינען די פֿויגלען פֿאַרשוואונדן. חיים האָט זיך צעלאַכט און אין אַ זייט אויסגעשפּיגן: „נאַ דיר גאָר אַזוינע דמיונות!" איצט איז אים מיט אַמאָל דער קאָפּ עטוואָס לויטערער און פֿרייער געוואָרן. דער קאָפּשווינדל איז כּמעט דורכגעגאַנגען. איז שוין ווידער די קרעטשמע געשטאַנען פֿעסט אויף איר אָרט. נאָר די צעשוואומענע קולות פֿון די האַרמאָנקעס האָבן אַזוי מאָדנע פֿאַרשיכּורט געטאַנצט אין דער לופֿט. חיים האָט זיך ווייטער מפקיר געווען און זיך אַ לאָז געטאָן אין דעם אינעווייניקסטן גערודער. ס'איז אים געוואָרן שטאַרק לוסטיק. ס'האָט אים פֿון בענקל געהויבן צו טאַנצן. טאַקע דאָס לעצטע ביסל חיות אויסטאַנצן פֿאַרן טייוול — און אַן עק זאָל עס נעמען מיט דעם חיים גראַוויצער. ער האָט זיך אָנגענומען מיט בײדע הענט פֿאַרן קאָפּ און מיט אַלע כּחות זיך באַמיהט אַרויסצובּרענגען דעם אומקלאָרן געדאַנק, וואָס האָט זיך בײַ אים אין די טיפֿענישן געפּלאָנטערט. אָט דער איינציק פֿעסטער פּינטל אין דער נשמה וויל זיך קיינמאָל נישט אונטערגעבן אין לאָזט אים נישט — ניט זיך אויפֿהייבן ווי געהעריק, ניט פֿאַלן ווי ס'דאַרף צו זיין. ניין, מ'מוז אָט דעם פּינטל אַליין פֿאַרשיכּורן — אַניט וועט ער זיך אייביק צאַפּלען, ניט געלעבט און ניט געשטאָרבן. אַהין אָדער אַהער — אָבער אַן עק זאָל עס נעמען. ער האָט זיך ווידער צעלאַכט

און אָנגעהויבן ווינקען צו ירחמיאלן.

— מאַך שוין, ירחמיאל, אַ סוף און גיב אַביסל שפּירט, וויפיל איז דען אַ שיער צו וואַרטן...

ירחמיאל האָט אים טאַקע באַלד צוגעטראָגן אַביסל שפּירט.

האָט זיך אָבער אין קרעטשמע אָנגעהויבן עפּעס אַזוינס, אַז חיים האָט זיך פאַרקוקט און נישט געקענט פון חידוש די אויגן אָפּרייסן. וואַסילענקאָ, דער משוגענער פריץ, האָט אָנגעהויבן באַווייזן זיינע שטיקלעך.

פונקט אין דעם מאָמענט, ווען ירחמיאל איז עטוואָס אָפּגעגאַנגען פון חיימס טיש בײַ דער הינטערשטער וואַנט פון קרעטשמע, האָט וואַסילענקאָ אַ וואונק געטאָן צו זיין גרויסן הונט בערנאַרד און אים אָנגעוויזן מיט די אויגן אויף ירחמיאלן. בערנאַרד האָט זיך ערנסט אויפגעהויבן פון זיין אָרט, איז אָפּגעגאַנגען עטליכע טריט, זיך געשטעלט מיט דעם הינטן צו די הילצערנע שטאַכעטן און מיט דעם געזיכט צו ירחמיאלן און האָט אָנגעהויבן מיט אַ מאָדנע בייזן אימפּעט אויף אים צו בילן. ירחמיאל, וואָס האָט פון קינדערווייז אָן שטאַרק מורא געהאַט פאַר הינט, איז איצט בלאַס געוואָרן פון שרעק און אומבאַהאָלפן זיך געטוליעט צו דער וואַנט. ער האָט אויף אַלע זייטן אַ דערשראָקענער געפּינטלט מיט די אויגן און געסמאָקעט מיט די ליפּן. אַלע האָבן זיך צעלאַכט. וואַסילענקאָ האָט תמימותדיג געשמייכלט.

— וואָס האָסטו, ראַכמעלקע, אַזוי מורא...

בערנאַרד מאַכט דאָס אָבער קונציג. ער הויבט אָן בהדרגה־דיג אַלץ שטאַרקער צו בילן און לאַנגזאַם פּאַמעליך מאַכט ער אַלע ווילע אַ טריט נעהענטער צו ירחמיאלן. בײַ דעם ערשטן פּרוב פון ירחמיאלן צו אַנטלויפן, טוט בערנאַרד אַ שפּרונג מיט אַזאַ מאוימדיג בילן, אַז ירחמיאל בלייבט פאַרגליווערט שטיין אויף זיין אָרט. די גוים האַלטן זיך פאַר די זייטן לאַכנדיג...

— אַיי, אַיי, ראַכמעלקע...

נאָר בערנאַרד בילט און רוקט זיך אַלץ נעהענטער און נעהענטער. אָט, אָט מאַכט ער דעם לעצטן טריט. אין דער לעצטער רגע האָט ירחמיאל אַ טויט בלאַסער ניט אויסגע־האַלטן און אָנגעהויבן שרייען ניט מיט זיין קול. אַלע האָבן זיך ווידער נאָך אַמאָל שטאַרק צעלאַכט און בערנאַרד האָט זיך עפּעס אַ אומעטיגער אומגעקערט צוריק אויף זיין אָרט, דרייענדיג מיט דעם ווידל אין דער לופט.

ירחמיאל איז אַ צעבראָכענער אַרויס דורך דער הינטערטיר אין זיין שטוב. פון דאָרט איז באַלד אַרויסגעקומען זיין ווייב דוואָסיע, אַ מאָגערע, איינגעהויקערטע יידענע. גייענדיג צו דער קאָנטאָרקע, האָט זי געשאָטן אויף יידיש מיט טויטע קללות:

— פאַרברענט זאָלט איר ווערן, שיכורע חזירים, אַ מיתה משונה זאָל אויף אייך קומען און אַלע קישקעס אייך אויס־דרייען, ס'זאָל...

— גענוג, גענוג צו בילן ראַכמיליעוונע — האָט וואַנקע אויסגעשריען. גוים פלעגן עפּעס תמיד דערפילן דעם ביטערן טעם פון אירע אומפאַרשטענדליכע יידישע קללות, וואָס זי שיט שטענדיג ווי דראָבנע אַרבעס אויפן קאָפּ.

אין קרעטשמע האָט מען אָנגעהויבן ווידער צו הוליען.

חיים האָט זיך אָנגענומען מיט די הענט פאַרן קאָפּ און זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט. פאַרוואָס איז אים אַזוי שווער זיך אויפ־צוהויבן פון בענקל. דער איינציג פעסטער פינטל אין דער נשמה לאָזט ניט. וואָס הייסט, ער לאָזט ניט? ווער הערט אים? מ'וועט אים, דעם פינטל אַליין, געבן אַביסל שפּירט. חיים האָט זיך צעלאַכט און אָנגעהויבן טרינקען איין גלעזל נאָך דעם אַנדערן. עס איז אים ווידער שטאַרק פרייליך געוואָרן. דער אינעווייניגסטער גערודער האָט זיך צעגאָסן איבער אים ווי אַ ים. פלוצים איז בערנאַרד ווידער אויפגעשטאַנען פון

זיין אָרט, געמאַכט עטליכע טריט און אָנגעהויבן בילן אויף חיימען. אַלע האָבן געקוקט אין חיימס ווינקל. דוואָסיע האָט געשאָטן מיט טויטע קללות. האָט חיים, ווי אין אַמאָליגע יאָרן ביי אַביסל בראָנפן, זיך אַ נעם געטאָן אין די הענט. ער איז אין איין רגע אויפגעשטאַנען, און קוקנדיג בערנאַרדן גלייך אין די אויגן אַריין, איז ער מיט אייזערנע טריט צו אים צוגעגאַנגען. בערנאַרד איז זעהר אַ דערשראָקענער אַוועקגעלאָפן צוריק אויף זיין אָרט. אַלע האָבן זיך פאַרוואונדערט איבערגעקוקט. ערשט איצט האָבן זיי באַמערקט זיינע געוואַלדיגע פלייצעס און זיין אומגעוויינליך פנים. נאָר חיים איז שוין געשטאַנען צווישן די טישן און הילצערנע שטאַכעטן. ער האָט, אויפהויבנדיג די רעכטע האַנט און צומאַכנדיג די אויגן, זיך געלאָזט טאַנצן. ניט נאָר פאַר וואַסילענקאָן, נאָר אויך פאַר אַלע גוים איז דאָס געווען אַ טשיקאַווע זאַך צו זעהן טאַנצן אָט דעם אויסטערלישן יידן. מ'האָט צו חיימס טאַנץ צוגעזונגען און צוגעשפּילט מיט די האַרמאָנקעס אַ פּויעריש טאַנץ־ליד.

נאָר שוין פון די ערשטע רגעים האָט חיימס טאַנץ געשאָטן מיט פייער אויף אַלע זייטן. אַלע זיינען געוואָרן אומבאַמערקט פאַרכאַפּט. קיינער האָט נישט געקענט איינזיצן. מ'איז אויפגעשטאַנען פון די ערטער, אָפּגערוקט די טישן צו דער וואַנט, און אַזוי אַרום געמאַכט אַ ברייטן פּלאַץ פאר חיימען. אלע האָבן פאַרגאַפּט צוגעקלאַפּט מיט די הענט.

דאָס איז געווען אַ שרעקליכער הפקר־טאַנץ. גרויסע בערג רייסן זיך פון זייערע ערטער און מיט אַ שטורמישן אימפּעט צעשיטן זיי זיך און פאַלן אין דעם אייביגן אָפּגרונט. אָט לאָזט זיך חיים מיט אַ ברענענדיגן וויכער, און תוך כדי דיבור שטעלט ער זיך אָפּ און צעבּרעכט דעם וויכער אויף טויזנטער שטיקער. דער אָפּגרונט אַליין הויבט זיך אָן צו וואַקלען אין אַ עולם־התהודיגן גערודער. נאָר אין אָט דעם שטורמישן חורבן ליגט

אין דער טיפעניש באַהאַלטן אַן אייביג ברענענדיגע שטילקייט, אין דעם עולם־התהודיגן נעפל זעהט מען דייטליך דאָס ליכטיגע איינציג־פעסטע פינטעלע אין דער נשמה. חיים וואַרפט פון זיך אַראָפּ גאַרטל און קאַפּאָטע — ער רייסט זיך מיט אַלע כחות אָט דעם איינציגן פינטל מיטצושלעפּן אין אָפּגרונט אַריין. נאָר וואָס מער ער רייסט זיך נאָך דעם פינטל, אַלץ וויניגער קען ער אים דערגרייכן. וואָס שטורמישער ער לויפט אים נאָך, אַלץ ווייטער און ליכטיגער ווערט דער פינטל. חיים ראַנגלט זיך אויף טויט און אויף לעבן. דער טאַנץ הויבט אָן ממש צו ברענען. מען קען גאָרניט איינשטיין אין קרעטשמע. וואַסילענקאָ, וואַנקע און אַנדערע שקצים קענען זיך טאַקע ניט איינהאַלטן און לויפן אַרויס מיט אַ טאַנץ אַנטקעגן חיימען. נאָר זיי קענען בשום אופן ניט אַריין אין דעם שטורמישן אימ־פעט פון חיימס טאַנץ, זיי בלייבן שטיין פאַרגאַפט און באַ־גייסטערט קלאַפּן זיי צו מיט די הענט. איז אַרויס אַנטקעגן חיימען מאַרוסקע מיט דעם רויטן טיכל. דאָס איז די אויס־געלאָזענע מאַרוסיע, דער טייוול פון דעם דאָרף. נישט נאָר בחורים, נאָר אויך באַווייבטע מענער פירט זי לייכט אַראָפּ פון וועג. אַרום אירע אויגן און שמייכלענדיגע ליפּן ליגן גאַנצע הויפנס פון זינד און תאוה. אַז מען קוקט אויף איר, דוכט זיך, אָט־אָט בלייבט זי נאַקעט. זי נעמט זיך מיטביידע הענט פאַרן קלייד און הויבט אָן חוצפהדיג צו טאַנצן. חיים לאָזט זיך אַנט־קעגן איר און איז שוין גרייט זי אַריינצוציהען אין טאַנץ. נאָר דער פעסטער פינטל האָט אים מיט גוואַלד געצויגן צו זיך און ניט געלאָזט אים צו מאַרוסיען. זי איז טאַקע באַלד פאַרשעמט געבליבן אויסן און איז אַוועק אָן אַ זייט. דאָ האָט אָבער געטראָפן אומגעריכטס. וואַסילענקאָס געליבטע, די שטילע, חנעוודיגע האַלב־פאַרשלאָפענע דאָרפשיקסע אַניוטע, איז עפּעס ווי פּלוצים אויפגעוואַכט געוואָרן און איז אומגעריכט

אַרויס מיט אַ טאַנץ אַנטקעגן חיימען. אירע שוואַרצע אויגן זיינען פול מיט פייערשער תמימות און איר גרויסע שווערע פיגור איז ווי אָנגעזאַפּט מיט דער צניעותדיגער שטילקייט און דרימלענדיגע כּחות פון די ברייטע פעלדער אַרום דאָרף. זי האַלט תמיד די אויגן אראָפּ, און אַז זי רעדט מיט עמיצן, קוקט זי אויף יענעמס האַלבּ־שעמעוודיג פון דער זייט, פון אונטן אַרויף. פאַר אַזאַ קוק איז וואַסילענקאָ תמיד גרייט זיך מקריב צו זיין און די כּפּרה צו ווערן. זי גייט אָנגעטאָן אין אַ דיק אויסגענייט העמד און אויף דעם העמד שווערע דאָרפישע קליידער מיט פאַרביגע קרעלן אויף דער ברוסט. אָט נעמט זי זיך איצט אָן מיט ביידע הענט פאַרן פאַרטוך, קוקט אויף חיימען פון אונטן אַרויף און הויבט אָן דאָרפיש־שעמעוודיג צו טאַנצן. נאָר טאַקע אָט די שעמעוודיגקייט און אומזיכערקייט ברענגען זי אַלץ נעהענטער צו חיימען און פּאַמעליך האָט זי זיך פאַרגנבעט אינעווייניג אין טאַנץ אַריין. האָט זיך חיים שוין אָפּ־געריסן פון פינטל, און שוין גאָר הפקרדיג זיך אַ לאָז געטאָן טאַנצן מיט אַניוטען. ערשט איצט האָט ער דערהערט עפּעס אַן עולם־התהודיגע פאַרפאלנקייט. פליצים איז אים טונקל גע־וואָרן אין די אויגן. אַניוטע איז אויף אים אָנגעלאָפן, האָט אים אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן אין די ליפּן. עטוואָס ווייניגער פון אַן אויגנבליק האָט חיים זיך געלאָזט פילן איר ברי־הענדיגע שליטה. נאָר אין איין רגע האָט ער זיך אַרויסגעריסן פון אירע הענט, געכאַפּט גאַרטל און קאַפּאָטע, איז אַרויס פון קרעטשמע און זיך געלאָזט לויפן ווי אַ ווילער אין פינסטערן וואַלד אַריין. אים האָט זיך געדוכט, אַז מ׳לויפט אים נאָך פון קרעטשמע. ניט אומקוקנדיג זיך, איז ער געלאָפן אַלץ ווייטער.

אין דער שטילער זומערנאַכט איז דער וואַלד געשטאַנען אומ־באַוועגליך און פאַרזונקען. ווען חיים איז אַרויס פון וואַלד אויף דער לאָנקע, איז אים זעהר ניט גוט געוואָרן. ס׳האָט אים שטאַרק

געשווינדלט אין די אויגן און ער איז שיער ניט געפאַלן אָהן כּחות אויף דער ערד. ס׳האָט אים אומערטרעגליך אָנגעהויבן צו שפּאַרן אונטערן האַרצן. דער שפּירט מיט דעם פאַרבייסן אויפן ניכטערן האַרצן זיינען אים אַפּנים שלעכט בּאַקומען—זיי האָבן זיך איצט עפּעס עקלדיג געפילט אין אַלע זיינע גלידער. ס׳איז אים אַזוי ניט גוט געוואָרן, אַז ער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן און אָנשפּאַרן זיך אָן אַ בּוים. אָט האָט ער אָנגעהויבן בּרעכן, אָנבּויגנדיג דעם קאָפּ און האַלטנדיג זיך מיט דער רעכטער האַנט פאַרן בּוים. ס׳האָט אים ממש געקערט די גאַל. נאָר נאָך דעם בּרעכן איז אים עטוואָס לייכטער געוואָרן. ער איז אָהן כּחות געפאַלן אויף דער ערד, איינגעקאָרטשעט זיך און איז אין גרויסע יסורים איינגעדרעמלט. ער האָט פּלוצים דערזעהן אַ גרויסע גאַס, וואָס איז ממש שוואַרץ פון מענשן. אַלע יאָגן זיך עפּעס נאָך עמיצן, שרייען און וואַרפן מיט שטיינער. נאָך וועמען יאָגט מען זיך דאָס? חיים רייסט זיך דורך דעם עולם פאָראויס און דערזעהט, אַז דער געיאָגטער איז אַן אַלטער ייד אין אַ סאַמעטן היטל מיט אַ גרויער בּאָרד און יינגלשע גלאַנצנדיגע אויגן. היים האָט אים גלייך דערקענט. דאָס איז לייזער דער מטורף, אויף וועמען עס שיטן זיך איצט פון אַלע זייטן אַ מבּול פון שטיינער. פּלוצים איז דער גאַנצער עולם פאַרשוואונדן. לייזער אַליין איז געבּליבּן שטיין. זיינע אויגן האָבּן מאָדנע געלויכטן און פון דעם צעבּלוטיגטן מויל האָט גערונען בּלוט אויף דער ווייסער בּאָרד. לייזער האָט כּעסדיג געשאָקלט מיטן קאָפּ צו חיימען און אַ זאָג געטאָן:

— דו טאַנצסט מיט שיקסעס און מיך פאַרוואַרפט מען מיט שטיינער... איז דאָס רעכט אַזוי?..

איז היים שטאַרק פאַרשעמט געוואָרן און איז געפאַלן אויף דער ערד. פון גרויס בּושה און שמערץ האָט ער זיך בּיטער צעוויינט אויף אַ קול. האָט לייזער אויף אים מיט גרויס

רחמנות אַ קוק געטאָן, אַנידערגעלעגט די האַנט אויפן שטערן און...

חיים האָט זיך אויפגעכאַפּט. פילנדיג אָבער באַשיימפּערליך, אַז נעבן אים זיצט עמיצער צוקאָפּנס, האָט ער זיך אויפגעזעצט און דערשראָקן אַ געשריי געטאָן:

— ווער איז דאָס?

— שרעקט זיך ניט, ר׳ חיים, דאָס בין איך, נתום גראַ־באָווער.

---

## IV. א שמועס נאָך האַלבער נאַכט

ס'איז שוין געווען גאָרניט ווייט צו באַגינען. אויף דער לאָנקע איז אַלץ העלער געוואָרן. זיצנדיג האָט חיים אַ ווײַלע צוגעדעקט דאָס פּנים מיט די הענט. ער איז נאָך געווען אויפגערודערט פון דעם חלום און שווערן שלאָף, דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק גענאָגט. האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף ר' נחומען:

— וואָס לויפט איר אַרום שטענדיג נאָך האַלבער נאַכט צו חלום? וואָס זענט איר, אַ בעל־שם? וואָס ווילט איר פון מיר? איר מאַכט אייך מופתים בײַ אַלטע גויעס—איך דאַרף נישט קיין מופתים...

ר' נחום האָט אויף אים געקוקט מיט גרויסע קינדישע אויגן און אויף זײַן ציכטיג־ווײַס פּנים איז עפּעס ווי אַ שאָטן דורכגעלאָפן.

— גאָט ווייס, ר' חיים, אַז איך בין דאָ גאָרנישט ניט אויסן. כ'קלער נאָר, אפשר קען איך אייך מיט וואָס עס איז העלפן. די הייליגע תורה האָט דאָך געהייסן, מ'זאָל נישט לאָזן אַ יידן פאַלן אונטער אַ שווערער משא...

— וואָס? איר ווילט מיך נישט לאָזן פאַלן? איר האָט שוין פאַרשפּעטיגט. איך בין שוין ניט נאָר געפאַלן, נאָר אויך אײַנגעזונקען...

— וואָס איז מיט אייך, ר' חיים?

אַ גאַנצע ווײַלע האָט חיים ניט געענטפערט. ער האָט ויצנדיג פאַרלעגט די הענט און געקוקט פאָראויס פאַרער־גערט און פאַרביטערט. דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק גענאָגט. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך געווענדט צו ר' נחומען און אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז מיר, ר' נחום, זעהר ניט גוט. איך האָב אַלץ פאַרלאָרן — איך האָב פאַרלאָרן אַ בן־יחיד, איך האָב דעם קאָפּ פאַרלאָרן. דער עיקר אָבער, וואָס כ'האָב פאַרלאָרן דאָס לעצטע ביסל חיות פון דער נשמה... אַלע וועלטן דרייען זיך ווי אין אַ ראָד. ווי מ'זאָל ניט לויפן, קומט מען אויף דעם זעלבן אָרט. אין די גרעסטע התלהבות ציהט דער גוף צו דער ערד. און אין די גרעסטע הפקרות ציהט דער נשמה־פינטל צוריק אין דער הויך. ווי אין אַ כף־הקלע שלײַדערט מען מיך... אָט אין דעם ראָד האָב איך דאָס חיות פאַרלאָרן...

ר' נחום האָט אים געוואָלט עפּעס דערויף זאָגן. נאָר חיים האָט אים נישט געלאָזט אויסרעדן, זיך פלוצים אויפגעשטעלט פון אָרט, זיך ממש אַ וואָרף געטאָן אויף ר' נחומען:

— רעדט ניט, ר' נחום, און האָט למען השם אויף מיר ניט קיין רחמנות. איך האָב אַלץ פאַרלאָרן, נאָר מײַן חוצפה קען איך נישט פאַרלירן. כ'קוק מיט אָפענע אויגן אויף מײַן שאַנד, אויף מײַן אומגליק און טו אַפילו ניט קיין ציטער. לאָזט מיך, ר' נחום, רעדן פאַר אייך אָפן. דער אויבערשטער וועט מיך ניט שטראָפן פאַר מײַנע רייד. איך שנייד דאָך אַליין פון מיר שטיקער. יעדעס וואָרט גייט פון מיר אָפּ מיט בלוט, יעדער דיבור איז מײַן כף־הקלע, וואָס שלײַדערט מיך לעבעדיגערהייט. מײַן שטראָף איז דאָך, וואָס איך האָב צו אָפענע אויגן. אָט נאָר וואָס האָב איך זיך געוואָרפן מיטן קאָפּ אַראָפּ אין סאַמע הפקרות, נאָר מײַנע אָפענע אויגן לאָזן מיך דאָך ניט פאַרזינקען.

און כ׳זעה, פון וואַנען איז דאָס געקומען דער אומגליק. איר פאַרשטייט, דער בעל־שם־טוב האָט געגעבן יעדן יידן אין דער האַנט אַ ביקס. מיט איר קען מען איינעמען וועלטן, נאָר פּראָסטע יידן, וואָס קענען ניט שיסן, צעמזיקן זיך אויף טויט. אָט אַזוי בין איך געפאַלן פון מיין אייגענער ביקס. אָט אַזוי האָבן טויזנטער יידן אויפגעהערט צו לערנען און צו דאַווענען, ווי אין אַמאָליגע יאָרן, און שיסן מיט התלהבות...

ר׳ נחום איז געווען שטאַרק ערשטוינט און פאַרחידושט אַ זאָג געטאָן:

— אויף דערויף איז דאָך דאָ אַ רבי, אַ מנהיג הדור, וואָס פירט אויפן אמתן וועג...

חיים האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אָט דאָס האָט דען געמיינט אַ בעל־שם־טוב, אַז רבישקייט זאָל ווי געלט איבערגיין בירושה? נאָכן בעל־שם, ווי נאָך משה רבנו, איז אויפגעשטאַנען ניט אַ זון, נאָר אַן עלטערער תלמיד. און איצט איז דאָס געוואָרן אַ ירושה־זאַך. דער סטאַראשעליער, דעם רבנס אַ תלמיד, האָט אויפגעהויבן אַ קול, האָט מען אים פאַרטיוקעט. און ווען איז נאָך געווען ביי יידן אַזוי פיל מחלוקת ווי צווישן די רביים? די מחלוקת פון דעם רב מיט ר׳ ברוך מעדזשיביזשער, די בראַסלאַווער מחלוקת, און איצט אַ פרישע מחלוקת צווישן רוזשין און טשערנאָביל. אין יעדער געגנט איז אַן אַנדער רבי, און ביי יעדן רבין איז אַ הויף מיט קינדער און קרובים, וואָס קריגן זיך אָפן אָדער באַהאַלטן פאַר דער קומענדיגער ירושה, אין אַנדערע הויפן ציהט מען זיך שוין צו גאָלד און זילבער. ניט נאָר אַ רבי, נאָר אַפילו שלמה המלך האָט קוים געקענט ביישטיין אַנטקעגן דעם גלאַנץ פון דער וועלט...

ר׳ נחום האָט שטאַרק פאַרזאָרגט ניט אַראָפּגענומען די גאַנצע צייט אַן אויג פון חיימען און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— בײַ קדושים, בײַ הײליגע ייִדן איז דאָך דאָס אַלץ פֿון גאָטס װעגן — לשם שמים...

בײַ די װערטער האָט חיים ממש אױפֿגעקאָכט. ס'איז אים אָבער פּלוצים ניט גוט געװאָרן. ס'האָט אים װײטער שטאַרק געשפּאַרט אונטערן האַרצן. ער האָט זיך אָהן כּחות געזועצט אויף דער ערד און זיך אָנגענומען מיט בײדע הענט פֿאַרן האַרצן.

ר' נחום האָט זיך אַ דערשראָקענער צו אים אָנגעבויגן. נאָר חיים האָט באַלד אויסגעשטרעקט בײדע הענט און פֿאַר־צווײפֿלט אַ זאָג געטאָן:

— מיר זײנען דאָך, ר' נחום, װײטער אין דעם זעלבן ראָד. איר פֿאַרשטײט, מחלוקת, כּבוד און געלט װערן אויפֿגעהויבן פֿון גאָטס װעגן, און אַזוי אַרום קריכן זײ אַרײַן אין קדושה. און פֿון גרויס קדושה פֿאַלט מען אַרײַן אין מחלוקת און מ'באַ־קומט כּבוד פֿון מלכים. אַ ראָד! בײַ יעדער מחלוקת טאַנצט דער טײַװל. און צוליב װאָס די מחלוקת זאָל ניט זײַן, האָט שוין דער טײַװל זײַן טאַנץ געכאַפּט. גבירים, טראָגן זײער געלט צום רבין און װערן נתעלה, און דער רבי אַלײן װערט אַ גביר און הויבט זיך אָן צו גליטשן. פּושעים, זינדיקע זײנען פֿול מיט מצוות װי אַ מילגרוים, און צדיקים, װאָס גרעסער זײ זײנען, אַלץ גרעסער איז זײער יצר־הרע. אַ מוראדיקער ראָד, װאָס דרײט זיך װי אַ װיכער. דער טײַװל טאַנצט און פֿלאַקערט. ס'שװינדלט געפֿערליך אין די אויגן, ניטאָ מיט װאָס צו אָטעמען...

— הערט נאָר, ר' חיים, איך װיל אײך דערצײלן אַ טשי־קאַװע זאַך, װאָס איז פֿאָרגעקומען בײַ אונזער רבין אין טשער־נאָבּיל. אַלע חסידים װײסן, פֿאַרװאָס דער רבי גיט שטרענג אַכטונג דערויף, אַז די טירן פֿון זײַן שטוב זאָל מען בײַנאַכט באַצײַטנס פֿאַרשפּאַרן. אײנמאָל האָט דער רבי בײַנאַכט פֿאַרן שלאָף אַ זאָג געטאָן צו זײַן שמש: „כלאַװנע (אַזױ רופֿט מען

דעם רבינס שמש), פאַרקייטל שוין די טירן". כלאַוונע איז גלייך אַוועק צו דער טיר און אין אַ מינוט אַרום איז ער געקומען צוריק און געזאָגט, אַז ער האָט אומעטום פאַרקייטלט. דער רבי איז אָבער געווען ניט זיכער. האָט ער גענומען אַ ליכט און איז אַליין געגאַנגען אַ קוק טון צו דער טיר. און טאַקע אַ טשיקאַווע זאַך. אויף דער הויזטיר זיינען דאָ צוויי קייטלען: אַן אויבערשטער און אַן אונטערשטער. כלאַוונע האָט אָבער נאָר פאַרטשעפּעט דעם אויבערשטן קייטל, און דעם אונטערשטן האָט ער געלאָזט אָפן. האָט אים דער רבי געזאָגט: „דו טוסט, כלאַוונע, ווי אַ חבדניק—אַ חבדניק האָט אויך ליב צו פאַרטשעפּען אויבן, נאָך איידער ער פאַרטשעפּעט אונטן". איך וויל אייך, ר' חיים, חלילה, ניט פוגע בכבוד זיין. איך בין אייך אַ גוטער פריינט מיטן גאַנצן האַרצן. למאי, זאָלט איר גלייך פאַרטשעפּען אויבן און פרעגן קשיות אויף רביים און קדושים. פאַרטשעפּעט בעסער אונטן, דאָס הייסט ביי זיך אַליין. דער אויבערשטער איז דאָך אַ גרויסער רחמן. אויב מ'פאַלט, קען ער מיט רחמים אויפהויבן, און אויב מען זינדיגט, לאָזט ער טון תשובה. דער אויבערשטער איז דאָך אַ פאָטער פון געפאַלענע און צעבראָכענע. איך בעט אייך, הערט אויף צו רעדן וועגן רביים און דערציילט מיר בעסער, וואָס טוט זיך דאָס מיט אייך אַליין...

חיים האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו ר' נחומען נאָך נעהענטער און אַ זאָג געטאָן:

— איך וועל אייך זאָגן דעם גאַנצן אמת. ערשט צוריק מיט אַ פּאָר טעג בין איך געקראָכן אויפן הימל, כ'האָב, דוכט זיך, מיט אַלע מיינע רמ"ח אברים דערהערט, אַז ס'איז אין עוד מלבדו. ניטאָ גאָרנישט חוץ אים. ממילא איז דאָך אַזאַ זאַך ווי טויט אַ פּשוטער דמיון. זיינען מיר געגאַנגען אַלע מיט געזאַנג נאָך דער לויה פון מיין בן־יחיד, כדי צו באַ־

גראָבן דעם טויט. נאָר אין מיטן התלהבות האָט אָהן מיין ידיעה דאָס האַרץ אָנגעהויבן פשוט ווי טון אויפן געשטאָרבענעם זון. מיר ווערט טונקל אין די אויגן און איך קען ניט איינ־שטיין. אַז טויט איז אַ דמיון, איז דאָך האַרצווייטאָג אודאי אַ דמיון. פאַרוואָס־זשע קען איך אַנטקעגן דעם ניט ביישטיין? איר פאַרשטייט, איך באַגראָב דעם טויט, און דאָס האַרץ, דער גוף באַגראָבט מיך. האָב איך שוין גלייך דערזעהן, אַז מיינע גאַנצע התלהבות איז אויך נאָר אַ פאַרשפּיצטע תאוה פון גוף, אַ געשריי פון היים בלוט, וואָס זוכט ריינעם שפּירט און זודיגע התלהבות. בסך־הכל הייסט עס, אַז איך האָב פשוט געשיכורט מיט דעם אין עוד מלבדו. בין איך אַנטלאָפן ווי אַ פּוישע ישראל אָהן קדיש פון דעם אָפענעם קבר. וויל איך שוין טאַקע גאָר פאַלן, כדי אָפּצונעמען ביים שיכורן גוף דעם לעצטן הייליגן פונק. איז וואָס מער אָבער איך פאַל, אַלץ מער ציהט מיך אין דער הויך. עפּעס אַ פינטל שטייט דאָרט אין מיטן דער נשמה און לאָזט ניט—ניט פאַלן און ניט אויפהויבן זיך. רייסט מען זיך אין דער הויך, ציהט דער גוף צו דער ערד, לאָזט מען זיך צום גוף אַראָפּ, רייסט עס אין דער הויך. אַ ראָד, וואָס האַלט זיך אין איין דרייען. יעדער פּינטל אין ראָד, ווי נאָר ער דרייט זיך אַרויף, קייקלט ער זיך שוין באַלד אַראָפּ, הויבט זיך באַלד אויף און ווייטער אַראָפּ. אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ... ס'הערט גאָרניט אויף. טאַקע דאָס לעצטע ביסל חיות גייט אויס...

חיים האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, און מיט אַ פאַרטראַכטן שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב זיך דערמאָנט אָן אַ מאָדנער מעשה, וואָס איך האָב אַמאָל געהערט פון אַ פּוילישן חסיד. דעם אמת גע־רעדט, האָבן מיר, חבדניקעס, ניט גאָר ליב אַזוינע מעשות, נאָר אָט די מעשה קען איך פאָרט ניט פאַרגעסן. כ'וועל אייך דערציילן וואָרט אין וואָרט, ווי איך האָב זי געהערט.

---

## V. די גנבה אויפן הימל

דאָס איז פאָרגעקומען בײַם בית־דין של מעלה. אויפן הימל האָט מען געבראַכט צום משפט צוויי מאָדנע גנבים. איינער איז נחומל דער גנב—אַ יונגערמאַן, וואָס פאַרשווינדט אויף אַ גאַנץ יאָר הינטערן שטאָט, וואו ער טוט אָפּ כלערליי גנבות. גנבעט בײַ טויטע און בײַ לעבעדיגע. נאָר ערב יום־כפור קומט ער אין שטאָט אַריין, צעטיילט זײַן גאַנץ געלט פאַר אָרימעלייט, און יום־כפור שטייט ער אין בית־המדרש אַ גאַנצן מעת־לעת אויף די פיס און דאַוונט אַזוי האַרציג און אַזוי געשמאַק, אַז שטיינער צעגייען פון מתיקות. און אויף מאָרגן נאָך יום־כפור גיט ער אָפּ זײַן לעצטע מטבע פאַר אָרימעלייט אויף יום־טוב און פאַרשווינדט ווייטער אויף אַ גאַנץ יאָר הינטערן שטאָט, וואו ער הויבט ווייטער אָן זײַנע מיאוסע גנבות. דער צווייטער איז געשטאַנען פאַרן משפט יעקב־יואל—אַן אַלטער, בכבודיגער ייד מיט אַ גרויסער ווייסער באָרד. אַ געוועזענער הענדלער, האָט ער אויף די עלטערע יאָרן פאַרלאָזט זײַנע געשעפטן אויף די קינדער און אַליין אָנגעהויבן אין בית־המדרש יומם ולילה צו דאַווענען און צו לערנען. טאָגט ער און נעכטיגט אין בית־המדרש און גייט פון דאָרט כמעט קיינמאָל ניט אַהיים. נאָר איינמאָל אין יאָר, ווען אין שטעטל איז דער יריד און בײַ

זיינע קינדער אין געשעפט ברענט די אַרבעט און עס פעלן הענט, בעט מען דעם אַלטן טאַטן יעקב־יואלן, ער זאָל זיך שטעלן פאַר דער קאָנטאָרקע. פאַרשטייט זיך, אַז קיינעם פאַלט ניט איין אַפילו דער קלענסטער חשד אויף אַזאַ שיינעם יידן. נאָר יעקב־יואל מאַכט שטילערהייט דוקא די רעכטע גנבה און רוקט טאַקע בגנבה אין קעשענע איין מטבע נאָך דער אַנדערער. פאַר דעם אָנגעגנבעטן געלט קויפט ער זיך אַלע טאָג בראָנפן מיט פאַרבייסן. ער האָט דאָס חיות ליב געהאַט צו נעמען נאָכן דאַווענען אַביסל בראָנפן מיט חסידים אָדער אַזוי אין אַ מסיבה פון יידן.

דער בית־דין של מעלה האָט זיך פריהער אַ נעם געטאָן פאַר יעקב־יואלן, האָט ער אָנגעהויבן טענהן:

—איך האָב דאָך דאָס ביי מיינע אייגענע קינדער גע־נומען, אין מיין געוועזענער קראָם, און דערצו בין...

שלאָגט אים איבער דער טייוול מיט אַ גיפטיגן גע־לעכטער:

— נו, און די רויטע פאַטשיילע?

יעקב־יואל האָט זיך פאַרשעמט — דאָס האָט מען אים טאַקע דערמאָנט גאָר מיאוסע זאַכן. כמעט אַלע ר"ח, אַ יומא דפגרא אָדער גאָר אין אַ געוויינליכן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג פלעגט יעקב־יואל אינדערפריה נאָכן דאַווענען אַרומגיין אין בית־המדרש מיט אַ רויטער פאַטשיילע אין דער האַנט און בעטן ביי יעדן אַ נדבה פאַר אַ „נויטיגן ענין". פאַרשטייט זיך, אַז קיינעם פאַלט אַפילו ניט איין דער קלענסטער חשד אויף אַזאַ שיינעם יידן, ווי יעקב־יואל מיט דער ווייסער באָרד. און ער קלייבט טאַקע אָן אַ פולע פאַטשיילע מיט קופּערנע מטבעות, אָפּט מאָל כאַפּן זיך אַריין אַ פּאָר זילבערנע. דערביי שמייכלט ער זיך אין דער ווייסער באָרד אַריין און קלערט: „נעמען אַביסל בראָנפן מיט חסידים איז טאַקע זעהר אַ „נויטיגער ענין".

און איצט שטייט ער פאַרן בית־דין של מעלה און קען פון בושה קיין וואָרט ניט אויסרעדן.

האָט מען זיך אַ נעם געטאָן פאַר נחומלען דעם גנב. הויבט ער אָן גאָר פשוטע דבורים:

— איך האָב, רבונו של עולם, ניט וואָס צו זאָגן. דו ווייסט דאָך אַלע מיינע מעשים. איך גנבע אַ גאַנץ יאָר און נעם ניט קיין הייליג וואָרט אין מויל. און ערב יום־כפור צעטייל איך מיין געלט פאַר אָרימעלייט און דערנאָך אַ גאַנץ יום־כפור פאַר־מאַכט זיך ניט מיין מויל און מיין האַרץ פאַר דיין הייליגן נאָמען וועגן. מער האָב איך ניט וואָס צו זאָגן — טו מיט מיר, רבונו של עולם, וואָס דו ווילסט...

איצט האָט דער טייוול אָנגעהויבן רעדן פאַרן בית־דין של מעלה מיט אַ בייזן קטרוג:

— דאָס זיינען ניט קיין פשוטע גנבים. יעקב־יואל טראָגט נאָך דערצו אַ באָרד מיט פאות און מיט דעם לערנען און דאַוו־נען מאַכט ער זיך אַ גוטן וועג צו פרעמדע קעשענעס. און נחומל מאַכט זיך איין מאָל אין יאָר אַ כשרן יום־כפור, כדי מיט אַ גרינגער האַרץ און מיט אַ נייעם חשק ווייטער אָנהויבן צו גנבענען. פאַר זיי ביידן איז וויניג נאָר פשוט גנבענען. די גנבה פאָרט ביי זיי רייטנדיג אויף דער ערליך־יידישקייט און פון דעם הייליגסטן מאַכן זיי נאָר אַ שליסל צו עפענען פרעמדע טירן. אַזאַ חילול השם, וואָס אַפילו רשעים קענען זיך קוים פאַרגינען...

דער גוטער מלאך, דער סניגור, איז פונדעסטוועגן ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. ער האָט דווקא מיט גרויס אימפעט אָנגע־הויבן באַשיצן די ביידע שולדיגע יידן.

— כ׳וואָלט וועלן וויסן, האָט ער ברייט אָנגעהויבן, וואָס האָבן די ביידע יידן געטאָן מיט זייער אָנגעגנבעט געלט? צי האָט ווער געזעהן יעקב־יואלן ווען עס איז עסן אַ גוטן

וואַרימעס? צי איז יעקב־יואל כאָטש איין מאָל אויף דער עלטער געשלאָפן אויף אַ ווייך בעט און ניט אויף דער האַרטער בית־המדרש־באַנק. און פאַר די עטליכע קאָפּיקעס, וואָס ער קלייבט צונויף, מ׳שטיינס געזאָגט, קויפט ער אַביסל בראָנפן, וואָס ער טרינקט ניט אַליין, נאָר מיט חסידים אינאיינעם. דערביי קומט אַרויס אַ גוט וואָרט און ס׳דערוואַרעמען זיך יידישע הערצער פאַר זיין ליבן נאָמען. זיינע קינדער און די שול־בעלי־הבתים וואָלטן דאָך הנאה געהאַט, ווען זיי וואָלטן זיך נאָר דערוויסן, וואָס פאַר אַ הייליגער תכלית ס׳איז אַרויס פון זייערע פאָר גראָשן. און וואָס האָט נחום געטאָן מיט זיין געלט? ער האָט געבויט הייזער? ער האָט געלאָזט נאָך זיך ירושה? נחום איז דאָך נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, האָט ער אַ סך געלט אויס־געגעבן אויף תאוות? ער צעטיילט ערב יום־כפור זיין גאַנץ געלט פאַר אָרימעלייט און דאָס גאַנצע האַרץ איז ער מקריב איז דאַוונען. נישקשה, אַז די באַגנבעטע יידן וואָלטן וויסן, וואָס נחום טוט מיט זייער געלט, וואָלטן זיי אויך ניט געקערט די וועלט. נחום און יעקב־יואל האָבן דאָס געקענט פון דער גנבה אַליין אויסזויגן הייליגע חיונה, אַרויסציהען קדושה פון דער טומאה אַליין. דאָס האָבן ניט אַלע צדיקים געקענט....

אויסגעהערט ביידע צדדים, האָט דער בית־דין של מעלה נאָך ביזן פסק געהייסן, אַז נחום און יעקב־יואל, יעדער פון זיי באַזונדער, זאָל פריהער אויף אַ וואָגשאָל אַליין וועגן זיינע גוטע און שלעכטע מעשים. אין דאָ האָט זיך טאַקע געטראָפן אַ געוואַלדיגע זאַך. נחום האָט אָנגעהויבן לעגן אויף דער שוואַרצער וואָגשאָל איין יאָר נאָכן אַנדערן — איז אים פינסטער געוואָרן אין די אויגן. יעדעס יאָר איז געפאַקט מיט גנבה און יעדע גנבה איז שווער ווי אייזן. און אַנטקעגן האָט ער, מ׳שטיינס געזאָגט, איינציגע קנאַפע יום־כפורס. ער האָט אָבער אָנגעהויבן לעגן אויף דער ווייסער שאָל די יום־כפורס, איז

אים לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה. דער יום־כפור איז טאַקע קלײן, אָבער שטאַרק וואָגידיג — יעדער יום־כפור איז אָנגעזאַפּט מיט האַרציגע טרערן, און יעדער טרער איז שווערער פון אײזן. נחום לעגט אַרויף דעם לעצטן יום־כפור און דערזעהט, אַז ס׳פעלט נאָר איין האָר, אַז די ווייסע שאָל זאָל איבערוועגן. טאַקע נאָר איין האָר — ממש דאָס חיות גייט אים אויס. אויך יעקב־יואל האָט מיט גרויס ציטערניש געלעגט אויף דער שוואַרצער וואָגשאָל אַלע ירידים און די רויטע פּאַטשיילקעס. יעדער יריד, יעדע פּאַטשיילקע איז אָנגעפּאַקט מיט קופּערנע און זילבערנע מטבעות, און יעדע מטבע איז שווער ווי אײזן. ער האָט אָבער פריי אָפּגעאָטעמט, אַז ער האָט אָנגעהויבן לעגן אויף דער ווייסער וואָגשאָל זיין לערנען און דאַוונען און אַלע זיינע מעשים טובים. דערהויפּט האָבן שטאַרק געוואויגן זיינע פלאַמעדיגע טענץ און ניגונים פון ימים־טובים און יידישע שמחות. איז אָבער אויך ביי יעקב־יואלן דאָס זעלבע — ס׳פעלט נאָר איין האָר, אַז די ווייסע שאָל זאָל איבערוועגן. יעקב־יואל צאַפּלט זיך: אָט וויל די ווייסע שאָל איבערוועגן — ס׳פעלט נאָך עטוואָס ווייניגער פון אַ האָר, טאַקע ממש אַ האַרצווייטאָג. יעקב־יואל און נחום גייען אויס פאַר פּאַרדרוס און אומגעדולד. אַלע ווײלע דוכט זיך, אַז אָט—אָט וועט די ווייסע שאָל איבערוועגן, ס׳פעלט אָבער פּאָרט אַ האָר. זיי קוקן זיך ביידע איבער און פּלוצים טוט נחום אַ מיאוסן וואונק מיט די אויגן צו יעקב־יואלן. פון גרויס אומגעדולד קענען זיי זיך ניט איינהאַלטן, און פאַרקוקנדיג זיך כלומרשט אָן אַ זייט, הויבן זיי אָן אויף גיך, מיט דער רעכטער האַנט אַראָפּגנבענען עפּעס פון דער שוואַרצער שאָל. זיי האָבן אַפּנים ניט געוואוסט, אַז וואָס מער מען גנבעט פון אַ הימלישער שאָל, אַלץ שווערער ווערט זי. טאַקע ווי נאָר זיי האָבן זיך צוגערירט מיט דער גנבעשער האַנט, האָט די שאָל געגעבן אַ פאַל אויף אונטן מיט אַזאַ קלאַפּ, אַז אלע

הימלען האָבן אויפגעציטערט. ס'איז געוואָרן אַ גרויסער גע־רודער. דאָס האָט צום ערשטן מאָל פּאַסירט אַ גנבה אויפן הימל. דער טייוול האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שוואַרצן קטרוג:

— איצט זעהסטו דאָך, רבונו של עולם, אַז מחמת דיין רחמנות צו מענשן האָבן זיי אָנגעהויבן צו גנבענען אויף די הימלען, אַרום דיין כּסא הכבוד. די שוואַרצע זינד קריכט שוין מיט דער גאַנצער טומאה אין די הימלען...

פון גן־עדן, פון אַלע היכלות זיינען אַרויס נשמות און מלאכים מיט אַ רעש און געפּילדער. ס'איז געוואָרן שטאַרק אומ־רוהיג אויף די באַגנבעטע הימלען.

אַפילו דער גוטער מלאך, דער סניגור, איז בּיי זיך אינ־גאַנצן אַראָפּגעפאַלן און האָט זיך אָנגעהויבן בעטן בּיים בּית־דין של מעלה:

— אַלע הימלען ווייגען און ציטערן, און ס'איז שוין ניטאָ איין מלאך, וואָס זאָל קענען זיין אַ מליץ־יושר פאַר די צוויי יידן. זאָל מען סיידן רופן דעם בּערדיטשעווער רב, נאָר ער וועט נאָך קענען געפינען אַ זכות אויף די יידן....

דערזעהן אָט דעם גאַנצן גערודער, האָבּן נחום און יעקב־יואל זיך אָנגענומען אין גרויס שרעק און יאוש פאַר די הענט און אָנגעהויבן ווייגען אויף אַ קול.

די גאַנצע מעשה האָט פּאַסירט אום יום־כּפּור. דער בּערדיטשעווער רב האָט דעמאָלסט געדאַוונט מוסף פאַרן עמוד אין בּערדיטשעווער בּית־המדרש. שוין צו תּקיעות האָט ער גע־פילט, אַז אויף די הימלען איז אַ שטאַרקער גערודער און אַז שווערע דינים האָבּן זיך ווי שוואַרצע וואָלקנס געלאָזט אויף דער וועלט. ער האָט געהאַלטן אין מוסף בּיי די ווערטער: „אדם יסודו מעפר“... — ווען מ'האָט אים אַרויפגערופן פאַר אַ מליץ־יושר צום בּית־דין של מעלה.

דערזעהן די צוויי דערשראָקענע און פאַרלאָרענע יידן,

האָט ער אויסגעשטרעקט ביידע הענט און מיט גרויס צעבראָכנ־קייט אַ געשריי געטאָן:

— הייליגער רחמן!

איז שוין באַלד אַ לויטערע שטילקייט פון ליבשאַפט און רחמנות געקומען אויף אַלע הימלען. ס'האָט זיך נאָר געהערט דאָס יאושדיגע וויינען פון די צוויי געפאַלענע גנבים. ס'האָט שטאַרק פאַרנומען דעם בערדיטשעווער רב פאַרן האַרצן. ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און אָנגעהויבן מתפלל זיין. ער האָט אויף זיין הייליגן שטייגער געזונגען מיט גרויס מתיקות און צעבראָכנקייט.

— אדם יסודו מעפר—דער מענש, מ'שטיי'נס געזאָגט, קומט פון שטויב, וסופו לעפר—און זיין סוף איז שטויב. בנפשו יביא לחמו — טאָמער האָט ער אַ נשמה, מוז ער זי זעצן אויפן שפיל פאַר אַ שטיקל ברויט. איז דאָס נאָך ווייניג. איז משול כחרס הנשבר, וואַרפט מען זיך מיט דעם זינדיגן מענשן, ווי מיט אַ צעבראָכן שערבל. הייליגער רחמן! דו האָסט דעם גן־עדן, דיין לויטערן שיין, באַהאַלטן פון דעם מענישנס אויג אויף יענער וועלט, און דעם יצר־הרע האָסטו געלאָזט פלאַקערן אין דעם מענשנס האַרצן אויף דער וועלט. וואָס זשע איז דער חידוש, אַז דער מענש בריהט זיך אָפּ אָן דעם פייער, וואָס דו אַליין האָסט אין אים געוואָרפן. זאָלן ציטערן די הימלען, וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די הימלען אַנטקעגן די טרערן פון צע־בראָכענע הערצער.

דער בערדיטשעווער רב האָט ווייטער אויסגעשטרעקט די הענט און אָנגעהויבן זיך צו בעטן מיט גרויס ליבשאַפט און האַרציגער צעבראָכנקייט:

— הייליגער רחמן!

— הייליגער רחמן!

האָבן זיך אין איין רגע אַלע טויערן פון רחמים געעפנט.

יעקב־יואל און נחום זיינען גלייך דערהויבן געוואָרן דורך די חסדים פון זיין ליבן נאָמען. דער בערדיטשעווער רב האָט דערזעהן, אַז ס'איז אַ גרויסער עת רצון, האָט ער ניט געוואָלט דורכלאָזן די גוטע רגע און האָט אָנגעהויבן בעטן רחמים אויף דער גאַנצער וועלט. וויפיל איז אַ שיעור, אַז די וועלט זאָל זיך אַזוי ראַנגלען און צאַפּלען? מ'גייט דאָך ממש אויס! זאָל דער הייליגער רחמן זיך שוין דערבאַרימען און אַראָפּ־שיקן דעם משיח־צדקן, וואָס זאָל אויסלייזן די וועלט פון זינד און צרות. ווי דער הייליגער נביא האָט...

איז דער טייוול אַריינגעפאַלן דעם בערדיטשעווער רב אין מיטן די רייד און ממש אַ געשריי געטאָן:

— דעם בערדיטשעווער רב איז ווייניג אַריינצופירן גנבים אין גן־עדן, ער וויל נאָך דורך זייער גנבה אויפן הימל אַראָפּברענגען משיחן אויף דער וועלט...

נאָך איידער דער בערדיטשעווער רב האָט צייט געהאַט צו ענטפערן, האָט אים פּלוצים אַראָפּגערופן פון בית־דין של מעלה אַ שרעקליכער גוואַלד, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אין בית־המדרש. איינער אַן אַלטער ייד האָט פון שוואַכקייט ניט געקאָנט אויסהאַלטן דאָס יום־כפּורדיגע פאַסטן און האָט אָנ־געהויבן חלשן. מען האָט אים גאָרניט געקענט אָפּמונטערן. דער בערדיטשעווער רב האָט מפסיק געווען אין מיטן דער שמונה־עשרה, איז צוגעגאַנגען צום יידן, האָט אים אַרומגע־נומען און עפּעס אַ זאָג געטאָן אויפן אויער, איז דער אַלטער ייד גלייך געקומען צו זיך און געעפנט די אויגן.

דערווייל איז דער עת רצון אויפן הימל דורכגעגאַנגען...

ווער ווייס, ווען ס'וואָלט זיך דעמאָלט ניט געטראָפן דער גוואַלד אין בית־המדרש, וואָלט דער בערדיטשעווער רב אַראָפּ־געבראַכט משיחן אויף דער וועלט...

---

## VI. א גרויסע בשורה

חיים האָט געענדיגט די מעשה, איז אַ ווײַלע אַנטשוויגן געװאָרן און זיך פאַרטראַכט. ער האָט באַלד אױפגעהױבן די אױגן צו ר׳ נחומען און אַ זאָג געטאָן:

— איר פאַרשטײט, אין דער מעשה זעהט מען דעם מאױמדיגן ראָד פון נשמות און װעלטן. גנבה און ערליך־ײדישקײט קײקלען זיך אַרײַן אײנע אין די אַנדערע... חיים האָט זיך אַ קער געטאָן צו ר׳ נחומען:

— גװאַלד, ר׳ נחום, װאָס טוט מען? כ׳האָב אין דעם ראָד פאַרלאָרן דאָס לעצטע ביסל חיות...

ער האָט זיך אָנגענומען מיט בײדע הענט פאַרן קאָפּ און װי אַ פאַרװאונדעטער געשריען:

— פאַרלאָרן.... פאַרלאָרן..

האָט זיך ר׳ נחום פּלוצים אױפגעהױבן מיט אַ ליכטיג פּנים און זיך אַ קער געטאָן צו חײמען מיט אַ מינע פון אַ מענשן, װאָס טראָגט מיט זיך אַ פּלוצימדיגע אומגעריכטע בשורה:

— איר װעט, ר׳ חיים, באַלד געפינען, װאָס איר האָט פאַרלאָרן. דער אױבערשטער אַלײן האָט מיך צו אײך געשיקט. איך זעה, ס׳איז געקומען די צײַט, אַז איך זאָל אײך אױפדעקן דעם סוד, װאָס איך טראָג שױן צענדליגער יאָרן באַהאַלטן אונטערן האַרצן...

ר׳ נחום האָט זיך שטיל אַנידערגעזעצט און מיט אַ ליכטיגן שמייכל זיך אַ רגע אַרומגעקוקט אויף דער לאָנקע. ס׳האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. די גאַנצע לאָנקע איז געלעגן פאַרגאַפט און פאַרחלשט אין באַגינען־ליכט. דער וואַלד האָט שטיל אַ ציטער געטאָן און געשאָקלט מיט די שפּיצן בוימער. חיים האָט געקוקט פאַרחידושט און נייגעריג אויף ר׳ נחומען, וואָס האָט אָנגעהויבן אַזוי דערציילן:

— כ׳געדענק עס נאָך ווי היינט. בשעת כ׳בין נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן, בין איך, ניט היינט געדאַכט, שטאַרק גע־שטרויכלט געוואָרן און בין אַריינגעפאַלן גאָר אין עצבות. האָב איך זיך געלאָזט גלייך צום אַלטן זכרונו לברכה. דער רבי האָט מיר געגעבן שלום, נאָר פון גרויס יסורים האָב איך אַ וואָרט ניט געקענט אויסרעדן. האָט מיר דער רבי אַ זאָג געטאָן אַ הייליגע „תורה״, וואָס האָט מיך גלייך געראַטעוועט און אָנגעפילט מיט שמחה. דערנאָכדעם האָט מיר דער רבי געזאָגט, איך זאָל קיינעם ניט מגלה זיין די „תורה״, ביז איך וועל באַגעגענען איינעם, וואָס האָט פאַרלאָרן זיין נשמה און קען זי ניט געפינען. אָט דער מענטש וועט זיך וועלן פון יסורים אָפּגעבן פאַרן טייוול און וועט דאָס ניט קענען. אָט דעם מענטשן זאָל איך מגלה זיין די „תורה״. איצט וועל איך אויס־פירן דעם רבינס שליחות און אייך זאָגן די הייליגע תורה...

ר׳ נחום האָט אַלץ ליכטיגער געשמייכלט, און עטוואָס צומאַכנדיג די אויגן, האָט ער געזאָגט:

— כ׳געדענק ווי היינט, דער רבי האָט בזה הלשון אָנגע־הויבן: „ווי גרויס ס׳זאָלן ניט זיין, נחום, די יסורים פון אַ מענטשן, וואָס האָט עפּעס פאַרלאָרן, ווערן אָט די יסורים בטל אין דער שמחה, וואָס מ׳האָט בשעת דעם צוריקגעפינען. דאָס איז דאָך די הייליגע גרויסע מצוה פון השבת אבדה — מ׳זאָל אומקערן אַ מענטשן דאָס, וואָס ער האָט פאַרלאָרן. זאָג איך

דיר, נחום, אַז ס'איז טאַקע כּדאי איינצושטעלן דאָס לעבּן פאַר אַזאַ מצוה און מחיה זיין אַ פאַרשמאַכטע נשמה, וואָס קאָן ניט געפינען דאָס פאַרלאָרענע. זיינען אָבער דאָ פאַראַן פאַר־שיידענע מדרגות. איינער האָט פאַרלאָרן און ווייס כאָטש, וואו ער האָט פאַרלאָרן. ממילא ווייס ער, וואו צו זוכן און קען גיכער געפינען. שלעכט איז אָבער, אַז מען ווייס ניט, וואו מען האָט פאַרלאָרן. ממילא ווייס מען דאָך גאָרניט, וואו צו זוכן. איז אָבער דערבּיי גוט, אַז מען ווייס כאָטש, ווען מ'האָט פאַרלאָרן, ווייל מחמת דעם קאָן מען דאָך אויסרעכענען, וואו מען איז געווען בשעתן פאַרלירן און ממילא ווייס מען שוין, וואו מען האָט צו זוכן. פיל שווערער איז אָבער, אַז מען ווייס ניט אַפילו, ווען מ'האָט פאַרלאָרן, ווייס מען דאָך שויז גאָרניט, וואו צו זוכן. איז אָבער דערבּיי נאָך ניט אַזוי שלעכט, אַז מען ווייס כאָטש, ווי אַזוי מ'האָט פאַרלאָרן. ווארום אַז מ'איז זיך מתבונן און מ'פאַרשטייט, ווי אַזוי מ'האָט פאַרלאָרן, ווייס מען שוין בעסער, ווי און וואו צו זוכן. נאָר אַז מען ווייס אַפילו נישט, ווי אַזוי מ'האָט פאַרלאָרן, איז נאָך פונדעסטוועגן גוט, אַז מען ווייס כאָטש, וואָס מען האָט פאַרלאָרן. ווייס מען לכל הפּחות, וואָס צו זוכן. ערגער איז אָבער, אַז מען ווייס אַפילו ניט, וואָס מען האָט פאַרלאָרן — ניט מען ווייס, וואו צו זוכן, און ניט מען ווייס, וואָס צו זוכן. איז אָבער דערבּיי נאָך ניט אינגאַנצן שלעכט, ווען מען ווייס כאָטש, אַז מען האָט בכלל עפּעס פאַרלאָרן. ווייס מען נאָר, אַז מ'האָט פאַרלאָרן, זוכט מען. און אַז מען זוכט, געפינט מען. יגעת מצאת תאמין— אַ מענש גלויבּט און איז מחויב צו גלויבּן, אַז מ'האָרעוועט און מ'זוכט, געפינט מען. און טאָמער וועט ער אַליין ניט געפינען, וועט עס עמיצער אויף דער וועלט געפינען און וועט עס מיט דעם גאַנצן בּרען פון אַ מצוה אים אָפּגעבּן. אויף אַליץ און אויף אַלעמען שטייט דאָך די עינא פּקיחא, דאָס אָפענע

אויג פון דעם גרויסן בעל־רחמים, וואָס קערט אום יעדן דאָס פאַרלאָרענע. פאַרשטייסטו, נחום, אַראָפּגייענדיג אויף דער וועלט, פאַרלירט די נשמה איר געטליכע גאַנצקייט, נאָר מחמת אמתע התבוננות קען יעדער דערזעהן, וואו און וואָס ער האָט פאַרלאָרן. דאָס איז דער ענין פון חשבון הנפש. אַזוי קען יעדער געפינען זיין שרש און אָנפילן אַלע וועלטן מיט דער הייליגער שמחה פון אַ צוריקגעפונענער נשמה. דער מענש אָבער קען אויך, חלילה, פאַלן און פאַרלירן זיין נשמה. און ווען אַפילו ער ווייס ניט, וואו און וואָס ער האָט פאַרלאָרן, אַבי נאָר ער זוכט, האָט ער שוין געפונען. אַז מען פאַרגעסט עפּעס אין אַ בעל־הבתישער שטוב, האָט מען ניט וואָס צו זאָרגן, ס'וועט שוין גאַנץ זיין. די וועלט איז ניט הפקר. און דער גרויסער בעל־הבית נעמט פון אונז קיין אויג ניט אַראָפּ — עינא פקיחא! און ווער עס זוכט — עפענען זיך די טויערן פון רחמים, און ער געפינט אַלע פאַרלאָרענע אוצרות“...

„...דער ענין אָבער, האָט דער רבי ווייטער געזאָגט, ליגט אַ סך טיפער. געפינען און פאַרלירן שטעקן באמת איינע אין די אַנדערע. מ'קען אויף דער וועלט גאָרנישט ניט געפינען, אַז מ'זאָל דערביי עפּעס ניט פאַרלירן, גלייך ווי מ'קען גאָרנישט ניט פאַרלירן, אַז מ'זאָל דערביי עפּעס נישט געפינען. טוט אַ ייד, חלילה, אַן עבירה, פאַר־לירט ער די ריינקייט פון דער נשמה. ער געפינט אָבער מחמת דעם די צעבראָכנקייט פון אַ בעל־עבירה און קען ווערן אַ בעל־תשובה, וואָס איז נאָך העכער ווי אַ צדיק. איז מען זיך מוסר נפש אויף אַ מצוה, געפינט מען דעם גאַנצן אוצר פון אַ מצוה, מען פאַרלירט אָבער דעם דורשט צו דער אָפּגעטאָנענער מצוה און מען קען, חלילה, ווערן זאַט פון דעם מסירת־נפש. וואָס קען שוין זיין גרעסער, ווען אַ מענש געפינט אין זיך דעם כוח צו ווערן אַ צדיק הדור און אַ מנהיג פון

יידן. ער פאַרלירט אָבער מחמת דעם די תמימותדיגע פּראָסטקייט פון אַ פשוטן מענשן און שטייט יעדע רגע אין סכנה אַריינצו־פאַלן אין גאוה. אַזוי מוזן צדיקים זיך אייביג ראַנגלען מיט דעם שטן און ניט אַלע קענען אים בּיישטיין. און אָט דער פּראָסטער וואַסערפירער, וואָס האָט קיין צייט ניט אויף אַ יידיש וואָרט, קען אָבער, אָנטרייבנדיג דאָס פערד, טון אַ טיפן קרעכץ צום אויבערשטן. וואָס ווייסטו, נחום, וואָס פאַר אַ כוח ס'שטעקט אין אָט דעם קרעכץ. קיין צדיק פאַרמאָגט עס ניט. און דערפאַר מוז יעדער מענש האָבּן זיין חשבון הנפש, זיך מתבונן זיין, וואו, ווען, ווי אַזוי און וואָס ער פאַרלירט. און אַז מען זוכט נאָר, האָט דער אויבערשטער רחמנות. די עינא פקיחא פאַרלאָזט אונז ניט"...

ר' נחום האָט אינגאַנצן צוגעמאַכט די אויגן און געזאָגט ווייטער דעם רבינס ווערטער מיט גרוים דבקות:

„...און אַפילו דער, וואָס זוכט גאָר ניט, וועט אויך נישט פאַרפאַלן ווערן. דער הייליגער נביא זאָגט: והיה ביום ההוא ובאו האובדים — אין יענעם גרויסן טאָג פון משיחס צייטן וועלן אַלע פאַרלאָרענע און פאַרשטויסענע זיך געפינען. נאָר דורך דעם בּרען פון אַ מצוה און אמתער שמחה קען יעדער אַלע ווייל פאַרזוכן דעם טעם פון משיחן. כ'שווער דיר, נחום, אַז אויף דער וועלט וועט קיינער ניט פאַרפאַלן ווערן, דער לעצטער פאַרלאָרענער פונק וועט אויסגעלייזט ווערן. און דער, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבּן פאַרלאָרן, זאָל מיט שמחה אַרויסגיין זוכן — וואָס און ווען ער זאָל ניט פאַרלירן, פיל מער וועט ער געפינען"...

ר' נחום איז אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן. האָט זיך בּאַלד אויפגעהויבּן און געזאָגט:

— איך האָבּ מיין שליחות אָפּגעטאָן. כ'בּעט אייך נאָר קומען צו מיר היינט אויפן סיום־התורה. זאָל אייך דער אויבער־

שטער העלפן, וואוהין איר וועט זיך נאָר ווענדן.... אַ גוטן מאָרגן, אַ גוטן טאָג...

ר׳ נחום האָט זיך געלאָזט גיין. ווי אַלע מאָל איז ער געגאַנגען מיט לייכטע טריט, קוים וואָס ער באַרירט די ערד. ער האָט זיך אַ קער געטאָן אין וואַלד אַריין, וואו ער איז באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן.

חיים איז געבליבן זיצן אומבאַוועגליך אויף דער לאָנקע און פאַרטראַכט געקוקט פאָראויס. פונקט אַנטקעגן אויפן מזרח־האָריזאָנט האָט זיך דער מאָרגן שטיל אָנגעצונדן. טאַקע אָט־אָט וועט אַ נייע זון אויפגיין. ניט נאָר די לאָנקע און דער וואַלד, נאָר אויך חיים איז פול געוואָרן מיט אַ ליכטיק־גליהענדיגער שטילקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און מיט אַ ליכטיגן שמייכל זיך געלאָזט אין וואַלד אַריין, אין דעם זעלבן וואַלד, פון וואַנען ער איז ערשט נעכטן נאָך מעריב אַרויס צו דער קרעטשמע צו...

---

ווי אַלע מאָל איז לייוויק בונין אויפגעשטאַנען אַ קורצע ווײַלע נאָך זון־אויפגאַנג און זיך געלאָזט גיין אין פעלד אַריין. דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם גאַניק פון זיין הויז, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און פאַרגאַפט דערזועהן: אויף די טרעפּלעך פון דעם גאַניק איז געזעסן חיים אָנגעשפּאַרט מיט דער רעכטער זייט אָן דער פאַרענטשע פון ווענטל, און אונטערשפּאַרנדיג מיט ביידע הענט דעם קאָפּ, האָט ער טיף געדרעמלט. זיין קאַפּאָטע איז נאָך געווען באַדעקט מיט שטויב און טוי פון לאָנקע און וואַלד. די גרויסע פּלייצעס שטאַרק איינגעהויקערט און איינגעבויגן. אויף דעם ליידנדיג־אויסגעמאַטערט פּנים האָט אין דער טיפעניש פון דער שוואַרצער באָרד געפלאַטערט אַ האַלב גליהענדיגער שמייכל. ער האָט שטיל געאָטעמט און עפּעס קינדיש הכנעהדיג זיך פאַרזונקען אין שלאָף. לייוויק האָט

אַ ווײַלע פֿאַרגאַפּט אויף אים געקוקט, באַלד האָט ער זיך שטיל אויף די שפּיץ פֿיס אומגעקערט אין שטוב און אַ זאָג געטאָן צום ווײַב, פֿאָרזיכטיק אײַנהאַלטנדיק די שטימע:

— הער נאָר, כאַסיע, דער אורח מיט דער שוואַרצער באָרד איז ווײַטער געקומען און דרעמלט דאָ אויפֿן גאַניק. פֿאַרשטייסט דאָך, אַז דאָס איז פֿון די ייִדן, וואָס קריכן אויף די גלײַכע ווענט און מ׳קען מיט זײ גאָרנישט מאַכן. דו זאָלסט נאָר אַכטונג געבן, מ׳זאָל אים ניט אויפֿוועקן. און אַז ער וועט אויפֿשטיין, זאָלסטו אים פּרובן געבן עפּעס טרינקען. דו הערסט, כאַסיע?...

לײַוויק איז אויף די שפּיץ פֿיס דורכגעגאַנגען צוריק פֿאַרבײַ חײמען און זיך געלאָזט אין פֿעלד אַרײַן. אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר שפּאַן, האָט ער זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט, אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און זיך געלאָזט גײן ווײַטער, אַ זאָג טוענדיק אין דער לופֿט:

— נאַ דיר אַזוינס, צו אַלדי גוטע יאָר!..

---

## VII. א טשערנאבילער שטעטל אויף א סיום התורה

ניט אומזיסט האָט פיניע גראַבאָווער געמאַכט אַזאַ גרויסן שאַלאַש, ניט אומזיסט האָט איציע דער שמש זיך פון גאַנץ פריה געפּאָרעט מעשה סאַרווער אָהן דער קאַפּאָטע מיט ווייסע פאַרקאַטשעטע אַרבל און נאָך פאַר באַגינען האָבן אין קיך שוין געאַרבעט די אַראָפּגעבראַכטע סאַרווערינס. קורץ פאַר האַלבן טאָג האָט זיך ווי מיט אַמאָל פון אַרומיגע פעלדער דערהערט אַ שפּילן פון ערגעץ־וואו ווייט אָנפּאָרנדיגע כלי־זמר. מיט יעדער רגע האָט זיך דאָס שפּילן געטראָגן אַלץ נעהענטער צום דאָרף מיט אַ פרייליכן געוויש. אַהאַ! דאָס פאָרט מען שוין אַפּנים פון שטעטל אויפן סיום־התורה. די ערשטע זיינען פון שטוב אַרויס־געלאָפן דאָס קליינוואַרג. די קינדער זיינען געלאָפן אָהן אַ אָטעם פאַר פריהער, האָבן פון גרויס שמחה געשריען און געפּאַטשט מיט די הענטלעך:

— כלי־זמר... כלי־זמר... מ׳קומט... מ׳פאָרט... כלי־זמר!

פרייליכע קולות האָבן דורך די פעלדער אַ גרויסע בשורה אין דאָרף געטראָגן. דאָס שפּילן איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און נעהענטער. ס׳זיינען שוין אַלע גרויסע אַרויס פון שטוב צו באַגעגעניש. ר׳ נחום, פיניע גראַבאָווער, וועלוועלע דער גבאי פון חברה קדישא און אַנדערע — אַלע, אַלע זיינען אַרויס. דאָס פרייליכע אומערוואַרטע שפּילן, וואָס האָט זיך געגאָסן

דורך די רחבותדיגע פעלדער, האָט אַלעמען געעפנט די הערצער. מ׳איז ממש טאַנצנדיג אַנטקעגן געגאַנגען. אָט האָט זיך באַוויזן דער ערשטער וואָגן מיט די שפּילנדיגע כּלי־זמר, נאָך אים האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע שורה פון פול געפּאַקטע דראָגעס און וואָגנס. דערזעהענדיג ר׳ נחומען, זיינען אַלע אַראָפּ־געשפּרונגען פון די וואָגנס און זיך געלאָזט לוסטיג צו אים אַנטקעגן. די כּלי־זמר גייען פאַר פריהער און שפּילן. ר׳ נחום איילט זיך אַנטקעגן. נאָר איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט וועמען ס׳איז אָפּצוגעבן „שלום", האָט זיך דער גאַנצער עולם צעשאָטן אויף דער לאָנקע און געמאַכט אַרום אים אַ קאַ־ראַהאָד. אַלע, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום ר׳ נחומען, זיינען אַוועק מיט דעם טאַנץ. ר׳ נחום איז געבליבן שטיין מיט וועלוועלען אין מיטן קאַראַהאָד. נאָך אינדערפריה איז ר׳ נחום געגאַנגען אין וואַסער און איז שוין געווען שבתדיג אָנגעטאָן. ער האָט פרייליך צוגעקלאַפּט מיט די הענט. איציע דער שמש איז אַרויס פון ערגעץ מיט די ווייסע פאַרקאַטשעטע אַרבל און האָט זיך פרייליך, ווי ער שטייט און גייט, אַריינ־געפלאָכטן אין קאַראַהאָד. האָט זיך דער קלאַרנעט צעקאָכט און געגאָסן אויף רעכטס און אויף לינקס מיט זודיג־פרייליכע קולות, טאַקע ממש גרייט צו פאַרפלייצן מיט שמחה אַלע פעלדער אַרום.

פון קאַראַהאָד איז אַרויסגעשפּרונגען מענדל דער הויכער. דאָס איז אַ תבואה־הענדלער, אַ ייד אַ גבר, גרויס ווי אַ סאָסנע, מיט אַ קליין שוואַרץ בערדעלע. אַ פּראָסטער ערליכער ייד, נאָר אַ לעבעדיגער און אַ פרייליכער — טאַקע גאָר קיין גלייכן ניטאָ צו אים אין שטעטל. אָט איז ער אַריין אין מיטן קאַראַהאָד, אויפגעהויבן די האַנט און אַ וואונק געטאָן צו די כּלי־זמר, מ׳זאָל אויפהערן שפּילן. דער עולם האָט זיך אָפּגעשטעלט, און ער האָט כּלומרשט מיט גרויס כּעס און רציחה אַ געשריי געטאָן:

— שאַ—אַ—אַט, יידן! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן אַזאַ רציחה, מ'זאָל צונייפרופן אָהן עין הרע אַזאַ עולם און לאָזן טאַנצן, ניט געבנדיג אין מויל קיין טראָפּן בראָנפן? איר מיינט אין דער אמתן, ר' נחום, אַז מ'וועט אייך שווייגן?..

ער האָט געשריען מיט אַזאַ ערנסטן קאַטאָוועס, און דאָס קליינע בערדל האָט דערביי אַזוי אונטערגעשפּרונגען, אַז אַלע האָבן זיך צעלאַכט. ערשט איצט האָבן אַלע פריילעך מקבל שלום געווען ביי ר' נחומען און זיין זון פיניע גראַבאָווער. מ'האָט אָפּגעגעבן מזל־טוב. דער גאַנצער עולם איז מיט ר' נחומען געגאַנגען אין שאַלאַש, וואו איציע האָט אויסגעסאַרווערט אויף די שיין־אויסגעשטעלטע טישן אַן אמתן „לעקיך און בראָנפן", און דערביי האָט ער שוין ווי אַלע מאָל געטראָגן צוויי שורות פּאַלומיסקעס מיט לעקיך אויף ביידע אויסגעשטרעקטע הענט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן לעבעדיגע שמועסן, מ'האָט געמאַכט „לחיים" און זיך געווינשעוועט האַרציג, טאַקע נאָר ווי „פּוילישע" חסידים קענען עס.

— לחיים, ר' נחום, הלואי זאָל מען מאַכן דעם סיום־התורה בקדושה וטהרה.

— דער אויבערשטער זאָל העלפן, מיר זאָלן זוכה זיין הערן דעם שופר של משיח...

— דער רבי זאָל מאריך ימים ושנים זיין, דער רבי...

— דער זכות פון דער תורה זאָל אויף אונז מגין זיין און דער אויבערשטער זאָל צושיקן אַלדאָס גוטס אויף אַלע יידן...

— לחיים, ר' נחום! לחיים, ר' פיניע! לחיים כל המסובים כאן...

— לחיים, לחיים!...

מענדל דער הויכער האָט אומגעבעטן געהאָלפן איציען דעם שמש סאַרווערן. אָט האָט ער ערגעץ שטייענדיג גענומען אַביסל בראָנפן און פון ווייטן געשריען:

— לחיים, ר׳ נחום, איר זאָלט דערלעבן משיחן און מיר אַלע מיט אייך אינאיינעם.

די כלי־זמר האָבן איצט ניט געשפּילט. דאָס האָט מען גענומען אַביסל בראָנפן אויף איין פוס, ערב־יום־טובדיג. אַלע זיינען געווען פאַרנומען מיט געדאַנקען און פריילינכע זאָרגן פון דעם קומענדיגן יום־טוב. וואו איז ערגעץ מאָטיע דער סופר? דעם לעצטן טאָג האָט ער אודאי וואָס צו טון. ער זיצט דאָרט שווייגנדיג־ערנסט אין שטוב און טוט זיין אַרבעט.

נאָך מיטאָג האָבן ווייטער אָנגעהויבן אָנקומען נייע אורחים פון שטעטל. צווישן זיי יעקב־יאָסיע דער רב און אייזיק דער שוחט. יעקב־יאָסיע איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ גרויסער תמים, נאָר אַ מאָדנע צעטראָגענער בטלן — דאָס העמד שטאַרק צע־בראסטעט, דאָס רבנישע היטל מיט דער יאַרמולקע זיינען תמיד עפּעס פאַרדרייט אָן אַ זייט. פּוילישע חסידים האָבן אויף אים געקוקט מיט דרך־ארץ, נאָר דערביי מיט יענער מי־נע, וואָס האָט געהייסן: „אודאי איז ער אַ וואוילער ייד, אַ בעל־תורה, נאָר נתפעל ווערן איז ניטאָ פון וואָס, אַבי ער וועט נאָר פאָרן צום רבין, וועט ער שוין ניט פאַרפאַלן ווערן“. אָט אַזוי האָבן זיך על פּי רוב פּוילישע חסידים באַצויגן צו זייערע רבנים. אייזיק דער שוחט איז אַ קורץ־וואוקסיגער יונגערמאַן מיט אַ שיין קיילעכדיג בלאָנד בערדל, אַ ציכטיגער, כמעט אַ „שאָגעל“ — מיט אַ זיידענעם געפלאָכטענעם גאַרטל און געפּוצטע שטי־וועלעך. אינגאַנצן אַ קליינינקער איז ער אין אַלע זיינע תנועות פול מיט קינדיש־חנעוודיגער ווייכקייט. ער איז אַ גרויסער מושלם, שטעלט אַ חלף אויף אַ טשיקאַוועס, שרייבט אויסגע־צייכנט, לייענט אין דער תורה, דערהויפּט אָבער קען קיינער ניט זינגען מיט אַזאַ מתיקות ווי אייזיק. און כאָטש ער פאָרט בגנבה קיין רוזשין, האָבן זיך טשערנאָבילער חסידים געלאָזט משמח זיין פון זיינע ניגונים.

פון שטעטל זיינען ווייטער אָנגעקומען נייע אורחים — ווער צופוס און ווער מיט אַ פור. אַרום צוויי אַזייגער איז שוין געווען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל. פון חסידים האָבן נאָר געפעלט די צוויי גבאים פון טשערנאָבילער שול, וואָס זיינען מיט אַ טאָג פריהער געפאָרן משתדל זיין זיך, אַז דער רבי זאָל דורכפאָרנדיג זיך אָפּשטעלן אין שטעטל.

די לעצטע זיינען געקומען חיים גראַוויצער און לייוויק בונין. חיים גראַוויצער איז געווען בלאַס, שטאַרק פאַרטראַכט, גאָר ניט אויף דעם עולם. ער האָט אַ גאַנצן אינדערפריה ווייטער געלערנט משניות, ביז לייוויק בונין איז געקומען פון זיין אַרבעט אויפן פעלד און איז אויף אים אָנגעפאַלן:

— גענוג אייך שוין, ר׳ חיים, צו פּיקן די שוואַרצע פּינטלעך. פון שטעטל זיינען שוין אודאי געקומען אַלע שיכורים. קומט, קומט — מאַכט ניט קיין שהיות...

שוין פונדערווייטן האָבן זיי טאַקע דערהערט דאָס יום־טובדיגע געמורמל פון שאַלאַש. די זון איז נאָך עטוואָס אַראָפּ פון מיטן הימל און האָט אויף איר ליכטיגן שטייגער געשאָטן מיט גאָלדענע שטראַלן אויף דער לאָנקע, אויף פּיניע גראַבאָ־ווערס שטוב און אויף זיין פריש אויסגעבויטן שאַלאַש. עפּעס ווי פלוצים האָט חיים דערהערט אַ פריילעך שפּילן פון כלי־זמר, וואָס האָט אים פאַרנומען פאַרן האַרצן. דאָס האָבן כלי־זמר אין שאַלאַש געשפּילט אַלע ווילע אַ נייעם פרישן ווי־וואַט. ס׳האָט זיך שוין, הייסט דאָס, טאַקע אָנגעהויבן.

דער שאַלאַש איז פול געפּאַקט. אַ סך מענטשן שטייען פון דרויסן, אַ סך שטופּן זיך אין די טירן. מאָטיע דער־סופר איז שוין אַריבערגעקומען אין שאַלאַש. ער זיצט פון אויבן אָן אין זיין שוואַרץ־סאַמעטן פּאַלטאָכל און נאָך מער ווי אַלע מאָל איז ער שווייגנדיג ערנסט און שרייבט דעם לעצטן עמוד פון דער תורה. דעם לעצטן! אַ טיף פּייערל האָט אין

זיינע שוואַרצע אויגן שטיל געבּרענט: אַ קליינינקייט! אין אַ רגע אַרום ווערט געבּאָרן דורך זיינע הענט אַ נייע ספר־תּורה. ער האָט שוין אַזוי פיל ספר־תּורהס געשריבּן, און איצט, ווי בּיי יעדן נייעם סיום, האָט בּיי אים דאָס האַרץ געפּלאַטערט פון פרייד, גלייך ווי צום ערשטן מאָל וואָלט געבּאָרן ווערן אַ ספר־תּורה פון זיינע הענט. איציע דער שמש שטייט אַרום דעם סופר בּיים טיש און רופט אַלע ווײַלע אויס מיט דעם ניגון פון שמחת־תּורה צו הקפות:

— איז מען מכבּד דעם און דעם מיט אַן אות אין דער תּורה...

כּלי־זמר כאַפּן דאָס אויף מיט אַ לעבּעדיגן וויוואַט און דער אַרויסגערופענער גייט צו צום טיש, נעמט אָן מיט אַ פּאָר פינגער דעם סופרס פּען און גיט זי צוריק אָפּ דעם סופר, וואָס בּרענגט אַזוי אַרום אַ אות פון דעם יידן אין דער תּורה. אויפן טיש שטייען אַ פּאָר גרויסע ווייסע טעלער, וואוהין יעדער וואַרפט עפּעס אַריין, ווער מער און ווער ווייניגער. אָט אַזוי גייט איינער נאָך דעם אַנדערן צו צו מאָטיעס טיש און די טאַנצנדיגע קולות פון יעדן וויוואַט רייסן זיך דורך די טירן אַרויס אין די בּרייטע פעלדער, פאַרדרייען זיך דאָרט און גייען אויס פון שמחה:

— נאָך אַ ייד, נאָך אַ ייד איז אַריין מיט אַ אות אין דער תּורה.

בּיי דער זייט שטייען אויף פאַרשיידענע טישן בּראָנפן מיט כּלערליי פאַרבּייסנס. ווער ס׳וויל נאָר, קען זיך ערליך האַלטן מיט אַבּיסל בּראָנפן. מענדל דער הויכער איז אַ מינוט ניט איינגעשטאַנען אויף איין אָרט, ער האָט אונטערגעהאָלפן איציע דעם שמש, האָט גערופן, געשריען, געטאַראַמט, גערעדט אין פאַרשיידענע רעדלעך, אָנגעגאָסן יעדן בּראָנפן אין גלעזל, און דערבּיי כאַפּט ער כּמעט בּיי יעדן וויוואַט אַ טענצל. פּיניע גראַ־

באָווער גייט אַרום מעשה בעל־הבית שטאַרק פאַרטומלט, דער דאַשיק עטוואָס אָן אַ זייט, און טרייסלענדיג מיט דער ברייטער ווייסער באָרד אין דער לופט, שרייט ער פריילין:

— יידן, נעמט אַביסל בראָנפן, מען דאַרף אייך דען לערנען? איר ווייסט דען ניט, וואָס מען דאַרף טון מיט אַביסל בראָנפן אויף אַ סיום־התורה?

ווי נאָר חיים גראַוויצער איז אַריין אין שאַלאַש, האָט אים ר' נחום באַמערקט. ר' נחום איז צו אים צוגעגאַנגען און אים אָנגענומען פאַר דער האַנט.

— איר זענט ביי מיר, ר' חיים, אַ גרויסער אורח, איך בעט אייך מיטן גאַנצן האַרצן, איר זאָלט...

חיים האָט אים איבערגעשלאָגן:

— אויב איך בין ביי אייך אַ גרויסער אורח, בעט איך אייך אָט וואָס: ראשית, זאָלט איר אויף מיר ניט אַכטונג געבן און לאָזן מיך שטיין, וואו איך שטיי; והשנית, זאָל מען מיך ניט אויפרופן און ניט שפּילן מיר קיין וויוואַט, ערשט נעכטן האָב איך אַליין געטאַנצט אַ וויוואַט פאַרן טייוול; דריטנס, בעט איך אייך, איר זאָלט אויפרופן אַריינצוטראָגן אַ אות אין דער תורה מיין זון, וואָס האָט געהייסן — יוסף בן חיים עליו השלום...

ר' נחום האָט פאַרוואונדערט אַ קוק געטאָן אויף חיימען און געזאָגט:

— כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט, מ'זאָל אַ גע־שטאָרבענעם אויפרופן צו דער תורה?...

— מיין זון אָבער האָט מיך אַ לעבעדיגן מיטגעשלעפּט מיט זיך אין קבר אַריין. אין אים צאַפּלט זיך ויין נשמה און נאָר מיט אים קען איך צו דער תורה קומען...

ר' נחום איז געשטאַנען אַ ווײלע ווי צעמישט, האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און איז אַוועקגעגאַנגען צום טיש.

אין שאַלאַש איז געווען ענג, יום־טובדיג היימיש און פריי־ליך, טאַקע ווי שמחת־תּורה בײַ הקפות. פריייליכע שמועסן, חסידישע גלייכווערטלעך, הויכע לחיימס האָבן זיך געלאָזט אויסמישן מיט די וויוואַטס. אויף אַלעמעס פּנימער האָט געפלאַ־טערט די קומענדיגע שמחה — מיט יעדן וויוואַט איז מען מיט אַ אות נעהענטער צום ליכטיגן סיום.

— לאָזט דורכגיין, לאָזט...

דאָס האָט מענדל דער הויכער געלאַרעמט, אַז מען זאָל לאָזן דורכגיין איינעם אַ יידן, וואָס איציע דער שמש האָט אויפגע־רופן, און דער ייד האָט זיך געשטופּט פון די הינטערשטע שורות צום טיש צו. קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי ר' נחום האָט עפּעס געזאָגט אויפן אויער איציען דעם שמש, וואָס האָט טאַקע באַלד אויסגערופן:

— איז מען מכבּד ר' יוסף ב"ר חיים מיט אַ אות אין דער תּורה...

אונטער די טאַנצנדיגע קולות פון דעם וויוואַט איז חיים צוגעגאַנגען צום טיש אַריינצוטראָגן אין דער תּורה אַ אות פון זיין זון. קיינער אין שאַלאַש האָט ניט געקענט גענוי דעם פרעמדן חבדניק און זיין נאָמען, און דערפאַר האָט טאַקע כּמעט קיינער ניט באַמערקט די גאַנצע אויסטערלישע זאַך. מ'האָט אַפילו ניט רעכט באַמערקט, ווי ר' נחום איז אַ גאַנצע ווײַלע געווען בלאַס און עפּעס צעמישט.

בײַ מאָטיע דעם סופר האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבן שטאַר־קער צו קלאַפּן. ער האָט שוין די לעצטע שורה געשריבן. און טאַקע אין עטליכע מינוט אַרום האָט דער גאַנצער שאַלאַש פון גרויס פרייד אַ ציטער געטאָן. מיט אַמאָל האָט זיך עפּעס פון הונדערטער ברוסטן אַרויסגעריסן און ווי אַ דונער געהילכט:

— חזק, חזק...

— חזק!

דאָס איז אין שטעטל געווען אַ אייגענער זעלטענער מנהג צו שרייען „חזק" אויף אַ סיום־התורה.

זיינען שוין אַלע געשטאַנען און מיט ליכטנדיגע אויגן געקוקט צו דעם ווינקל, וואו מאָטיע דער סופר האָט צוגענייט דעם לעצטן עמוד. פון ווייטן האָט מען געפילט, אַז מאָטיעס פינגער האָבן איצט צו טון ניט מיט פּאַפּיר, נאָר מיט פּאַרמעט, וואָס לאָזט זיך ניט בויגן און ניט רייסן. און אויף דעם פּאַרמעט האָבן פון ווייטן געבלישטשעט שוואַרצע גלאַנצנדיגע אותיות, וואָס האָבן, דוכט זיך, אַריינגעזאַפּט דעם שטילגליהענדיגן גלאַנץ פון מאָטיעס שוואַרצע אויגן. אויף מאָטיעס ערנסט שווייגנדיג פּנים האָט זיך אַ שמייכל באַוויזן. אָט וויקלט ער שוין די תורה, ער פאַרבינדט זי מיט אַ גאַרטעלע און טוט אויף איר אָן אַ סאַמעטן העל־בלוי העמדל, וואו ס'איז פון פאָרנט אויסגענייט מיט דינינקע גאָלדענע פאָדים אַ מגן־דוד און גרויסע גאָלדענע אותיות. דאָס האָט ר' נחומס אייניקל, פּיניע גראַבאָווערס יינגסטע טאָכטער, דבורהלע, אַ כּלה־מיידל, מיט אירע אייגענע הענט אויסגענייט. האָט זי זיך איצט געשטופּט אַרום טיר און פון ווייטן געקוקט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם אויף די גאָלדענע אותיות, וואָס האָבן געבלישטשעט פון דעם העל־בלויען סאַמעט, ווי אַ ליכטיגע פרייד ביי איר אין האַרצן. מאָטיע דער סופר האָט מיט גרויס ליבשאַפט אויפגעהויבן די ספר־תורה, אַרומגענומען זי מיט דער רעכטער האַנט און צודריקנדיג זי לייכט צו דער ברוסט, האָט ער זיך שטראַלנדיג אַרומגעקוקט און זיך אָפּגעשטעלט מיט דעם בליק אויף ר' נחומען, וועמען ער האָט געוואָלט מכבד זיין מיט דער ספר־תורה.

— ניין, מאָטיע, דו האָסט געשריבן די תורה, דאַרפסטו זי פירן צו דער חופּה...

פון יענער זייט טיר איז שוין טאַקע די חופּה געשטאַנען און געוואַרט. בחורים און יונגעלייט האָבן געהאַלטן די שטאַנ־

גען. איציע דער שמש און מענדל דער הויכער האָבן אַכטונג געגעבן און געמאַכט פּאָראַנדעק. און פון יענער זייט חופּה זיינען שוין פּאַראַוים געשטאַנען די כּלי־זמר בּרייט אויסגע־שטעלט.

— יונגאַטשעס, ווייסע־חברהניקעס, אַוועק פון דאַנען....

דאָס האָט מענדל דער הויכער לוסטיג געשריען אויף די קינדער, וואָס האָבן זיך מלא שמחה געדרייט צווישן דער חופּה און די כּלי־זמר, האָבן זיך געקלאַמערט אַרום די שטאַנגען פון דער חופּה, זיך געלאַשטשעט צו די כּלי־זמר און בּגנבה אַלע ווילע אַ קלאַפּ געטאָן אין דעם דיקן בּויך פון דער פּויק.

אויפן טיר פון שאַלאַש האָט זיך בּאַוויזן מאָטיע מיט דער ספר־תּורה. דער העל־בּלויער סאַמעט האָט אַ בּלישטשע גע־טאָן מיט די גאָלדענע אותיות אַנטקעגן דער זון. מאָטיע דער סופר איז אַריין אונטער דער חופּה. די כּלי־זמר האָבן אַ קלאַפּ געטאָן אַ חתונה־מאַרש. די חופּה און נאָך איר דער גאַנצער עולם האָבן זיך לאַנגזאַם יום־טובדיג אַ לאָז געטאָן פון דעם הויף אויף דער לאַנקע אין דער ריכטונג צו דעם מנין פון לייוויק בּור־נינס הויז. די קינדער זיינען געלאָפן פאַר פריהער אַרום די שפּילנדיגע כּלי־זמר.

האָבן זיך די פעלדער אַרום און אַרום אויפגעכאַפּט, מיט אַ שמייכל אויפגענומען די פריילכע קלאַנגען פון די כּלי־זמר און אַוועקגעטראָגן זיי אין עק וועלט אַריין. איציע דער שמש און מענדל דער הויכער האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט, און גייענדיג מיטן פּנים צו דער חופּה, האָבן זיי הינטערוויילעכץ געטאַנצט אַנטקעגן דער חופּה.

איצט איז טאַקע געקומען די צייט, ווען מאָטיע דער סופר האָט מכבּד געווען מיט דער ספר־תּורה ר׳ נחומען, וואָס איז איצט געגאַנגען מיט דער תּורה אונטער דער חופּה. האָט זיך מענדל דער הויכער אָפּגעריסן פון איציען, זיך אַ לאָז געטאָן

צו מאָטיע דעם סופר, האָט אים ווי אַ קינד אויפגעהויבן אויף די הענט און זיך געלאָזט מיט אים אויף די הענט טאַנצן הינטערווײַלעכץ אַנטקעגן דער חופּה. מאָטיע האָט זיך גאָרניט געווערט, זיך רוהיג געלאָזט אַ גאַנצע ווײַלע טראָגן, מיט דער רעכטער האַנט אַרומגענומען מענדלען פאַרן האַלז און ערנסט שווייגנדיג האָט ער מיט אַ שטראַלנדיגן שמייכל געקוקט אויפן יום־טובדיגן פרייליכן עולם. פון די דערפער זײַנען גוים און גויעם אַרויסגעלאָפן און געגאַפט, קוקנדיג אויף דעם אומגעוויינליכן בילד.

הונדערטער מענשן גייען נאָך דער חופּה אונטער די ברוי־זנדיגע קלאַנגען פון די כלי־זמר, מ'האַלט זיך נעהענטער צו דער חופּה. אַלע אויגן ציהען זיך צו דעם העל־בלויען סאַמעט, וואָס באַקליידט אַזוי צניעותדיג די נייע ספר־תּורה. די זון האָט זיך נאָך ניט געזעצט, נאָר איר ליכט איז געווען אַזוי ווייך און מילד, ווי די שטילע פרייד, וואָס האָט געפלאַטערט אין די הערצער. איינציגע נאָר האַלטן ניט אויס, רייסן זיך פאָראויס, טאַנצן הינטערווײַלעכץ אַנטקעגן דער חופּה, ציהענדיג זיך צו איר מיט די הענט.

— לעבעדיגער, כלי־זמר...

— לעבעדיגער!

דוכט זיך, וואָס קען שוין זײַן לעבעדיגער? דער קלאַר־נעט האָט אויף זײַן שטייגער אָנגעצונדן דעם ניגון און ממש געשאָטן מיט לעבעדיגן פײַער אויף אַלע פעלדער אַרום. נאָר די פלייט און דער פידל פירן מיט גרוים מתיקות מער אין די טיפענישן, האָבן זיך אָבער אַלע ווײַלע אַרײַנגעמישט די טאַצן און רחבותדיג צעפּלעסקעט די שמחה אויף גאָר דער וועלט. טאַקע אַ רעגן פון גאָלדענע קלאַנגען האָט זיך געגאָסן אויף די פעלדער אַרום און אַרום. מענדל דער הויכער האָט שוין ווייטער אָנגענומען איציען פאַרן האַנט. און לייוויק בונין

לאָזט ניט דורך די געלעגנהייט, כאַפּט אַריין אַ גלייכווערטל, ברייט אַריינלאַכנדיג אין דער שוואַרצער באָרד אַריין:

— פּאַרוואָס רופט מען אים מענדל דער הויכער, אַז ער איז גאָר מענדל דער טענצער?..

איינער נאָך דעם אַנדערן בייט מען זיך מיט דער תורה אונטער דער חופּה. נאָך ר' נחומען איז געגאַנגען דער רב, דער־נאָכדעם וועלוועלע, נאָך אים פּיניע גראַבאָווער מיטן היטל אָן אַ זייט און אַזוי ווייטער — מ'האָט קיינעם ניט פאַרפעלט. נאָר חיים האָט זיך אומבאַמערקט אָפּגעהאַלטן פון אַ כיבוד מיט דער תורה און איז געגאַנגען עפּעס אָפּגעזונדערט, ער איז געווען בלאַס און שטיל, די אויגן האָבן ביי אים מאָדנע געגלידעט.

פּלוצים האָט זיך די חופּה אַ ווילע אָפּגעשטעלט. דער גאַנ־צער עולם האָט אַ לויף געטאָן פאָראויס, אין איין רגע האָט מען זיך אויסגעשטעלט אין אַ רעדל, קאָפּ אויף קאָפּ, און פאַר־גאַפט געקוקט: ר' נחום האָט פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און גע־טאַנצט אַנטקעגן דער חופּה. לייכט ווי אַ פעדער, האָט ער שמייכלענדיג געטאַנצט, קוים וואָס ער רירט אָן מיט די פּאַנ־טאָפל די ערד. די כלי־זמר האָבן נאָך פרייליכער געשפּילט און דער גאַנצער עולם האָט צוגעקלאַפּט מיט די הענט. ר' נחום האָט טאַנצנדיג פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און צוגעמאַכט די אויגן. אַ ליכטיגער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף דער קליינער ווייסער באָרד. מיט קינדישער תמימות האָט זיך דער טאַנץ געגליטשט איבער די גאָלדענע קלאַנגען פון די כלי־זמר. פונדערווייטנס האָבן זיך פּויערים געהויבן אויף די שפּיץ פיס, האָבן פון התפּעלות אַראָפּגענומען די היטלען און זיך אַליין געשריען:

— וואָט סטאַרעץ, וואָט...

פּלוצים האָט זיך ר' נחום אָפּגעשטעלט, שמייכלענדיג גע־

עפנט די אויגן אין עטוואָס שעמעוודיג אַריין צווישן עולם. די חופה האָט זיך געלאָזט גיין ווייטער.

טאַקע באַלד האָט זיך באַוויזן דאָס הויז פון לייוויק בונין, וואָס איז געשווינד אַוועקגעלאָפן פאַר פריהער און האָט ברייט געעפנט טיר און פענסטער. מיט גרויס שמחה האָט מען אַריינגעפירט די תורה. די שטוב איז פול געפּאַקט. פילע בלייבן אין דרויסן, באַלאַגערן טיר און פענסטער. מ'האָט שוין געעפנט דעם ארון־קדש, נאָר מ'קען זיך ניט צעשיידן מיט דער תורה. דוכט זיך, אַזוי פיל יידן האָבן זי אויפן וועג אונטער דער חופה מיט דער רעכטער האַנט צוגעקוועטשט צום האַרצן, און דער העל־בלויער סאַמעט איז, גלייך ווי אומבאַרירט, אייביג יונג און פריש און שמייכלט מיט הייליגער צניעות אַנטקעגן דעם אָפענעם ארון־קדש. די כלי־זמר שפּילן דאָרט אין דרויסן און אין שמחהדיגער ענגשאַפט רייסן זיך אַלע טאַנצנדיג צו דער יונגער שיינער ספר־תורה. נאָר אָט האָט מען זי אַריינגע־שטעלט אין אָרון־קדש. און נאָך איידער מ'האָט רעכט צוגע־מאַכט דאָס טירל, האָט זיך אָנגעצונדן אַ רעדל, וואָס האָט ווי מיט פלאַמען אַרומגענומען די גאַנצע שטוב און אַרויסגעשפּאַרט אין דרויסן. צו קליין די שטוב פאַר אַזאַ עולם. צו ענג פאַר אַזאַ רחבותדיגן טאַנץ. מ'האָט זיך אַרויסגעשאָטן אויף דער לאָנקע און אין איין רגע האָבן זיך אַלע אָנגענומען פאַר די הענט און געמאַכט אַ קאַראַהאָד אַרום שטוב. וואָס מיר כלי־זמר, ווער מיר כלי־זמר! ווער הערט זיי איצט? פון הונדערטער ברוסטן האָט זיך געטראָגן אַ ניגון, וואָס האָט זיך מיט ברייטע כוואַליעס צעגאָסן אויף דער גאַנצער לאָנקע. דאָס איז אייזיק דעם שוחטס באַקאַנטער ניגון, וואָס אַז מ'הויבט אים נאָר אָן זינגען, קען מען שוין גאָרניט אויפהערן. שיך, פּאַנ־טאָפּעלעך, שטיוול — הויבן זיך פריילעך אין דער לופטן. ווי פון זיך האָט דער טאַנץ געפלאַקערט און געוואַקסן. נאָך איידער

ס'ברעכט זיך איין כוואַליע, יאָגט זי נאָך אַן אַנדערע, אַ שטאַר־קערע, און אויף איר פּאָרט שוין רייטנדיג נאָך אַ ייִנגערע, אַ פרישערע...

פּלוצים איז ר' נחום אַרויס פון רעדל, האָט מיט אַ וואונק אַ רוף געטאָן איציע דעם שמש און עפּעס אַ זאָג געטאָן. און טאַקע באַלד האָט ווי אַ דונער געלאַרעמט איציעס קול:

—יי—דן, יי—דן! ר' נחום רופט דאַווגען מנחה...

ס'איז שוין טאַקע גאָר ניט ווייט געווען צו דער שקיעה. מיט פרישע פריילעכע הערצער האָט מען זיך געשטעלט דאַווגען מנחה. איין מנין האָט געדאַוונט אין שטוב און נאָך אַ גרע־סערער האָט געדאַוונט אויף דער לאָנקע. און דאָ האָט לייוויק אַרויסגעוויזן גאָר אַ אומגעווייגליכע בריהשאַפט. ווי פון אונ־טער דער ערד זיינען ביי אים אויסגעוואַקסן בענק און טישן (דאָס האָבן אויך פויערים שכנים צונויפגעטראָגן פון די הייזלעך), וואָס ער האָט אויסגעשטעלט אַרום הויז אויף דער לאָנקע און מכבד געווען דעם עולם מיט אַ לעקיך און בראָנפן. פאַר־שטייט זיך, אַז פיל יונגעלייט, דערהויפּט אָבער איציע דער שמש און מענדל דער הויכער, האָבן זיך לחלוטין ניט געפוילט אונטערצוהעלפן. און נאָך דעם לעצטן קדיש פון דער מנחה זיינען אַלע צוגעגאַנגען צו די טישן און זיך געלאָזט פריילעך מכבד זיין. לייוויק בונין איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ יאַרמולקע, האָט זיך מעשה בעל־הבית געטומלט, ניט אויפגעהערט זיך צו װערטלען און שמייכלען אין דער שוואַרצער באָרד אַריין. האָבן ווייטער די כלי־זמר אָנגעהויבן שפּילן. אויפן הימל האָט זיך דער מערב שוין אָנגעצונדן און באַגאָסן אַ גרויסן טייל פון דער לאָנקע, פון דעם הויז, פון בענק און טישן און מענשליכע פּנימער מיט שטילן, שטילן גאָלד.

— לחיים, ר' נחום, לחיים...

— לחיים!...

— לחיים!...

ר׳ נחום האָט עפּעס עמיצן געזוכט מיט די אויגן, און אַפנים ניט געפינענדיג, איז ער אַריין אין שטוב. דאָרט האָט ער אין מנין דערזעהן — חיים איז געשטאַנען איינער אַליין אַרום עמוד און האָט זיך פאַרטיפט אין משניות. ר׳ נחום האָט אים שטיל אנגענומען פאַר די הענט.

— גוואַלד, ר׳ חיים, וואָס האַלט איר אייך אַזוי אָפּגע־זונדערט?

חיים האָט אַ ווײלע געשוויגן און געזאָגט:

— איר ווייסט דאָך, ר׳ נחום, אַז דער כהן־גדול פלעגט אַריינגיין נאָר איין מאָל אין יאָר, יום־כפור, אין קדשי־קדשים. אַ קליינינקייט, ווי ער האָט זיך צו דעם געגרייט! נאָר די גרויס־קייט פון כהן־גדול איז באַשטאַנען ניט נאָר אין דעם, וואָס ער פלעגט יום־כפור אַריינגיין אין קדשי־קדשים, נאָר אויך אין דעם, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען אַ גאַנץ יאָר ניט אַריינצוגיין. איר פאַרשטייט, אַ הייליגע שמחה איז דאָך דאָס קדשי קדשים פון יידישקייט. ווי קום איך אָבער איצט אין דעם קדשי קדשים, אַז איך בין גאָר דערווייל, רחמנא לצלן, אַ קרעציגער, וואָס טאָר זיך גאָר ניט געפינען אין אַ יידישער מחנה?...

האָט זיך ר׳ נחום אויפגערעגט:

— איר זאָלט אויף מיר קיין פאַראיבל ניט האָבן, ר׳ חיים, וואָס איך וועל עס אייך זאָגן. אייער גאַנצער אומגליק איז טאַקע דאָס, וואָס איר ווילט דוקא זיין אַ כהן־גדול און ווילט די גאַנצע וועלט שלעפּן מיט זיך אין קדשי קדשים. און אַז דער הימל וויל דאָס ניט ליידן און איר מוזט אָנהויבן ווערן אַ פּשוטער ייד, פאַרלירט איר אייער גאַנצן מהות און איר פילט אייך שוין חס ושלום ווי אַ קרעציגער. אייער ישועה וועט קומען, ווען איר וועט געפינען די גרויסקייט און די שיינקייט פון אַ פּראָסטן יידן. כ׳האָב אייך שוין געבראַכט די הייליגע בשורה

פון דעם אַלטן זכרונו לברכה. איר וועט טאַקע נאָר אָנהויבן צו זוכן, וועט איר שוין געפינען נאָך מער, וויפיל איר האָט פאַרלאָרן. כ'זאָג אייך, ר' חיים, איר מעגט שוין זיין פריילעך...

— איר זענט, ר' נחום, אפשר שטאַרק גערעכט. כ'וועל טאַקע מער ניט רוהען און האַלטן אין איין זוכן. נאָר ביז כ'וועל געפינען, וויל איך אָפּהאַלטן מיין נשמה פון שמחה און התפעלות, וואָרום דאָס פאַרשיכּורט מיך און מאַכט מיך פאַר אַ כהן־גדול, און אַז איך ווער אַ כהן־גדול, קען איך ניט באַנעמען און אַריבערטראָגן דעם ראָד, וואָס דרייט מיך אַרויף און אַראָפּ; כ'פאַל אַראָפּ און קען ניט פאַלן. בקיצור, כ'בעט אייך, ר' נחום, לאָזט מיך דערווייל צורוה...

ווי נאָר ס'האָבן זיך אָנגעצונדן די ערשטע שטערן אויפן הימל, האָט מען זיך מיט אַ פריילעכן געפילדער געשטעלט דאַוונען מעריב. ווידער אַמאָל צוויי מנינים — אין שטוב און אויף דער לאָנקע. איציג דער שמש און מענדל דער הויכער האָבן נאָר אויסגעהערט ברכו און זיינען באַלד אַוועק אין שאַלאַש, כדי צוגרייטן צו דער סעודה. אַ קלייניגקייט! די רעכטע שמחה וועט דאָך ערשט דאָרט פאָרקומען. און טאַקע באַלד נאָך מעריב האָבן זיך אַלע געלאָזט גיין. לייוויק בונין און חיים גראַוויצער זיינען געגאַנגען די לעצטע.

ס'איז געווען אַ ווייכע וואַרעמע זומערנאַכט. אויפן מעריב־האָריזאָנט האָבן נאָך געלויכטן שטיקלעך שקיעה־פייער. און אין דער טונקעלער שטילקייט האָבן אויף דער לאָנקע ווייט געהילכט די פריילעכע טריט פון הונדערטער מענשן. דאָס איז מען ערשט צו דער גרויסער סעודה געגאַנגען.

---

## VIII. די גרויסע סעודה—קריוודע פון א געפּאלענעם

פאַרשטייט זיך, אַז ווען אַ גאַנץ חסידיש שטעטל קלייבט זיך צונויף זומער־צייט אין אַ דאָרף אויף אַ סיום־התורה און דער בעל־שמחה איז נאָך אַזאַ ייד ווי ר׳ נחום, ווען בראָנפן און וויין גיסן זיך כמעט ווי וואַסער און כלי־זמר ווערן ניט מיד צו שפּילן — אודאי וועט דאָ אַרויסקומען אַ גוואַלדיגע חסידישע שמחה. די מעשה איז אָבער, וואָס אויף דעם סיום זיינען פאָרגעקומען עפּעס אַזוינע אומגעוויינליכע זאַכן, וואָס האָט גלייכצייטיג געשטערט און געשטאַרקט די שמחה און וואָס דאָס שטעטל האָט אַ לאַנגע צייט נאָך דעם ניט געקענט פאַרגעסן. אַ צייט לאַנג האָט מען עס טאַקע אין שטעטל גערופן די „גרויסע סעודה“.

אין שאַלאַש אויף זיין גאַנצער לענג זיינען געווען אויסגעשטעלט טישן ווי אַ „ח“ מיט דער אָפענער זייט צו דער טיר. דער עולם איז אָבער געווען צו גרויס און מען האָט געמוזט ווי עס איז אַריינקוועטשן אין דער זייט נאָך אַ טיש. רעכטס פון אַריינגאַנג אין דער מיט וואַנט איז געמאַכט געוואָרן עפּעס אַ מין הילצערן בימהלע פאַר די כלי־זמר. אויף די וויים־באַדעקטע טישן האָבן געברענט יום־טובדיגע ליכט. ס׳איז שוין געווען שטאַרקער אָוונט, ווען דער עולם האָט זיך פריילך געוואַשן און געזעצט צו דער סעודה. ר׳ נחום איז געזעסן אויבן אָן.

ער האָט אַפילו געפּרובט פאָרלעגן דעם אויבן אָן דעם רב און אַנדערע שיינע יידן, נאָר אַלע האָבן זיך מיט גרויס דרך־ארץ עקשנותדיג אָפּגעזאָגט.

— וואָס הייסט? חוץ אַלעמען זענט איר דאָך, ר׳ נחום, פּשוט עלטער...

ווי אַלע מאָל האָט איציע דער שמש באַוויזן זיינע קונצן. ער האָט געטראָגן די פּיש אויף אויסגעשטרעקטע הענט, צו פינף־זעקס טעלער אויף אַ האַנט. די, וואָס האָבן זיך שפּעט געוואַשן, האָבן זיך לוסטיג, ווי ס׳איז געמאַכט אַ פּלאַץ: „טוט זיך נאָר אַ רוק, גוטע ברידער!“ מ׳האָט זיך לוסטיג אַריינגעקוועטשט, איי־בערן טיש געשפּרונגען. דאָ און דאָרט מאַכט מען „לחיים“. ס׳איז יום־טובדיג היימיש און פריילין. אין דער לופט האָט געשוועבט אַ לויטערע שמחה. האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַן עסק מיט קלמן דעם פידלער, וואָס איז געזעסן צווישן די כלי־זמר און צו וועמען ר׳ נחום האָט זיך איצט געווענדט.

קלמן דער פידלער איז ניט לאַנג אָנגעקומען אין שטעטל און וועגן אים האָבן זיך שוין געטראָגן אומגעווײנליכע מעשות. ער איז טאַקע אַ מאָדנער מענש געווען. ער איז אַ מיטלוואוקסיגער, מיט ברייטע פּלייצעס און מיט אַ גרויס ברייט פּנים, אָנשטאָט אַ באָרד שטאַרטשען ביי אים עפּעס איינציגע משונהדיגע הע־רעלעך. תּמיד שווייגט ער, רעדט מיט קיינעם ניט קיין וואָרט. און אַז מ׳פרעגט אים אַמאָל עפּעס, פאַרקערט ער דעם קאָפּ אָן אַ זייט און בורטשעט עפּעס אונטער די ליפּן. אַפילו מיט די כלי־זמר, מיט וועמען ער שפּילט דאָך אינאיינעם, האָט ער זעלטן ווען אַ וואָרט אויסגערעדט. אין שטעטל האָט ער ניט קיין קרובים, ניט קיין פריינט, האַלט זיך אָפּגעזונדערט. גייענדיג אין גאַס, פּלעגט ער זיך אַליין בורטשען עפּעס אונטער די ליפּן, גלייך ווי קיינער איז אַרום אים ניטאָ. יעדן טאָג שטייט ער אויף מיט באַגינען און גייט אין וואַסער. דער נאָכדעם קומט

ער אַהיים, שטעלט זיך נעבן פענסטער און הויבט אָן שפּילן פאַרן דאַוונען מיטן פידל, דערבײַ שטייט ער עטוואָס אָנגעבויגן מיט צוגעמאַכטע אויגן. פלעגן אָפט מאָל די אַרומיגע שכנות לאָזן זייערע נאָר וואָס איינגעהייצטע אויוונס און שטעלן זיך אונטער די פענסטער הערן. זיין שפּילן פאַרן דאַוונען האָט טאַקע געהאַט אַ גרויסן שם. ער איז געווען פון די וויניגע אין שטעטל, וואָס זיינען געפאָרן צום רוזשינער רבין (דאָס גאַנצע שטעטל איז דאָך דורכאויס באַשטאַנען פון טשערנאָבילער חסידים). און טאַקע פון רוזשינער חסידים האָט געשטאַמט די מעשה, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן אין שטעטל. דער רוזשינער, אַזוי דערציילט מען, איז אַמאָל פאַרן דאַוונען אַרויסגעגאַנגען פון זיין חדר און געפרעגט ביים עולם: „ווער שפּילט דאָס איצט אין רוזשין אויפן פידל — אַלע הימלען גייען אויס פון מתיקות". האָט מען דעמאָלט באַלד אָנגעהויבן זוכן און טאַקע געפונען ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענער אכסניא, ווי קלמן שטייט נעבן אַ פענסטער הכנעהדיג איינגעבויגן און שפּילט פאַרן דאַוונען אויפן פידל. פאַרשטייט זיך, אַז טשערנאָבילער חסידים האָבן מבטל געמאַכט אָט די „רוזשינער גוזמאות", נאָר פונדעסטוועגן האָבן אַלע דרך־ארצדיג געצוקט מיט די אַקסלען, קוקנדיג אָט אויף דעם אומהיימליך שווייגנדיגן כלי־זמר.

ער איז זיך געזעסן ווי אַלע מאָל שווייגנדיג אויף דעם הילצערן בימהלע, צווישן די כלי־זמר, ווען מ'האָט אָנגעהויבן דערלאַנגען די פיש, און ר' נחום האָט זיך צו אים געווענדט און אַ זאָג געטאָן אויף אַ קול:

— אפשר וואָלט איר, ר' קלמן, לכבוד דעם סיום עפּעס אויסגעשפּילט פאַרן עולם?

קלמן האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט און עפּעס אַ בורטשע געטאָן אונטער די ליפּן. האָט מען ניט געוואוסט,

וואָס מיינט ער—„יאָ" צי „ניין"? נאָר אָט האָט ער זיך אויפֿגעהויבן מיט דעם פֿידל אין דער האַנט, איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון בימהלע און זיך געשטעלט ניט ווייט פֿון דעם טיש מיטן פּנים צום עולם. אין שאַלאַש איז שטיל געוואָרן. אַלע האָבן נייגעריג אָנגעשטעלט נאָז און אויערן. איציע דער שמש האָט זיך באַוויזן מיט נייע טעלער פֿיש אויף די אויסגעשטרעקטע הענט, האָט מען אים פֿון אַלע זייטן געוואונקען, ער זאָל ניט שטערן. ער האָט גאַנץ פֿאָרזיכטיג אַראָפּגעשטעלט די טעלער און איז פֿאַרגאַפֿט אויף זיין אָרט שטיין געבליבן.

קלמן האָט מיט דער לינקער האַנט אָנגעשפּאַרט דעם פֿידל אָן האַרצן, און האַלטנדיג מיט דער רעכטער האַנט דעם שמיק אין דער לופֿט, האָט ער אָנגעבויגן דעם קאָפּ איבערן פֿידל. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און אויף זיין ברייט נאַקעט פּנים האָט זיך פּלוצים אַ פֿאַרחלשטער שמייכל צעגאָסן. און האַלטנדיג דעם שמיק אין דער לופֿט, האָט ער צוערשט מיט אַ משונהדיג קול האַלב געזונגען:

די וועלט איז ניט קיין יריד,
וואו מ'שומלט זיך;
ניט קיין שענק,
וואו מ'כאַפּט אַ כּוסה,
נאָר...

און נאָך איידער ער האָט דערזאָגט, האָט דער שמיק עפּעס ווי אַליין פֿון זיך אָנגערירט די אויבערשטע דינע סטרונעס און אָנגעהויבן צאַרט שפּילן. אַ ציטער איז איבער דעם עולם דורכגעלאָפֿן. מ'האָט טאַקע גלייך דערפֿילט, אַז די וועלט איז עפּעס גאָר ניט קיין קליינינקייט. אַ זיסער אומעט האָט זיך ווי אַ שטילער קוואַל פֿון פֿידל געגאָסן. און דער פֿידל האָט זיך הכנעהדיג פֿאַרטיפֿט און איז אַלע ווײַלע פֿון מתיקות אויסגע־

גאַנגען. טאַקע אַלץ אין דער וועלט שפּירט דעם אייביגן אָטעם פון זיין ליבן נאָמען און שטרעקט אויס פאַרשמאַכט די הענט צום כסא הכבוד. פון ניט געזעהענע טיפענישן הויבן זיך אויף פאַרשמאַכטע קולות, נעמען זיך אַרום און גיסן זיך אַריין אויף די סטרונעס אין אַ בענקענדיגער נגינה. אין שאַלאַש זיצן אַלע פאַרגאַפט מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס. ס'איז אַזוי שטיל, אַז מ'הערט דאָס קנאַקן פון די יום־טובדיג ברענענדיגע ליכט.

דער פידל וויינט אָהן טרערן, וויינט שטיל מיט גרויס הכנעה:

— מרא דעלמא כולא!

— האַר פון דער וועלט....

ר' נחום האָט פאַרלעגט די הענט אין די אַרבל און דבקותדיג פאַרטראַכט געקוקט פאָראויס. נאָר פּלוצים האָט עפּעס ערגעץ אין דער בענקענדיגער פאַרשמאַכטקייט אַ ציטעריגע שמחה אָנגעהויבן פאַרבאָרגן צו פלאַטערן צווישן די סטרונעס און זיך מיט גרויס בטחון אַ לאָז געטאָן פאָראויס. האָט זיך דער שמיק אַ כאַפּ געטאָן און איז מיט אַן איינגעהאַלטענעם רעש דורכגע־לאָפן איבער די סטרונעס. ערשט איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן דער האַרציג פריילעכער תוך פון דעם אומעט. האָבן זיך שוין אויף די סטרונעס אומצאָליגע קלאַנגען אַרומגענומען און טאַנ־צנדיג זיך גלייך אַ לאָז געטאָן עפּעס אין אַ פריילעכן תהום אַריין. און תוך כדי דבור שפּרינגען אַרויס פון אָט דעם תהום, דוכט זיך, גאָר די זעלבע און דאָך פאָרט נייע, נאָך לעבעדיגערע קלאַנגען, טראָגן זיך מיט נאָך גרעסערן אימפּעט אין ליכטיגן תהום און שפּרינגען ווייטער פון דאָרט אַרויס. דער גאַנצער עולם האָט זיך אַ קער געטאָן, מ'האָט אויפגעכאַפּט די קלאַנגען פון פידל און זינגענדיג צוגעקלאַפּט מיט די הענט. מיט אַלץ אַ גרעסערן אימפּעט האָבן זיך אויף די סטרונעס די ברויזנדיגע כוואַליעס געטראָגן פון דעם תהום. אָט־אָט וועט זיך דער ליכטיגער תהום אַליין אויפהויבן. דאָ און דאָרט האָט מען שוין ניט

געקענט איינזיצן בײַם טיש און זיך אויפגעריסן פון די ערטער. אָט האָבן זיך אויך אויפגעהויבן ר׳ נחום, מאָטיע דער סופר, דער רבֿ, ר׳ וועלוועלע און אַנדערע. אין איין רגע האָט מען זיך זינגענדיק אָנגענומען פֿאַר די הענט און אָנגעהויבן טאַנצן. איציע דער שמש האָט נאָך קוים צייט געהאַט אָפּצורוקן אויפן טיש די גלעזלעך און טעלער מיט פֿיש, כּדי מ׳זאָל זיי ניט אַראָפּוואַרפֿן. פון גרויס ענגשאַפֿט האָט מען צוערשט גע־טאַנצט אַרום טיש אויף איין אָרט. נאָר באַלד האָט דער טאַנץ אַרויסגעשפּאַרט דורכן טיר, מ׳איז מיט גרויס שמחה און געזאַנג אַרויס אין דרויסן, האַלטנדיק זיך איינע די אַנדערע פֿאַר די הענט. האָט עס אָקאָרשט אין דער שטילער נאַכט אָנגעהויבן צו הילכן אויף דער לאָנקע ווייט אַרום און אַרום. און אָט אין אַ ווײַלע אַרום איז מען טאַנצנדיק אַרײַן צוריק אין שאַלאַש. ווי אָפּגעפרישט פֿונם טאַנץ, האָט מען זיך געזעצט ווײַטער צו דער סעודה.

— לאַנג לעבן זאָל ער קלמנקע!

— אַזאַ טאַנץ האָט מען שוין לאַנג ניט פֿאַרזוכט...

— וואו איז ער ערגעץ?

מ׳האָט זיך אומגעקוקט און דערזעהן: קלמן זיצט ווי אַלע מאָל שווײַגנדיק אויף זײַן בענקל צווישן די כּלי־זמר, האַלט נאָך דעם פֿידל אויף דער קני, קוקט אין אַ זײַט און פֿון צײַט צו צײַט בורטשעט ער עפּעס אונטער די ליפּן.

אויף אַלעמענס פּנימער האָט נאָך געלויכטן די מאָדנע לויטערע שמחה פֿון דעם טאַנץ, די קוויקנדיגע קלאַנגען פֿון פֿידל האָבן זיך נאָך געטראָגן אין דער נשמה. שטאַרק אויפ־געלעגט האָט מען אָנגעהויבן עסן די פֿיש און ערשט איצט האָט מען גענומען דאָס רעכטע ביסל בראָנפֿן. אין שאַלאַש האָבן נאָך מער געהילכט די קלאַנגען פֿון קלמנס פֿידל און דער בראָנפֿן האָט נאָך שטאַרקער אָנגעצונדן דאָס הייסע חסידישע

בלוט. און דוקא פון גרויס שמחה האָט דאָס האַרץ געחלשט נאָך אַ יידיש וואָרט, נאָך אַ תּפילהדיגן ניגון. טאַקע די גאַנצע שמחה מקריב צו זיין אין האַרציגע טרערן, וואָס ברענגען דאָך ערשט רעכט אַרויס די אינעווייניגסטע מתיקות...

פון אַלע זייטן האָט מען זיך פריילעך געווענדט צו אברהם בער דעם חזן.

— ר' אברהם בער, ר' אברהם בער!...

— ר' אברהם בער, זאָגט שוין אַ „יעלה"...

אברהם בער איז שוין מער ווי צוואַנציג יאָר חזן אין שטעטל און מיט יעדן יאָר ווערט מען צו אים אַלץ מער צוגעבונדן. ניט וואָס ער האָט אַזאַ שיין קול אָדער ער זאָל קענען אַפילו אַ העלפט אַזוי זינגען, ווי למשל אייזיק דער שוחט. נאָר אברהם בער איז אַ גרויסער האַרציגער ערליכער ייד, און אַז ער דאַוונט פאַרן עמוד, לעגט ער אַריין יעדן ממש די ווערטער אין מויל אַריין. ער פלעגט בשעת מעשה אַריינשטעקן די לינקע האַנט אין גאַרטל אָדער פאַרנעמען מיט איר דעם טלית אונטער דער באָרד און מיט דער רעכטער האַנט „דאַוונט" ער. האָט מען שוין טאַקע תמיד אין אָט דער רעכטער האַנט אַליין געקענט דערזעהן, וואו אברהם בער האַלט אין דער וועלט. אָט שטרעקט ער אויס פשוט די האַנט פאַר זיך מיט אַ געבעט אָדער ער לעגט צונויף קיילעכדיג צוויי פינגער און פירט שטיל און לאַנגזאַם מיט דער האַנט אין דער לופט — לעגט אויס זיינע האַרציגע רעיונות, פאַרטיפט זיך, טענהט און מאָנט. פלוצים טוט ער אַ שליידער מיט דער האַנט אין דער הויך און רייסט איין הימלען, און אָט בלייבט די האַנט הכנעהדיג שטיין אין דער לופט און שטאַרק פאַרחלשט בעט זי רחמים, טאַקע נאָר רחמים. אין טשערנאָביל פלעגט ער אַלע מאָל זאָגן פאַרן עמוד די ערשטע סליחות. און דער רבי אַליין האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט ניט זשאַלעווען דאָס שטעטל, וואָלט

ער אברהם בערן איבערגענומען פון דאָרט פאַר אַ חזן אין טשערנאָביל. טאַקע גאָר אַ קלייניגקייט!

ווי אַלע מאָל האָט זיך אברהם בער אויך איצט ניט געלאָזט בעטן. ער האָט אָפּגערוקט דעם טעלער, האָט אַ וויש געטאָן מיט אַ פאַטשיילע די ליפּן, אַריינגעשטעקט די לינקע האַנט אין גאַרטל, און האַלטנדיג די רעכטע האַנט ניט ווייט פון פּנים, האָט ער זי רחבותדיג אויסגעשטרעקט פאַר זיך און אָנגעהויבן זינגען זיין שיינעם האַרציגן „יעלה", וואָס מ׳פלעגט מיט גרויס חשק הערן אַפילו אין רעכטן מיטן שמחת־תורה. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך אַ לאָז געטאָן אויף זיין חזנישן שטייגער. דער „יעלה" האָט אַפּנים געטראָפן אין פּינטל. דער עולם האָט אים אונטערגעכאַפּט און אַלע האָבן אָנגעהויבן צו זינגען. הונדערטער קולות האָבן זיך תפילהדיג צונויפגעגאָסן. ר׳ נחום האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און זיך שטיל געדבקעט. וואָס ווייטער האָט דער יעלה אַלץ מער אָנגענומען פאַרן האַרצן, און דער עולם האָט זיך אַלץ מער צעקאָכט. דער גאַנצער שאַלאַש האָט זיך אָנגעהויבן וויגן אויף די ווייכע כוואַליעס פון דעם „יעלה", וואָס האָבן זיך געטראָגן אַלץ העכער און ברייטער.

נאָר חיים גראַוויצער אַליין האָט ניט געזונגען און איז די גאַנצע צייט געזעסן ביים טיש ווי אַ פרעמדער. דער עולם איז געווען צו גרויס און דערצו יום־טובדיג פאַרנומען, און דערפאַר האָט אים כמעט קיינער ניט באַמערקט. נאָר אייזיק דער שוחט, וואָס איז געזעסן נעבן אים, האָט זיך אָפּט אויף אים אומגעקוקט. חיים האָט זיך פאָרגענומען, אַז ער זאָל ניט לאָזן מער זיין נשמה פאַרזוכן אַפילו אַ טראָפּן שמחה. ניט נאָר דער גוף, נאָר אויך די נשמה, זאָל פאַסטן, ביז דער אויבערשטער וועט זי אויפריכטן. נאָר פון דעם „יעלה" איז אויך ביי אים אַ ציטער איבערן רוקן דורכגעלאָפן. ער האָט געקוקט

אויפֿן זינגענדיגן עולם און ווי צום ערשטן מאָל דערזעהן דעם כּח פֿון „פּוילישע“ חסידים, פֿון זייער קינדישער האַרציגקייט און תּמימות. פּלוצים האָט חיים דערפֿילט, אַז עמיצער האָט אים אַ ריר געטאָן פֿאַרן אַרבל. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזעהן, אַז אייזיק דער שוחט זאָגט צו אים עפּעס שמייכלענדיג. אין דעם גרויסן געזאַנג פֿון דעם עולם האָט חיים גאָרנישט ניט געהערט. האָט זיך אייזיק דער שוחט צו אים נאָהענט צוגע־בּויגן און אַ זאָג געטאָן מיט דעם זעלבן שמייכל:

— מען דערקענט אויף אייך גלייך, אַז איר זענט אַ חבּדניק, איר טראָגט גאַנצע בּערג אויפֿן קאָפּ...

— פֿון מיר טאָר מען ניט מאַכן קיין כּלל אויף חבּדניקעס. נאָר אויף אייך—האָט חיים אויך אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל — קען מען אויך גלייך דערקענען, אַז איר זענט אַ רוזשינער חסיד. איר גייט אויסגעפּוצט ווי אַ שׂררה...

— ס'איז גאָר ניט אַזוי די מעשׂה. בּיי אונז זיינען נאָך כּמעט אַלע די אייגענע בּטלנים, נאָר דער רבּי איז טאַקע בּכח צו מאַכן פֿון יעדן יידן אַ שׂררה...

האָט חיים געמאַכט אַן ערנסט פּנים און אָ פֿרעג געטאָן:

— וואָס זאָל דאָס טאַקע הייסן? מ'זאָגט, אַז דער רוזשינער האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ קייזערליכן הויף מיט אַ קאַפּעלע און מיט גאָלד און זילבער און נאָך אַזעלכע זאַכן. וואָס הייסט דאָס?

— איר ווייסט דאָך די וועלט־מעשׂה. אַ בּעל־הבּית האָט חושד געווען איינעם פֿון זיינע משרתים אין גנבה, האָט ער דוקא אָט דעם משרת געמאַכט פֿאַר אַ משגיח איבער אַנדערע, וואָרום ווערט מען נאָר אַליין אַ משגיח, פֿאַרלירט מען דעם חשק צו גנבה. איר פֿאַרשטייט, מ'האָט תּמיד מורא פֿאַר דעם יצר־הרע און זיינע כלומרשט שיינע תּאוות, האָט דער רבּי דעם יצר־הרע אַליין געמאַכט פֿאַר אַ משגיח אויף ערליך־יידישקייט. די גאַנצע שיינקייט פֿון דער וועלט זאָל ניט אַוועקגנבענען

יידישע הערצער, נאָר זאָל פאַרקערט אַליין באַשיינען די ער־
ליך־יידישקייט און צוציהען צו איר יידישע הערצער.—אייזיק
דער שוחט האָט זיך נאָך נעהענטער צוגעבויגן צו חיימען און
אים אַ זאָג געטאָן אויפן אויער:—טשערנאָביל הויבט אָן אונז
נאָכצומאַכן, נאָר דאָס איז אָבער נאָר נאָכגעמאַכט...

חיים האָט אַ קלער געטאָן, אַז אָט דער פיינטליכער וואונק
אויף טשערנאָביל איז שוין אַ גנביש שטיקל פון דעם „משגיח", וואָס רייצט אָן חסידים אויף גרויסע מחלוקת. אים איז שוין ווייטער אַרויסגעקומען אויפן מוח דער רעיון פון דעם ראָד: פון דעם גנב ווערט אַ כשרער משגיח, מיט ווען מ'קייקלט זיך צוריק אַריין אין גנבה. ער האָט דאָס געוואָלט ענטפערן, נאָר פלוצים האָבן אים אַ קלאָפ געטאָן אין די אויערן קרעפטיגע זילבער־קלאַנגען. דאָס האָט אייזיק דער שוחט אָנגעהויבן זינגען מיט דעם עולם. זיין אומגעווײנליכע שיינע שטימע האָט זיך אַריינגעגאָסן אין געזאַנג פון דעם עולם און געשפּריצט פון דאָרטן מיט העלע זילבער־קלאַנגען. דער עולם איז זיך ערשט רעכט פאַנאַנדערגעגאַנגען. אברהם בער האָט איצט מיט דער רעכטער האַנט אַרויסגעוויקלט די סאַמע האַרציגסטע רעיונות. וואָס ווייטער מ'זינגט, אַלץ טיפער און געשמאַקער ווערט דער בטחון פון דעם ניגון. ס'האָט זיך געקענט דוכטן, אַז מ'וועט גאָרניט אויפהערן צו זינגען. איז שוין אָבער ווי באַשערט געווען, מ'זאָל היינט אין אָוונט ניט איינזיצן לאַנג אויף איין אָרט.

ביים טיש פון אויבן אָן נעבן ר' נחומען איז פלוצים עפּעס אַ שטאַרקער טומל געוואָרן. דער עולם איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך פאַרחידושט אומגעקוקט. דאָרט איז געשטאַנען מענדל דער הויכער, רויט אנגעצונדן פון כעס, האט געקלאַפּט מיט די הענט אויפן טיש, געשריען און געטנהט. אַלע מאָל נעמט ער אויף אַ שמחה אַ שטאַרק ביסל בראָנפן, ווערט אָבער ניט שיכור, פאַרקערט, ער גיט נאָך אַכטונג אויף אַלץ, העלפט

דעם סאַרווער און באַדינט יעדן איינצעלנעם. נאָר אַלע מאָל וואַרפט ער עפּעס אַרויס אַ מאָדנע שטיקל. וואָס וויל ער אָקאָרשט היינט, אָט דער „משוגענער"?

— וואו איז דאָס געהערט געוואָרן?—האָט ער געשריען, קלאַפּנדיג מיט די הענט אויפן טיש — דער אויבערשטער שענקט אונז אַזאַ גרויסע שמחה, וואָס די גאַנצע וועלט פאַר־מאָגט ניט, און דערפאַר זאָל ער נאָך אונז באַצאָלן מיט גן־עדן? וואָס טוט זיך עס דאָ? מ׳גייט אַריין אין דעם שענסטן געשעפט, מ׳נעמט דאָרט די שענסטע גאָלדענע סחורה און מ׳וואַרט נאָך, אַז דער בעל־הבית זאָל דערפאַר באַצאָלן...

— וואָס־זשע ווילסטו? — האָט מען פון אַלע זייטן הנאהדיג געלאַכט.

— איך וויל ניט קיין גן־עדן — האָט ער מיט כעס גע־שריען — איך וויל דעם אויבערשטן אַליין באַצאָלן, איך, מענדל דער קבצן, דער גאָרנישט. אָט שיט איך אויס אופן טיש מיין גאַנצן בייטל געלט אויף אָרימעלייט, דאָס זיינען דאָך דעם אויבערשטנס קעסטקינדער, וואָס ער דאַרף זיי האָדעווען. און אָט די לעצטע מטבע פון מיין קעשענע אין דער קאַפּאָטע (ער האָט זי אַרויסגענומען און באַוויזן פון ווייטן פאַר די כּלי־זמר) גיב איך אָפּ די כּלי־זמר, מ׳זאָל שפּילן און טאַנצן, אַ וויוואַט פאַר זיין ליבן נאָמען. כּלי־זמר, כּלי־זמר! שטייט אויף און שפּילט אַ וויוואַט פאַר דעם אויבערשטן. יידן! הויבט זיך...

זיינען טאַקע די כּלי־זמר אין איין רגע אויפגעשטאַנען אויף זייער הילצערנער בימה און אַ קלאָפּ געטאָן אַ גרויסן פרייליכן וויוואַט. און דער עולם, וואָס האָט זיך פון אָנהויב בלויז לוסטיג געמאַכט פון מענדלס מאָדנע רייד און העויות, האָט אָבער ביי די לעצטע מענדלס רייד פאַרגאַפט אַ ציטער גע־טאָן און זיך געלאָזט מיט אַ ברען טאַנצן. דער גאַנצער

איינגעהאַלטענער פייער פון דעם „יעלה" האָט זיך אין דעם טאַנץ נאָך תּפילהדיגער אויפגעפלאַקערט. אויך איצט האָט דער טאַנץ באַלד אַרויסגעשפּאַרט פון דעם ענגען שאַלאַש דורך דער טיר אין דער פרייער נאַכט אַריין. און אַז מ'האָט זיך אומגעקערט טאַנצנדיג אין שאַלאַש, האָט מען שוין ניט געקענט און ניט געוואָלט קומען צו זיך. נאָך האַרציגער האָט מען זיך אָנגענומען פאַר די הענט און נאָך געשמאַקער האָט מען געטאַנצט. איז ר' נחומס זון פיניע גראַבאָווער, דער בעל־שמחה, אַרויפגעשפּרונגען אויפן טיש און אַ געשריי געטאָן:

— יידן! פאַרשעמט ניט די סעודה. זעצט אייך צום טיש און לאָזט דערלאַנגען ווייטער די מאכלים. נאָכן בענטשן וועט מען אַרויסנעמען די טישן, וועט מען קענען טאַנצן...

פיניע גראַבאָווער האָט אַראָפּגערופן די כּלי־זמר, וואָס זיינען איצט אַראָפּגעגאַנגען פון זייערע בּימהלע, זיך אַוועקגעזעצט עסן בּיי אַ באַזונדערן טיש, וואָס מ'האָט ווי עס איז בּיי דער זייט אַריינגעקוועטשט. ערשט נאָך דער סעודה, וועלן זיי ווייטער שפּילן.

מ'האָט ניט געענדיגט, נאָר אָפּגעשטעלט דעם טאַנץ און זיך געזעצט צום טיש. אייגנטליך איז דאָך די גאַנצע סעודה אַן איינגעהאַלטענער טאַנץ, און דער טאַנץ איז נאָר אַן אויפ־פלאַקערונג פון דער סעודה. מ'האָט דערלאַנגט די יויך און ערשט ווייטער גענומען אַביסל בראָנפן. און בּיי דער יויך האָט מען זיך ערשט דערמאָנט און אָנגעהויבן זיך פרייליך צו אַמפּערן וועגן דעם, צי האָט מען געמעגט אויסרופן אַ וויוואַט פאַרן אויבערשטנס וועגן, אַז אַליך איז דאָך פאַרן אויבערשטנס וועגן. איז וואָס דעריבער? האָבן געענטפערט אַנדערע: אָט דאַרפן אַלע טעג זיין פון זיינעטוועגן און פונדעסטוועגן שטייט: ,שבת לה', שבת זאָל זיין פון דעם אויבערשטנס וועגן, דאָס הייסט,

אַז שבת זאָל נאָך מער זיין פון גאָטס וועגן. דער הר הבית איז הייליג, דער בית־המקדש איז נאָך הייליגער, און דער קדשי קדשים איז גאָר דאָס הייליגסטע. דאָס איז דאָך דער ענין פון מעלין בקדש, דאָס הייסט אין הייליגקייט קען מען גיין אַלץ העכער און העכער, טאַקע גאָר אָהן אַ סוף...

מ'האָט אָפּגעגעסן די יויך. דערווייל האָט ר' נחום אָנגעהויבן אין זיין ווינקל עפּעס צו דערציילן. האָט מען פון אַלע זייטן אַ קלאַפּ געטאָן אויף די טישן:

— שאַט, שטילער...

ס'האָט זיך דאָס חיות געוואָלט הערן אַ גוט וואָרט. מ'האָט זיך אַריבערגעבויגן מיט די קעפּ איבערן טיש צו ר' נחומען און מיט גרוים חשק זיך צוגעהערט. אייזיק דער שוחט איז אַפילו אַרויסגעשפּרונגען פון טיש און זיך געשטעלט נעבן ר' נחומען מיט די הענט אין זיין זיידענעם גאַרטל. ר' נחום האָט אַזוי אָנגעהויבן:

— דער אַלטער זכרונו לברכה האָט אַמאָל ביים טיש געזאָגט: „וואָס איז דער ענין, וואָס יידן מאַכן ניט קיין ברכה אויף שמחה, ווי מ'מאַכט אַ ברכה אויף יעדער זאַך, וואָס מ'האָט הנאה. ווייל די שמחה פון יידן איז שוין אַליין די גרעסטע ברכה פאַר דעם אויבערשטן". איך געדענק עס נאָך ווי היינט: ראש־השנה איז דעמאָלט אויסגעפאַלן אום שבת, פאַרן דאַוונען זיינען מיר אַריינגעגאַנגען צום רבין. האָט ער זכרונו לברכה אַזוי געזאָגט: „דאָס גאַנצע יאָר ווערט אויסגעלייזט דורך ראש־השנה און ראש־השנה ווערט אויסגעלייזט דורך שופר. נאָר אַז ראש־השנה פאַלט אויס אום שבת, פאַרשפּאָרט מען שוין שופר, ווייל די שמחה פון שבת קען אויסלייזן אַלע וועלטן"...

האָט זיך אַן אַלטער ייד ביים טיש אָפּגערופן:

— דאָס איז דאָך די מעשה נורא מיט ר' שלמה קאָר־

לינער זכרונו לברכה. דעמאָלט איז געווען אַן אומרוהיגע צייט. ר' שלמה קארלינער האָט פרייטאָג צונאַכטס אין בית־המדרש מקבל שבת געווען פאַרן עמוד מיט גרויס שמחה, בשעת אַ קאָזאַק איז אַריינגעלאָפן אין בית־המדרש און האָט אויף אים אויסגעשאָסן. ר' שלמה איז אַ פאַרבלוטיגטער אומגעפאַלן און איז געבליבן ליגן דעם גאַנצן שבת אַ שווער קראַנקער אין בית־המדרש. דעם גאַנצן שבת האָט ער אַפילו קיין קרעכץ ניט געטאָן. ס'איז דאָך שבת! נאָר די טאָכטער זיינע האָט שטאַרק געוויינט. האָט ער צו איר געזאָגט: „ווי קען דאָס אַ יידישע טאָכטער שבת וויינען?" „טאַטעשי — זאָגט זי — ווי אַזוי זאָל איך ניט וויינען, אַז דו ביסט אַזוי פאַרבלוטיגט און האָסט נאָך אַפילו קיין קרעכץ ניט געטאָן?". „גלויב מיר— האָט ער איר געענטפערט—די גאַנצע וועלט איז נישט ווערט, אַז מ'זאָל אויף איר שבת אַ קרעכץ טון". טאַקע דעם גאַנצן שבת איז אַ ליכטיגער שמייכל ניט אַראָפּ פון זיין הייליג פנים. און ערשט נאָך הבדלה איז ער נפטר געוואָרן...

ביי די לעצטע ווערטער פון דער מעשה האָט זיך דער אַלטער ייד פאַרכליפּעט. אין שאַלאַש איז אַ ווײַלע שטיל געוואָרן. עפּעס אַ טיפע בענקעניש האָט פאַרן האַרצן פאַרנומען. נאָר באַלד האָט זיך גדליה דער מלמד עפּעס ווי אַ כאַפּ געטאָן און געזאָגט:

— מיר האָבן דאָך דאָס מיט אונזערע אויגן געזעהן ביי אונזער רבין זאָל לאַנג לעבן. אונזער הייליגער מגיד איז נאָך דעמאָלט געווען גאָר אַ יונגערמאַן. אין אַ שטעטל, ניט וויט פון טשערנאָביל, האָט, רחמנא לצלן, אויסגעבראָכן אַ מגפה. איז מען אַוועקגעלאָפן צום רבין. מ'איז אָנגעקומען אין טשערנאָביל דאָנערשטאָג גאַנץ פריה און נאָך פאַרן דאַווענען איז מען אַריין אויף יחידות. דער רבי האָט געהייסן, מ'זאָל שוין פאָרן צוריק און מ'זאָל זעהן, אַז שבת זאָל ביי קיין יידן אין

שטעטל ניט פעלן קיין פיש און וויין צום טיש, און שבת צו־
נאַכטס זאָל מען מאַכן אַ פרייליכע מלוה־מלכה און נאָך האַלבער
נאַכט זאָל מען אַרויס מיט כלי־זמר אויף די גאַסן. אַנט־
קעגן אמתער שמחה, זאָגט אונזער הייליגער מגיד, האָט דער
שטן קיינמאָל ניט געקענט בײַשטיין. פאַרשטייט זיך, אַז ייִדן
האָבן מיט גרויס שמחה געטאָן, וואָס דער רבי האָט געהייסן. און
אַז מ'איז אַרויס בײַנאַכט מיט כלי־זמר אויף די גאַסן, זיינען טויט־
קראַנקע אויפגעשפרונגען ממש ווי געזונטע פון די בעטן.
וונטאָג אינדערפריה איז שוין אין שטעטל קיין זכר פון דער
מגפה ניט געבליבן. מיר האָט נאָך דערציילט אַן אַלטער
קברות־מאַן פון יענעם שטעטל, אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך גע־
הערט אויפן בית־עולם אַ מאָדנע יללה. דאָס האָבן „ניט
גוטע", ימח שמם וזכרם, געיאָמערט, וואָס מ'האָט בײַ זיי אָפּגע־
נומען די פינסטערע שליטה...

פון פאַרשיידענע זייטן האָט מען אָנגעהויבן צו דערציילן
אומגעוויינליכע מעשות פון דעם רבין. חיים גראַוויצער האָט
צום ערשטן מאָל עפּעס מיט אַ פאַרבאָרגענעם חשק געהערט
טאַקע אָט די „ווייבערשע" מעשות, ווי ער פלעגט זיי אַלע מאָל
אויף זיין חבדיש־שאַרפן שטייגער רופן. ווי פריהער בײַ „יעלה",
האָט ער אויך איצט אין די דאָזיגע מעשות דערשפּירט דעם
גרויסן כח פון קינדישער תּמימות און אמתער האַרציגקייט.
נאָר אָט האָט איינער בײַם טיש דערציילט עפּעס אַ מאָדנע מעשה
מיט אַזוינע אומגעלומפּערטע מופתים, אַז חיים האָט אומגעדולדיג
אַ צוק געטאָן פון אינעווייניגסטן צער. ס'איז אים טאַקע אויפן
מוח ווייטער אַרויפגעקומען זיין רעיון וועגן דעם ראָד: די גאַנצע
וועלט הויבט מען אויף מיט אמונה, און מיט איר קען מען
זיך ווייטער אַראָפּקייקלען אין „באָבע־מעשות". און פונדעסט־
וועגן האָט זיך זיין געפאַלענע נשמה בגנבה געוואַרעמט אַרום
דעם שטילן פייער, וואָס האָט דאָ אַרום טיש אַזוי תּמימותדיג

געגליהט. דאָס האָט אָבער אין אים אַרויסגערופן עפּעס אַ פאַר־קאָכטע אומרוה, וואָס האָט זיך טאַקע באַלד אומגעריכט און משונהדיק דורכגעריסן.

פלוצים איז פון מיטן טיש אויפגעשטאַנען יוחנן דער שטאָט־שמש, און ניט מאַכנדיק קיין הקדמות, האָט ער אָנגעהויבן אויף זיין מאָדנעם שטייגער צו דערציילן. ער איז געווען אַן עלטערער ייד, מיט אַ פאָר יאָר ייִנגער פאַר ר' נחומען. אַ מיטלוואוקסיגער, אַ דאַרער, מיט שמאָלע רירעוודיגע פליי־צעס, מיט אַ גרויער באָרד און קליינע שוואַרצע אויגעלעך, וואָס פלעגן צוזאַמען מיט דער קליינער עטוואָס איינגעבוי־גענער נאָז שיער ניט מאַכן דעם איינדרוק פון אַ פויגל־פנים. אַביסל תמעוואַטע, איז ער אַלע מאָל שטיל, רוהיג, קאַלטבלוטיג און געלאַסן. ווערט קיינמאָל ניט אין כעס אָדער אויפגערעגט און קאָן קיינמאָל ניט קיין קול אויפהויבן. אינע־ווייניג איז ער אָבער שטאָל און אייזן און שטילערהייט פירט ער אויס זיינס. אין דער יוגנט איז ער געווען אַ גבאי נאָך ביי דעם אַלטן זכרונו לברכה. אַז אין שטעטל האָט זיך אויסגעבויט די ערשטע טשערנאָבילער קלויז, האָט אים דער רבי געשיקט אַהינצו פאַר אַ שמש. אין אַ סך יאָרן אַרום איז ביי אים גע־שטאָרבן דאָס ווייב. ער האָט ניט געוואָלט בלייבן ביי זיינע אויס־געגעבענע קינדער און איז אַוועקגעפאָרן קיין טשערנאָביל. ער האָט דאָרט משמש געווען דעם רבינס שטוב און איז אַ צייט לאַנג אַרומגעפאָרן מיט דעם רבין איבער דער וועלט. ערשט מיט אַ פאָר יאָר צוריק איז ער געקומען צוריק אין שטעטל. און אַזוי ווי אין טשערנאָבילער קלויז האָט מען שוין גענומען אַן אַנדער שמש, האָט מען אים געמאַכט פאַר אַ שטאָט־שמש און איז אויך געווען ביים רב אַ בית־דין־שמש. אויף אַלע שמחות שטעלט ער אַ „טעלער“ באַזונדער פאַר דעם שטאָט־שמש. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ ייד, וואָס איז אַזוי פיל אַרומ־

געפאָרן מיט דעם אַלטן און מיט דעם היינטיגן רבין, האָט געגוג געזעהן און האָט געהאַט וואָס צו דערציילן. און דוקא דערפאַר, וואָס ער רעדט אַזוי קאַלטבלוטיג און געלאַסן — לעגן זיך זיינע רייד זעהר לייכט אויפן מוח און מ׳הערט אים מיט גרויס חשק. פון אָט דעם אַלטן טשערנאָבילער גבאי האָט נאָך געווייעט די סודותדיגע לופט פון דעם רבינס סביבה, און יעדע מעשה, וויפיל מאָל ער זאָל זי ניט דערציילן, קלינגט זי תמיד ווי אַ פרישער לעבעדיגער גרוס פון טשערנאָביל. ער האָט גלייך אָנגעהויבן:

— איינמאָל בין איך אַריינגעפאָרן מיט אונזער רבין אין אַ שטאָט. שבת איז געווען ביים טיש אַ עם רב. אויך איז גע־ווען דער גביר פון שטאָט, אַביסל אַ געכאַפּטער און אַ גרויי־סער מחוצף. טוט ער אַ זאָג ביים טיש צום רבין מיט גרויס חוצפה: ס׳טייטש, רבי, אייער פאָטער איז דאָך געווים געווען אַ קדוש, האָט ער אַלע יאָרן געלעבט זעהר אָרים און איז אַרומגעפאָרן אין אַ פּראָסטן וואָגן, און איר פאָרט אַרום אין קאַרעטעס? דער רבי האָט אים געענטפערט: „וואָס פאַרשטייסטו ניט? אַ לעבעדיגער האָן גייט אַרום ערגעץ איבן הויף און קאָסט נאָר עטליכע קאָפּעקעס, און אַ אויסגעמאָלטן האָן קויפט מען פאַר רענדלעך און מען הענגט אים אויבן אָן אין זאַל אויפן וואַנט פאַר אַ שיינקייט. מיין טאַטע איז געווען אַן אמתער קדוש און איך בין אַנטקעגן אים נאָר אַ געמאַכטער, אַ גע־מאָלטער". אין דעם זעלבן יאָר איז דער גביר געוואָרן אַ יורד און איז געפאָרן צום רבין בעטן אַ תשובה...

אָט די פּשוטע מעשה האָט אַלעמען איבערגעבראַכט און איז באַזונדערס געווען אָנגעלעגט ביי ר׳ נחומען. אָט אין דער מעשה, זאָגט ער, שטעקט די עניוות און די גרויסקייט פון רבין. אַנטקעגן זיין פאָטער האַלט ער זיך מיט גרויס עניות בלויז פאַר אַ געמאַכטן. אָבער אַ לעבעדיגע בריאה איז אַ באַשע־

פעניש פון גאָט און אַ געמאָלטע בריאה איז אַ אויפטועכץ פון אַ מענשן, וואָס מאַכט פון טויטע פאַרבן אַ לעבעדיגע שיינקייט. ביי דעם איבערשטן אָבער איז דאָך טייערער פון אַלץ די אויפטועכץ פון אַ מענשן, זיין אייגענע עבודה. און דאָס איז דאָך דער ענין פון...

נאָר יוחנן דער שטאָט־שמש האָט ניט ליב קיין לאַנגע חקירות. ער האָט געלאָסן און רוהיג אָנגעהויבן ווייטער דערציילן:

— אַמאָל איז דער רבי מיט די קינדער נאָך אַ לאַנגער נסיעה געפאָרן אַהיים קיין טשערנאָביל. איך האָב נאָך דעמאָלט משמש געווען דעם רבין און בין זוכה געווען צו פאָרן מיט דעם רבין אין קאַרעטע. עטליכע מייל פאַר טשערנאָביל איז אַ גאַנץ שטעטל אַרויס אַנטקעגן רבין און אים איינגעבעטן, ער זאָל אַראָפּפאָרן אַהין אויף אַ טאָג. מ׳איז זיך דאָרט צונויפגע־פאָרן פון דער גאַנצער סביבה. די שטוב, וואו דער רבי איז איינגעשטאַנען, איז געפאַקט קאָפּ אויף קאָפּ. נאָך איידער די זון האָט זיך געזעצט, איז פּלוצים צום שטוב צוגעפאָרן אַ פאַרמאַכטע בויד, און פון דאָרטן איז אַרויס אַ הויכער ייד מיט אַ גרויסער ווייסער באָרד. דאָס פּנים איז פון אַ מלכות. אַלע האָבן אים פאַרגאַפט געמאַכט אַ וואַרע. ניט אומקוקנדיג זיך, איז ער גלייך צוגענאַנגען צו דער טיר פון רבינס חדר און איז אַריין צום רבין. מ׳האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס הייסט. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אַרויס פון דאָרט. ניט אומ־קוקנדיג זיך, איז ער דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם עולם. און אַרויסגייענדיג פון שטוב, האָט ער זיך גלייך געזעצט אין דער פאַרמאַכטער בויד און איז אין איין רגע פאַרשוואונדן. דער עולם האָט געגאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער וועט ניט וואַגן צו פרעגן ביים רבין. נאָר ר׳ אהרן, דעם רבינס עלטערער זון, האָט זיך דערוואוסט ביים רבין די גאַנצע מעשה. אָט דער ייד, האָט אים דער רבי געזאָגט, איז אַ פאַרבאָרגענער קדוש,

וואָס וויל זיך איצט אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט און אַראָפּ־ברענגען משיחן. ער האָט שוין דערויף געהאַט אַ הסכם פון אַ סך גדולים און האָט נאָר נאָך געדאַרפט אונזער רבינס הסכם. דער רבי האָט אים אָבער קיין הסכם ניט געגעבן, ווייל ס'איז נאָך פאַר דער צייט. און דער קדוש האָט נעביך גע־מוזט גיין ווייטער זיך באַהאַלטן פאַר דער וועלט...

אַלע הערן מיט אָפענע מיילער, נאָר יוחנן אַליין שטייט רוהיג און געלאַסן, טוט אַפילו ניט אַ ציטער מיט אַ ברעם. ווי אַ קברות־מאַן ווערט ניט מתפעל פון טויטע, אַזוי ווערט ער, יוחנן, ניט מתפעל פון מופתים, וואָס ער האָט זיך ברוך השם אָנגעזעהן ביים רבין אויף יעדן שריט און טריט. נאָר די קליינע אויגן זיינע זיינען עטוואָס פייכטער געוואָרן און לאָזן אַ פּייערל דורכשימערן. יוחנן האָט קאַלטבלוטיג אַ הוסט געטאָן און אַ וויש געטאָן מיט דער פאַטשיילע די נאָז.

— איך געדענק עס נאָך ווי היינט. אַמאָל אונטערוועגס האָט דער רבי פּלוצים געהייסן אָפּשטעלן די קאַרעטע אין מיטן וועג. ער האָט געוואָלט איבערטון אַ נייעם כאַלאַט. מ'האָט אַרויסגענומען עטליכע כאַלאַטן, דער רבי האָט אויסגעקליבן איינעם פון זיי, האָט אים אָנגעטאָן, זיך געזעצט אין דער קאַרע־טע און געהייסן פאָרן ווייטער. אַריינפאָרנדיג אין שטאָט, האָבן מיר דערהערט, אַז דער אַפּטער רב זכרונו לברכה איז אין שטאָט. דער רבי האָט געהייסן, מ'זאָל אים גלייך פירן צום אַפּטער רב. אַ טשיקאַווע זאַך! אַז מיר זיינען אַריינגעקומען, האָבן מיר דערזעהן, דער אַפּטער זיצט פּונקט אין אַזאַ כאַלאַט, וואָס דער רבי האָט איצט געטראָגן. האָבן מיר שוין גלייך פאַרשטאַנען, אַז ניט אומזיסט האָט דער רבי פּלוצים אויפן וועג אָנגעהויבן אַרויסצוזוכן פאַר זיך אַ כאַלאַט. אַ קורצע ווײַלע איז דער רבי געזעסן ביים אַפּטער — וואָס זיי האָבן צווישן זיך גערעדט, ווייס מען ניט. נאָר דער אַפּטער האָט דער נאָכדעם גע־

זאָגט: „קיינער האָט נאָך נישט געקענט, ווי דער טשערנאָבילער, זיך אַזוי אויסבאַהאַלטן פאַר דער וועלט. איר זאָלט וויסן— האָט ער געזאָגט—אַז דער טשערנאָבילער איז שוין מער ווי צען יאָר גאָר ניט אויף דעם עולם, און ער איז בלויז אַ פאַרבאָרגענע נשמה פון עולם העליון".

ביי די לעצטע ווערטער האָט יוחנן אַליין אָנגעהויבן פּלאַ־טערן. ער האָט אַ צוק געטאָן מיט דעם געזיכט און זיך קוֹנ־דיש צעשמייכלט. פלאַטערנדיג איז ער אַנטשווינן געוואָרן און זיך אַנידערגעזעצט אויף זיין אָרט.

דערווייל האָט מען דערלאַנגט פלייש צום טיש. דער עולם האָט געגעסן האַלבפאַרחלומט. די נשמה האָט זיך נאָך דורש־טיגער געצויגן צו דער הייליגער וואונדער־וועלט. ס'האָט זיך געחלשט הערן נאָך און נאָך. אייזיק דער שוחט האָט זיך שוין ניט אומגעקערט צוריק אויף זיין אָרט. ער האָט זיך ווי עס איז איינגעמאָסטיעט אויף אַן עק באַנק נעבן ר' נחומען און געוואַרט אויף אַ פרישער מעשה. מ'האָט נאָר וואָס אָפּ־געגעסן דאָס פלייש, האָט וועלוועלע, דער גבאי פון חברה־קדישא, אַרויסגענומען זיין פושקעלע מיט שמעקטאַבאַק און רחבותדיג אַ מאַך געטאָן מיט דער פאַטשיילע. מ'האָט גע־קענט מיינען, אַז ער וויל שוין אָנהויבן אויף זיין טשיקאַוון שטייגער צו דערציילן. ער האָט אָבער מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— עס זיצט דאָך עפעס ביי אונז ביים טיש אַן אורח הגון, עזריאל דער שליש, ער איז געפאָרן אַזוי פיל יאָר צום אַפּטער רב זכרונו לברכה. נישקשה, ר' עזריאל, איר מעגט אונז טאַקע עפעס דערציילן פון אייער הייליגן רבין...

האָבן זיך אַלע אַ קער געטאָן צו עזריאלן דעם שליש. דאָס איז געווען אַ הויכער דאַרער ייד מיט אַ ברייטער גרויער באָרד. אינגאַנצן איז ער עפעס דאַר און שטייף, שטאַרק

מיושבדיג און באַטראַכט. קיינמאָל איילט ער זיך ניט און לאָזט תּמיד יעדן רעדן ביזן סוף, דערנאָכדעם שווייגט ער ערשט אַ ווײַלע, פאַרמאַכט דאָס לינקע אויג, פאַרקנייטשט דעם שטערן און ניט געכאַפּט ציילט ער אויס איינציגע ווער־טער. אַ וואָרט—אַ רענדל. יעדעס וואָרט איז פעסט, וואָגידיג און באַטראַכט. אָפּט מאָל ענטפערט ער בלויז מיט אַ שאַרפן קוק, מיט אַ קלוגן קנייטש פון שטערן. ער האָט געקענט שאַרף לערנען, האָט פאַרשטאַנען די וועלט און האָט געוואוסט אַפילו אַ „זאַקאָן". ער האָט געשמט פאַר אַ „קאָפּ־מענשן", פאַר אַ פּקח אין דער גאַנצער געגנט אַרום און אַרום. אין שטעט און שטעטלעך פלעגט מען אים אויסקלייבן אויף ברירות פאַר אַ שליש. דערפאַר האָט מען אים טאַקע גערופן עזריאל דער שליש. ברעכט ערגעץ אויס אין אַ שטעטל אַ מחלוקת, ברענגט מען אַראָפּ עזריאלן אויף אַן אַסיפה. עס קאָכט און עס ברענט אויף דער אַסיפה, און ר' עזריאל זיצט קאַלטבלוטיג, פאַר־קנייטשט טיף דעם שטערן און גערולדיג שווייגנדיג הערט ער אויס אַלעמען „מיט קאָפּ". ביז ביידע צדדים הייבן אָקאָרשט אָן צו בעטן: „וואָס־זשע זאָגט איר, ר' עזריאל?" ער האָט גע־וואוינט ניט ווייט פון שטעטל אין אַ גרעסערער שטאָט. מ'האָט אים איצט אַראָפּגעבראַכט אַהער אין שטעטל אויף אַ דין־תּורה. דערווייל איז אויסגעקומען דער סיום, איז ער אינאיינעם מיטן גאַנצן שטעטל אַראָפּגעקומען צו ר' נחומען, מיט וועמען ער איז תּמיד געווען אַן אַלטער גוטער פריינט. ביים טיש האָט מען נאָך פון אים היינט קיין וואָרט ניט געהערט. דער עולם איז געווען שטאַרק צופרידן פון וועלוועלעס אויפטועכץ. ס'איז טאַקע פּשוט געווען אַ טשיקאַווע זאַך צו הערן אַ חסידישע מעשה פון ר' עזריאלן, בפרט וועגן דעם אַפּטער רב, וואָס די גאַנצע וועלט האָט פאַר אים געגאַפט. ר' נחום האָט זיך אויך געווענדט צו ר' עזריאלן מיט אַ האַרציגן שמייכל:

— מיר בעטן אייך טאַקע, ר׳ עזריאל, דערציילט אונז עפּעס, וואָס איר האָט זיך אָנגעהערט ביים הייליגן אַפּטער...

עזריאל האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט נאָר אויפגע־הויבן די ברעמען און זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט. אַלע שווייגן אומגעדולדיק. נאָר אָט האָט ער פאַרמאַכט דאָס לינקע אויג, פאַרקנייטשט דעם שטערן און אָנגעהויבן ציילן איינציקע ווערטער:

— דער אַפּטער רב פלעגט רעדן פאַרשטעלט, מיט אומגע־וויינליכע גוזמאות. אין יעדער גוזמא שטעקן אַזוי פיל מוראדיקע סודות, אַז ס׳פלעגט דערביי אָנפאַלן אויף אַלעמען אַ מורא. ר׳ ברוך מעדזשעבישער איז אַמאָל אַליין געקומען צום אַפּטער, כדי צו הערן פון זיין הייליג מויל די גרויסע גוזמאות. איז ר׳ ברוך פאַרציטערט געוואָרן און געזאָגט, אַז דער אַפּטער מעסט יעדעס וואָרט, וואָס ער לאָזט אַרויס פון זיין מויל, ווי מען מעסט גאָלד. דער אמת איז דאָך, אַז נאָר זעלטענע צדיקים האָבן געהאַט די פאַרבאָרגענע שליסלען פון גוזמאות, און ווער ס׳האָט שוין אַזוינע שליסלען פאַרמאָגט, האָט זעלטן געוואַגט צו אַרבעטן מיט די שליסלען. דערפאַר זאָגט די גמרא, אַז נאָר אין דריי ערטער האָבן די חכמים גערעדט מיט דעם לשון פון אַ גוזמא. נאָר דריי! אָבער דער אַפּטער רב האָט, ווי רבה בר בר חנא, דאָס געקענט טון גאָר אָהן אַ שיעור. וואָס איז־דען אַ גוזמא? פאַר אַ פּויערשן דאָרפסמאַן איז דאָך אַ מוראדיקע גוזמא, ווען מ׳דערציילט אים פון דעם קייזערס גאָלדענעם פאַלאַץ...

עזריאל איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט אַ הויב געטאָן די ברעמען און זיך אויף אַ ווײַלע פאַרקלערט. באַלד אָבער האָט ער ווייטער פאַרמאַכט דאָס לינקע אויג און אָנגעהויבן:

— דער אַפּטער רב האָט אַמאָל ביים טיש אַזוי דערציילט:

„כ׳האָב געהאַט אַ קליינטשיק שטיבעלע — די גרויס אמה על

אמה — אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן. ווינטער האָב איך דאָרט אַלע טאָג געהייצט די הרובע, אַזוי פיל האָלץ האָב איך אין דער הרובע אויסגעבּרענט, אַז מ'האָט געמוזט יעדן טאָג בּרענגען פערציג וואָגן האָלץ. בּיינאַכט צום שלאָפן טו איך ערשט אָן אויף מיר אַ גרויסן ווינטערדיגן פעלץ. און פונדעסטוועגן, אַז איך כאַפּ זיך אויף אינדערפריה איז אין דעם שטיבּעלע אַזאַ קעלט, אַז מיין גאַנצע האַנט איז צו דער וואַנט צוגעפראָרן".

— עזריאל האָט עפּעס שמייכלענדיג אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען—דער פּשוטער פּשט דערפון איז אַן ערך: די גרעסטע התלהבות איז נאָך אַלץ אַ פּראָסט פאַר דער נשמה, ווען זי כאַפּט זיך אויף צו נאָך אַ העכערער מדרגה. בּאמת אָבער איז אין דער גוזמא יעדעס וואָרט אַ בּרענענדיגער סוד...

פלוצים האָט זיך עזריאל אָן עפּעס דערמאָנט און אינ־גאַנצן אַ ציטער געטאָן. ער איז אַפילו עטוואָס בּלאַס געוואָרן, האָט פאַרלאָרן זיין געוויינליכע רוהיגקייט, האָט זיך עפּעס מאָד־נע אַרומגעקוקט און שטאַרק אויפגערעגט האָט ער ווייטער אָנגעהויבּן:

— איינמאָל שבת בּיים טיש האָט זיך דער אַפּטער רב צו אונז אָפּגערופן: „איר זעהט, יידן, דעם אַפּטער רב מיט דער ווייסער בּאָרד. אין איין רגע איז שיער־שיער ניט געוואָרן אויס אַפּטער רב און אויס ווייסע בּאָרד". איז אויף אונז אַלעמען אָנגעפאַלן אַ גרויסע אימה. ס'האָט בּיי יעדן פאַרכאַפּט דער אָטעם. און דער אַפּטער רב האָט ווייטער דערציילט אַזאַ מעשה נורא: „איינמאָל בּין איך פאַרנאַכט אַרויסגעגאַנגען אין פעלד. כ'האָב דאָרט דערזעהן אַ חורבה. בּין איך אַהין אַריינ־געגאַנגען דאַוונען מנחה. כ'בּין נאָר אַרויף אויפן שוועל פון חורבה, האָב איך דערזעהן אַ אשה אַ יפת־תואר, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזוינס ניט געזעהן. זי האָט מיך אָנגעהויבּן איינ־רעדן אויף אַן עבירה... זיינען פלוצים בּיי מיר אַלע מוחין צוגע־

נומען געוואָרן — אויס אַפּטער רב. ס'איז אויסגעקומען, אַז איך קען, רחמנא לצלן, ניט באַשטיין אַנטקעגן איר. איך האָב זי קוים איינגעבעטן, זי זאָל וואַרטן, ביז כ'וועל אָפּדאַווענען מנחה. כ'האָב געהאָפּט, אַז די מנחה וועט מיך ראַטעווען און וועט מיר אומקערן די מוחין פון דעם אַפּטער רב. כ'האָב אָנגע־הויבן זאָגן קטורת. אַ קלייניגקייט, קטורת! זיינען אָבער די ווערטער, רחמנא לצלן, ווי הילצערנע פון מויל געפאַלן פאַרביי דער נשמה. האָב איך נאָך געהאָפּט אויף דער שטילער שמונה־עשרה, תפילה בלחש. נאָר ס'העלפט ניט: רחמנא לצלן, די זעלבע הילצערנע ווערטער. און אָט בין איך שוין ביי עלינו. וואָס טוט מען? כ'האָב נאָר אָפּגעזאָגט די לעצטע ווערטער פון עלינו, האָט מיר פאַרקוועטשט דאָס האַרץ און איך האָב אַ געשריי געטאָן: „דער רבי האָט געזאָגט, אַז מ'טאָר ניט". איז געוואָרן אויס חורבה און אויס יפת־תואר, קיין זכר פון זיי ניט געבליבן". — עזריאל האָט זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט און מיט קוים איינגעהאַלטענער התפעלות געזאָגט — וואָס איז דער חידוש? דער צדיק קען יעדע רגע די וועלט אויס־לייזן, שטעלט דער שטן איין אַלע זיינע פינסטערע כחות און ראַנגלט זיך מיט דעם צדיק. אויף יעקב אבינו שטייט, אַז ער האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געראַנגלט ביז דער מאָרגנ־שטערן איז אויפגעגאַנגען און פונדעסטוועגן...

אָט די מאָדנע אויפגערעגטקייט פון דעם שטענדיג רוהיגן און פעסטן עזריאלן האָט נאָך צוגעגעבן דער אומגעווינליכער מעשה אַ באַזונדער מאַוימדיגקייט. אַלע זיינען געזעסן אומבאַ־וועגליך מיט אָפענע מיילער. און נאָך איידער מ'האָט זיך אַ ריר געטאָן, איז פלוצים אויפגעשפרונגען חיים גראַוויצער פון זיין אָרט, עטוואָס בלאַס און אויפגעקאָכט האָט ער זיך גע־ווענדט צום עולם:

— יידן! כ'בין ניט דער אַפּטער רב. איר זעהט פאַר זיך

אַ פּשוטן יידן, וואָס הייסט חיים, מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד. און מיט מיר האָט זיך געטראָפן כּמעט אַזאַ מעשה, ווי אין דעם אַפּטער רב'ס חורבה. און אין איין רגע איז גע־וואָרן אויס חיים און אויס שוואַרצע באָרד. איך בּין אַ גע־פאַלענער, אַ צעקוועטשטער וואָרעם. און פונדעסטוועגן וועל איך פון דער וועלט ניט אָפּטרעטן, בּיז איך וועל ניט דערגיין, פון וואַנען און צוליב וואָס רוקן זיך אַרויס אויף די וועלדער פינ־סטערע חורבות, וואָס שלינגען איין נשמות. כ'וועל ניט אויפ־הערן צו זוכן און צו מאָנען בּיי דעם אויבּערשטן. יידן, נעמט אייך אָן די קריוודע פון אַ געפאַלענעם...

בּיי די לעצטע ווערטער האָט זיך חיים אַ פאַרשעמטער צו־ריק אַנידערגעזעצט. אויף וואָס האָט ער עס געדאַרפט אַרויס־שפּרינגען? ער האָט גלייך דערפילט דעם אומגעלומפּערטן קלאַנג פון זיינע רייד. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי פּלוצים און אומגעווייינליך, אַז דער עולם איז געבּליבּן זיצן ממש אָהן לשון פאַרגאַפט און האַלבּ־דערשראָקן. האָט זיך אָבּער ר' נחום אויפגעהויבּן און מיט אַ פעסטער שטימע געזאָגט:

— און איך שווער בּיי מיין בּאָרד און פאות, אַז אָט דער חיים מיט דער שוואַרצער בּאָרד וועט ניט פאַרפאַלן ווערן. דער בּעל־שם זכרונו לברכה האָט געזאָגט, וואָס איז דער ענין, וואָס יידן שלאָגן זיך יום־כּפּור אין האַרצן אַלע ווייִלע על חטא און צערייִדן אויף זיך אַלדאָס בּייז. וואָרום בּשעת מעשה זאָגט דער אויבּערשטער צום שטן, אויף וואָס בּאַדאַרפסטו מקטרג זיין אויף יידן, אַז זיי אַליין זיינען אויף זיך מקטרג און מאַכן פון זיך גאָרנישט. ווערט דער שטן פאַרשעמט און געפינט זיך שוין גאָר קיין אָרט ניט אויפן הימל. און אַז דער שטן גייט אַוועק, עפענען זיך שוין ממילא אַלע טויערן פון רחמים. און דערפאַר האָט דער בּעל־שם געזאָגט, אַז אַ ייד זאָגט אַליין אויף זיך בּפומבּי, אַז ער איז אַ רשע, איז שוין דערמיט אַליין נעמט ער

פון זיך אַראָפּ אַלע דינים און ווערט אַזוי ריין, גלייך ווי ער וואָלט נאָר וואָס געבאָרן ווערן, און דערפאַר איז.... און דאָ, אין מיטן ר' נחומס רייד, האָט זיך געטראָפן אַ מאָדנע זאַך. דער שטענדיג שווייגנדיגער און געלאַסענער עזריאל דער שליש איז פּלוצים אַרויס פון די כּלים. ער איז אַפילו איצט געווען שטאַרק מבוסמדיג, מ'האָט אָבער אויף דער גרעסטער שמחה נאָך אַזוינס פון אים ניט געזעהן. ער איז פּלוצים אויפגעשטאַנען אַ פאַרקאָכטער, איז אַריין ר' נחומען אין די רייד און, ווי ניט מיט זיין קול, כּמעט געשריען אויפן גאַנצן שאַלאַש. ר' נחום האָט זיך פאַרחידושט צוריק אַנידערגעזעצט און פאַרגאַפט אויף אים געקוקט.

— וואָס טויגן די לאַנגע רייד! וחשב מחשבות, זאָגט דער פּסוק, לבל ידח ממנו נדח — דער אויבערשטער הערט ניט אויף צו טראַכטן ווי אַזוי אויפצוהויבן דעם געפאַלענעם. קען מען זיך שוין אויף אים פאַרלאָזן. ער ווייס, וואָס ער טוט. צדיקים פּירט ער אין חורבות, כּדי אויפצוהויבן די חורבות. ביים אַפּטער רב איז טאַקע געוואָרן ניט אויס אַפּטער רב, נאָר אויס חורבה. און טאָמער ווערט מען געשטרויכלט, קען דער אויבערשטער אַליין, כּביכול, ניט קומען צורוה, ביז ער ראַטעוועט ניט דעם געשטרויכלטן. נאָר איין מאָל האָט ער געבראַכט אַ מבול אויף זינדיגע און געפאַלענע — האָט ער באַלד דערויף ביטער חרטה געהאַט. פון איין עק וועלט ביז דער אַנדערער שווערט גאָט אַ שבועה דאוריתא: חי אני אם לא אחפוץ במות המת. און דערפאַר קען יעדער ייד שווערן מיט אַ ספר־תורה: ווי ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, אַז ער וועט ניט לאָזן קיינעם פאַלן — עזריאל האָט זיך געווענדט מיט די אויגן צו חיימען און פאַרקאָכט אַ זאָג געטאָן מיט יענער שניידנדיגער שאַרפקייט, מיט וועלכער ער פלעגט לייענען אַ פּסק אויף אַ שווערער דין־תורה: ווי הייסט איר דאָרט, חיים גראַוויצער, אויב איר

זענט אַ געפאַלענער, טאָ הויבט דעם קאָפּ נאָך העכער, וואָ־רום פּאַר אייך איז אַן ערב אַליין דער רבונו של עולם. הימל און ערד האָבן ניט קיין שליטה אויף אַ יידן. ובפרט נאָך חסידים, ובפרט אויף אַ שמחה ביי אַ סיום־התורה. פון אונ־זער שמחה טראָגט זיך חיות אין אַלע וועלטן. דער אויבער־שטער הייסט און בעט זיך ביי אונז, מ׳זאָל זיך פרייען. שישו ושמחו בשמחת תורה. טאָרן מיר ניט פאַרלירן אין דער נאַכט קיין רגע אָהן שמחה. וואַרפט אַראָפּ פון טיש די ליידיגע פלע־שער, ברענגט נייע משקה, נייע נגונים — דאָס גרעסטע פאַלע־ניש ווערט בטל אין אונזער שמחה. יידן! שווייגט ניט און רוהט ניט — אונזער שמחה איז אָהן אַ סוף און אָהן אַן אויפהער...

אַ רגע נאָך זיינען אַלע געזעסן אומבאַוועגליך מיט אָפענע מיילער, באַלד אָבער האָט זיך ביים טיש אויפגעהויבן אַ געררו־דער. ס׳איז רעכט געווען, אַז אין איין אויגנבליק זאָל זיך דער גאַנצער שאַלאַש אַ וואָרף טון אין דעם העלישן פייער פון גרויסע שמחה־טענץ. ר׳ נחום האָט אָבער מיט איין וואונק איינ־געהאַלטן דעם עולם ביים טיש. די שטילע פרייד פון אַ סעודת מצוה, פון אַ יום־טובדיגן זיצן ביים טיש, האָט דעם עולם געפּענטעט און נאָר פון אינעווייניג געשטאַרקט און גע־קרעמפּעוועט די איינגעהאַלטענע שמחה. און דאָס גוואַלדיגע אויפטרעטן פון דעם חבדניק, ווי די אַלע אומגעוויינליכע רייד, האָבן אַרויסגערופן עפעס אַ מין יום־כיפורדיגע געהויבנקייט.

די נאַכט איז נאָך גרויס. דערווייל האָט מען דערלאַנגט דאָס לעצטע געריכט. פיניע גראַבאָווער האָט ערשט איצט געשטעלט צום טיש גרויסע פלעשער מיט גוטן רויטן וויין, וואָס ער האָט די לעצטע חדשים ערגעץ אַרויסבאַקומען און אָנגעגרייט צוליב דעם סיום. האָט עס באַלד פריילִיך געשוימט דער רויטער וויין אין די גלעזער און אין די בעכערס. אין

גרויס געהויבנקייט האָט מען געמאַכט אויפן „פוילישן" שטייגער אַ רעכטן „לחיים" — מ'האָט איינער דעם אַנדערן די האַנט געגעבן און האַרציג געווינשעוועט.

— לחיים, לחיים!...

— דער זכות פון אונזער רבין זאָל מגין זיין אויף אַלע צעבראָכענע הערצער...

— אונזער הייליגער מגיד, אונזער... האָט זיך מיט גרויס שמחה אויפגעכאַפּט גדליה די באָרד, און ווי אַלע מאָל בשעת התלהבות, האָט ער פאַרקאָכט געשריען מיט אַ האַלב הייזעריי־גער שטימע — אַלע יידן זאָלן זוכה זיין שטייען אין זיין הייליגער מחיצה, און ער זאָל ווערן אַ הבי איבער אַלע רביים פון דער וועלט. אונזער הייליגער מגיד, אונזער...

אַ מאָדנע אומהיימליכע מסירות נפש האָט געשטעקט אָט אין דעם אָרימען מלמד. וואָס מער ער ווערט פריילעך, אַלץ מער פלאַטערט אים די נשמה פאַרן רבינס נאָמען, אַלץ מער דוכט זיך אים, אַז ער און די גאַנצע וועלט זיינען ניט געענוג יוצא פאַר דעם רבין. האָט אים איצט נאָך מער פאַרנומען פאַרן האַרצן, למאי זאָל אייזיק דער שוחט, אָט דער „אויסגעפּוצטער רוזשינער", זיך אַרומדרייען מיט אַזאַ ברייטקייט אַרום אַ טשערנאָבילער טיש און למאי זאָל — אויסגערעכנט — אין אַ טשערנאָבילער שטעטל זיין אַ רוזשינער שוחט. וואָס מער גדליה טרינקט, אַלץ שרעקליכער וואַקסט אויס אין זיינע פאַרנעפּלטע אויגן די געשטאַלט פון אייזיקן. ער האָט אים שוין פשוט ניט געקענט אָנקוקן.

פון אַלע זייטן האָט מען מיט אומהיימליכן דרך־ארץ און געהויבענער ליבשאַפט געשטרעקט די הענט צום חברניק, מ'האָט צו אים געטרונקען „לחיים" און געווינשעוועט. און באַלד איז מען ווייטער געוואָרן אַזוי פריילעך און ברייט אין דער דעה, גלייך ווי גאָר נישט ניט געווען. אָט ווי קינדער,

וואָס האָבן דעם כּח אין רעכטן מיטן געוויין צו לאַכן און אַוועק־לאָזן זיך אין דעם שטורמישן שפּיל פון קינדיש לויטערער שמחה.

— לחיים, לחיים...

דער רויטער וויין האָט נאָך שטאַרקער געטריבן דאָס בלוט אין די אָדערן, און נאָך איידער ס'איז געקומען דער סוף פון דער יום־טובדיג געפּענטעטער סעודה, האָט זיך שוין געפילט דער אָנהויב פון די קומענדיגע חסידיש פרייע טענץ ביזן ווייטן טאָג אַריין. מ'האָט זיך אָבער ניט געאײלט זיך צעשיידן מיט דער סעודה און נאָך פאַרן בענשן האָט זיך געוואָלט נאָך אַביסל חיונה פון אָט דער זאַפטיג רייכער סעודה. אייזיק דער שוחט האָט זיך אויף זיין אָרט מער ניט אַנידערגעזעצט, ער איז ווי פאַרן לעצטן טאַנץ געשטאַנען אויבן אָן ביים עק טיש נעבן ר' נחומען. ער האָט שטייענדיגערהייט גע־טרונקען רויטן וויין און זיך רירעוודיג געוואָרפן אויף אַלע זייטן. ר' נחום האָט זיך צו אים געווענדט:

— דו האָסט דאָך היינט, אייזיק, כמעט נאָך דאָס מויל ניט געעפנט. ס'איז שוין די רעכטע צייט, דו זאָלסט זינגען דעם אמתן ניגון...

האָט מען פון אַלע זייטן געשריען:

— אייזיק, אייזיק!...

— מאַך נאָר ניט קיין שהיות, אייזיק...

אייזיק האָט זיך טאַקע ניט געלאָזט בעטן. ער האָט אַריינגעשטעקט ביידע הענט מיט די קליינע פינגער אין זיידענעם גאַרטעלע, האָט עטוואָס דעם קאָפּ פאַרוואָרפן און אָנ־געהויבן אויף זיין שטייגער מיט גרויס מתיקות צו זינגען. דאָס איז געווען זיין באַקאַנטער ניגון, וואָס ער האָט נאָך צוריק מיט יאָרן געבראַכט אין שטעטל און וואָס ווי מ'הויבט אים נאָר אָן צו זינגען, קען מען אים שוין גאָר ניט אויפהערן. דאָס גאַנצע

שטעטל האָט דעם ניגון געקענט, ס'פלעגן אים אַפילו זינגען ווייַ־
בער בייַ דער אַרבעט און קינדער בשעתן שפילן זיך. דאָס איז
געווען אַ מין וואָלאַך, וואו דאָס טרויעריגע און פרייליכע
האָבן זיך אָבער אויסגעמישט, איינס דאָס אַנדערע געשטאַרקט,
געהויבן און געטראָגן אין עק וועלט אַריין. אייזיק האָט נאָך
אַ באַזונדער כח אין דעם ניגון אַריינגעטראָגן. ער האָט אים
אָבער נאָך קיינמאָל אַזוי שיין ניט געזונגען ווי איצט בייַ דער
סעודה.

אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט און געזונגען, נאָר אייזיקס
שטימע האָט זיך געטראָגן ווי אַ זודיגער שטראָם פון זילבער־
קלאַנגען. טאַקע אַ מאָדנער ניגון. פון אינעווייניג וואַקסט אין
אים אויס אַלע ווײַלע אַ ווייכער זיסער טרויער, וואָס צעגייט
זיך באַלד אין אַ רוישנדיגער שמחה. און די שמחה הויבט
זיך אַלץ העכער און העכער ביז זי דערלאַנגט ווידער צו דעם
ווייכן זיסן טרויער. אָט פאַרפלעכטן זיי זיך ביידע און גייען אויס
פון תענוג—און אָט צעשיידן זיי זיך ווייטער—און מיט יעדן
מאָל ווערט דער אימפּעט אַלץ תפלהדיגער און געשמאַקער.
אין רעכטן מיטן איז דער עולם אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן גע־
וואָרן: אייזיק האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און איז זיך דביקות־
דיג פאַרגאַנגען אויף אַ דין, דין קול, קוים וואָס מ'הערט,
טאַקע גאָר כלות הנפש. און באַלד האָט זיך נאָך מיט אַ גרע־
סערער שמחה דער זודיגער שטראָם פון דעם ניגון אַ לאָז געטאָן
און אַלע האָבן ווידער אָנגעהויבן נאָך געשמאַקער און טיפער
צו זינגען.

פלוצים האָט עזריאל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום
עולם. אויף זיין פנים האָט מען דערקענט, אַז ער וויל עפּעס
זאָגן. דער גאַנצער עולם האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט
עזריאלן גלייך אין מויל אַריין. ער האָט פאַרמאַכט דאָס לינקע
אויג און טיפזיניג אַ פרעג געטאָן:

— שוין עטליכע יאָר ווי איך קום אין שטעטל, הער איך אָט דעם ניגון. זעהר אַ טיפער ניגון. ווייס אפשר עמיצער, פון וואַנען אָט דער ניגון שטאַמט?..

איז אייזיק דער שוחט איצט געווען אַזוי בגילופנדיג, אַז ער האָט געוואַגט פאַר אַ טיש פון טשערנאָבילער חסידים צו זאָגן:

— דאָס איז דער ניגון פון דעם הייליגן רוזשינער רבין....

אַ שטילער שוידער איז דורכגעלאָפן איבער דעם „טשער־נאָבילער" טיש. גדליה איז אַזש בלאַס געוואָרן: „רוזשינער חוצפה!" אייזיק האָט אָבער אַפּנים אינגאַנצן פאַרגעסן, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. ער האָט זיך נאָך בגילופנדיג אָפּגערופן:

— איך האָב דאָס נאָך פון מיין טאַטן עליו השלום גע־הערט. די גרויסע נשמה פון דעם רוזשינער האָט ניט געוואָלט אַראָפּגיין אויף דער וועלט, האָט מען למעלה געפירט די נשמה פאַרביי דעם היכל פון תורה. דערפילט אַ ריח פון תורה, האָט די נשמה שטאַרק געלעכצט נאָך תורה, האָט מען איר געזאָגט, אַז תורה קען זי נאָר אויף דער וועלט האָבן. די הייליגע נשמה האָט זיך פונדעסטוועגן ניט געוואָלט צוליב דעם שיידן מיט די הימלען. אַזוי האָט מען זי געפירט פון איין היכל צום אַנ־דערן, ביז מען איז געקומען צום היכל פון נגינה. דאָרט האָט די נשמה דערהערט אַ געטליכן ניגון און צוליב אים איז זי מוסכם געוואָרן אַראָפּצוגיין אויף דער וועלט. אָט דאָס איז דער רוזשינער ניגון און דערפאַר...

— רוזשינער גוזמאות!.. — האָט מען פון אַלע זייטן אים אומגעדולדיג איבערגעריסן.

— רוזשינער חוצפה!...

פלוצים איז גדליה אַ טויט־בלאַסער מיט רויט־אָנגעגאָסענע אויגן אויפגעשפרונגען פון אָרט, האָט זיך פייל פון בויגן אַ

לאָז געטאָן אויף אייזיקן און געגעבן אים אַ שטאַרקן פּליאַסק אין פּנים אַריין. ביי אייזיקן איז דאָס היטל מיט דער יאַרמולקע פון קאָפּ אַראָפּגעשפּרונגען.

— שייגעץ!...

אייזיק איז געבליבן שטיין אָהן אַ היטל, אָפּהענטיג, צעטומלט און דערשראָקן. עפּעס האָט ער זיך גאָר פאַרלאָרן. עמיצער האָט אים פון הינטן אָנגעטאָן דאָס היטל. ער האָט דאָס גאָר ניט באַמערקט און ווי אַ געריידטער זיך אַרומגעקוקט מיט אַ פאַרלאָרענעם מאָדנע בלאַסן שמייכל.

אין שאַלאַש איז געוואָרן אַ טומל. ר' נחום האָט פאַרדעקט מיט די הענט דאָס פּנים און אָנגעהויבן אויף אַ קול צו וויי־נען. דאָס געוויין פון אַזאַ אַלטן יידן האָט טאַקע געקענט אַלעמען אויפברענגען. ער האָט איינגעהויקערט זיינע אַלטע פּלייצעס, וואָס האָבן אַלע ווײלע אויפגעציטערט. וועלוועלע און אַנדערע האָבן זיך צו אים אָנגעבויגן.

— ר' נחום, ר' נחום...

ער האָט אַראָפּגענומען די הענט פון פּנים און אַ ווײלע שלוכצנדיג האָט ער געזאָגט:

— אויף די עלטערע יאָרן זאָל איך אַזאַ חרפּה דערלעבן. מיר זיינען דאָך נאָך געפאָרן קיין טשערנאָביל צום אַלטן זכרונו לברכה, ווען אונזער רבי איז נאָך געווען אַ יינגל. דער אַלטער האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר דעם קלענסטן יידן. ער פלעגט דאָך אָפּט אַרומפאָרן טאָג ווי נאַכט, כדי אַרויסצוראַטעווען אַ יידן פון געפענגעניש. און איצט זאָל אַ טשערנאָבילער חסיד אויפהויבן די הענט אויף אַ יידן. אַ קליינינקייט! אַזאַ חלול השם!... ר' נחום האָט זיך פאַרכליפּעט און ניט געקענט ווייטער רעדן. ס'האָבן זיך מיט אַמאָל אים אַ שאָט געטאָן אויפן מוח שווערע טונקעלע רעיונות וועגן דעם חילוק צווישן אַמאָל און היינט, צווישן דער צניעותדיגער אָרימקייט און הייליגער

פראָסטקייט פון דעם אַלטן טשערנאָבילער און פון דער קיזער־ליכער אויפפירעכץ פון דעם איצטיגן טשערנאָבילער „הויף", די מחלוקת צווישן די „הויפן" און דער שטילער קריג צווישן די קינדער פון טשערנאָבילער „הויף"...

וועלוועלע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר פּלוצים איז גדליה אויפגעשפּרונגען, צוגעלאָפן צו אייזיקן און אויסשטרע־קנדיג צו אים די הענט, האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן אַזוי גיך, גלייך ווי ער וואָלט וועלן עפּעס אַריינכאַפּן:

— דו ווייסט דאָך, אייזיק, אַז איך האָב זיך, חלילה, ניט פאַר מיין כבוד איינגעשטעלט. איך האָב עס געמיינט גוט, און טאָמער איז דאָס אַרוים קאַפּויר, איז וואָס איז דאָ דער גוואַלד? איך אַליין בין דאָך נאָר אַ קליין מענשעלע, אַ וואָרעם. אייזיק, גוטער ברודער, זיי מיר מוחל... כ'בעט דיך, זיי מיר...

און ניט געוואַרט אויף זיין תשובה, האָט ער אין מיטן די רייד אַרומגענומען אַייזיקן און מיט אימפּעט אים אַ קוש געטאָן. דאָס איז געווען אַזוי אומגעריכט, אַז דער עולם האָט פון התפעלות אויפגעשריען. אַ באַרג איז ביי אַלעמען אַראָפּ פון די פּלייצעס. אייזיק האָט שוין ווייטער בגלופינדיג געשמייכלט, האָט זיך אָנגענומען מיט גדליהן פאַר די הענט און זיך געלאָזט טאַנצן, זינגענדיג נאָך פריי‏ליכער דעם פריהערדיגן ניגון.

פון טיש זיינען פיל, איינער נאָך דעם אַנדערן, זינגענדיג אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט טאַנצן מיט אייזיקן און גדליהן. אין שאַלאַש האָט זיך ווייטער אַ פריי‏ליכער שטורעם אויפ־געהויבן.

ר' נחום האָט אינגאַנצן אויפגעלויכטן. מיט אַ שטראַלנדיג פּנים האָט ער אַ ווייל̇ע די הענט אין דער הויך אויפגע־הויבן און באַלד איז ער אַריין אין רעכטן מיטן טאַנץ.

עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווען מען האָט געענדיגט די סעודה און אָנגעהויבן בענשן. ר' נחום האָט

מכבד געווען מיט דעם כּוס של בּרכה עזריאל דעם שליש, וואָס איז דאָך געווען אַ אָנגעקומענער אורח אין שטעטל. און בּאַלד נאָכן בּענשן האָט מען אַרויסגענומען פון שאַלאַש די טישן און די כּלים, נאָר עטליכע לאַנגע בּענק האָט מען געשטעלט אַרום די ווענט. די כּלי־זמר, וואָס האָבּן נאָך בּאַצייטנס אָפּגעגעסן, האָבּן זיך איצט אומגעקערט אויף זייער הילצערן בּימהלע, וואו זיי האָבּן זיך אויסגעזעצט און אָנגעהויבּן גרייטן זייערע כּלים. קלמן דער פידלער האָט עפּעס צו זיך אַליין גע־בּורטשעט,אָנציהענדיג און פּרובּנדיג די סטרונעס אויפן פידל. און די אָפּגעריסענע קולות פון די סטרונעס האָבּן געררייצט די פרישע רחבות פון שאַלאַש מיט אַ בּשורה פון קומענדיגע טענץ און פרייליכסן, וואָס וועלן אָט־אָט אַ שטורעם טון...
עס האָט זיך ערשט אָנגעהויבּן אַ גרויסע פרייליכע נאַכט...

---

## XI. הסידישע נאכט — „ניטא קיין פאני ברײַנער"

ניט קיין שמועסן, ניט קײן מעשות, ניט קײן „יעלהס", ניט ניגונים, — נאָר אַ חסידיש־פרייע שמחה אין דער גרויסער רחבות פון שאַלאַש. נאָך דעם סיום און דער סעודה איז די שמחה געווען אַזוי ריין און לויטער, אַז מען האָט זי שוין געמעגט לאָזן פראַנק און פריי צו רודערן. דער עולם האָט זיך צעגאַרטלט און אָנגעהויבן הוליען אויף וואָס די וועלט שטייט. אייזיק דער שוחט האָט אָנגעהויבן אויפן חסידישן שטייגער צו שטיפן. ער האָט זיך געביטן מיט די היטלען מיט גדליהן, און אַזוי ווי גדליהס היטל איז אויף אים געווען צו גרויס, האָט ער עס גלייך אויסגעביטן אויף מאָטיע דעם סופרס סאַמעטן היטל. אייזיקס קליין ייִדן היטל האָט אומגעלומפּערט געשטאָרצט אויף דעם שפּיץ קאָפּ פון גדליהן. אין שאַלאַש איז געווען אַזוי פרייליך און גרינג אויף דער נשמה, אַז אַפילו מאָטיע דער סופר, דער שטענדיגער שווייגער, האָט שטיפעריש בײַ זיך פאַרדרייט אויף אַ זייט אייזיקס ייִדן היטל און האָט זיך אָקאָרשט געוועדטלט.

דערווייל האָט שוין מענדל דער הויכער, באַלד ווי מען האָט אַרויסגענומען טיש און באַנק, אויסגערופן אַ פרייליכס פאַר ר' נחומען. די כלי־זמר האָבן גלייך אָנגעהויבן שפּילן דאָס באַקאַנטע פרייליכס, וואָס חזרט זיך אָהן אַ שיעור איבער און ווערט מיט יעדן מאָל שטאַרקער און זאַפּטיגער. דער

קלאַרנעט האָט שמחהדיג געוואָיעוועט אויף רעכטס און אויף לינקס, און די פויק מיט די טאַצן האָבן אַלץ פרייליכער גע־רעשט. אַלע אין שאַלאַש, גרויס און קליין, האָבן זיך געלאָזט טאַנצן, איינער דעם אַנדערן האַנט אויף פּלייצע פאַרוואָרפן. ניט קיין דביקות, ניט התפעלות, נאָר אַ גרויסע קלאָרע שמחה — אָהן אַ סוף און אָהן אַ אויפהער.

— יידן, מאַכט אַ קאַראַהאָד! — דאָס האָט אייזיק דער שוחט געלאַרמט, האַלטנדיג די הענט אין דער הויך.

— קאַראַהאָדן, קאַראַהאָדן!...

מ'האָט זיך טאַנצנדיג אָנגענומען פאַר די הענט און געמאַכט צוויי קאַראַהאָדן, איינער איינגעשלאָסן אין אַנדערן. אין מיטן קאַראַהאָד זיינען אַריין אייזיק דער שוחט און גדליה דער מלמד, און טאַנצנדיג האָבן זיי שטיפעריש פון זיך אַראָפּגע־וואָרפן גאַרטל און קאַפּאָטע. הפקר אַ וועלט!

— כלי־זמר! וואָס שלאָפט איר דאָרט?

— לעבעדיגער, לעבעדיגער!

צו זיי ביידן אין מיטן קאַראַהאָד זיינען צוגעשטאַנען מענדל דער הויכער און דער בעל־שמחה אַליין, פיניע גראַבאָווער, מיטן היטל אויף אַ זייט. און אָט איז שוין אַריין אין מיטן קאַ־ראַהאָד וועלוועלע דער גבאי פון חברה־קדישא, פירנדיג פאַרן אַרבל עזריאל דעם שליש. די זקנים האָבן דאָס אָקאָרשט גע־שטיפט און געטאַנצט אָהן די קאַפּאָטעס אין די ווייסע אַרבל. דערביי האָט עזריאל אין רעכטן מיטן טאַנץ צוגעמאַכט דאָס לינקע אויג און פאַרקנייטשט דעם שטערן. מ'וואָלט געקענט מיינען: דאָס פראַווועט עזריאל אַ ברירה צווישן כלי־זמר און קאַראַהאָד. פּלוצים האָט מען פון פאַרשיידענע זייטן אָנגעהויבן רופן פיניע גראַבאָווער:

— פיניע!

— פיניע!

אויפן טיר פון שאַלאַש האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ יונגער שייגעץ, אַ פּריצישער קוטשער. ער האָט דרך־ארצדיג גע־האַלטן דאָס היטל אין האַנט, האָט האַלב־דערשראָקן און האַלב־פאַרוואונדערט געקוקט אויף די קאַראַהאָדן און גע־פרעגט אויף פּיניען.

פּיניע האָט זיך קוים אָפּגעריסן פון די טענץ און איז צו־געגאַנגען צום קוטשער, וואָס האָט זיך צו אים געווענדט:

— פּאַניע ברײנער רופן אייך, זיי וואַרטן אויף אייך ביי דער שטוב (דער קוטשער ווי אַלע לאקייען רעדן װעגן פריץ מיט „זיי").

פּיניע האָט אַ װײלע שטאַרק מבוסמדיג געקוקט אויפן קוטשער און זיך באַלד געלאָזט מיט אים גיין. ביים טויער פון דעם הויף איז געשטאַנען אַ האַלב־אָפּענע קאַרעטע, וואו ס'איז געזעסן דער גרויסער יידישער פּאָסעסאָר, שוין אַן עלטע־רער מענש, אברהם יהושע ברײנער. אַ ייד אַ קצין, וואָס פלעגט אויפנעמען ביי זיך דעם גובערנאַטאָר און די גרעסטע פריצים פון דער געגנט. ער האָט אַפילו געהאַט אַ האַנט אין פּעטערבורג, וואוהין ער פלעגט לערך אָפט פאָרן און פון חאַנען די גרעסטע שררות פלעגן קומען צו אים צו גאַסט. אין שטעטל פלעגט מען מיט גרויס אָפּשיי דערמאָנען „פּאַניע ברײ־נער". און ווען ס'מאַכט זיך עפּעס אַ „גזירה", נעמט זיך צונויף דער רב און עטליכע שיינע בעלי־הבתים און פאָרן צו אברהם יהושע ברײנער. ער נעמט זיי אויף אָהן אַ היטל, פּריציש געהויבן, נאָר מיט גרויס כבוד און גוטסקייט און טוט אַלץ, וואָס מ'בעט אים. ער רעדט מיט זיי, פאַרשטייט זיך, יידיש, האָט אַפילו ליב אַ שיין תורה־ווערטל, און דערביי לאַכט ער אויף אַ קול, מאָדנע אָפּגעמאָסטן, ווי אַ ווייטער איינגעהאַלטענער דונער. ער האָט זיך קינדווייז אויפגעהאָדעוועט אין אַ יידישער שטוב. און לעבנדיג שפּעטער מעשה פריץ אין אַ גויאישער

סביבה, האָט ער נאָך געהאַט אַ מאָדנעם חשק צו אַ יידיש וואָרט און אַ געוויסן דרך־ארץ פאַר אַ שיינעם יידן. ער האָט תמיד מער ליב געהאַט צו לעבן, ווי צו חקרנען, האָט ליב געהאַט בויען, ווירקן, גלאַנצן און געוועלטיגן. ער האָט זיך מיט קיינעם ניט געקריגט און האָט שיינס אומעטום ליב געהאַט. מיט אַ גלייכן חשק פאָרט ער מיט פּריצים אויף דער יאַגד, אָדער נעמט אויף בכבודיגע יידן מיט ווייסע בערד און קלוגע טיפע אויגן, וואָס שיטן מיט תורה־ווערטלעך, ווי פיין געשליפענע פּערל. ער פלעגט גוטמוטיג־שפּאָטיש לאַכן פון זיין איידעם בענדיט. דאָס איז געווען אַ שטאַרק אויפגעקלערטער יונגערמאַן, אַ היציגער קאָפּ, אַ ברען אַ משכיל, וואָס האָט רק געפירט מלחמה אויף להכעיס מיט די חסידישע „צבועיאַקעס". „וואָס דאַרפסטו — פלעגט ער טענהן מיט אַ שפּעטישן שמייכל צום איידעם — די וועלט קליגער מאַכן, אַז דו אַליין וואָלסט געמעגט זיין קליגער. אָנשטאָט פּוסטע חלומות, וואָלסטו בעסער רייטן אויף אַ פערד און פאָרן אויף דער יאַגד". ער האָט בעסער ליב געהאַט צו הערן, ווי זיין יינגערע טאָכטער אָלינקע, אַ מיידל—אַ שיינהייט, שפּילט אויף אַ האַרפע פאַר צונויפגע־פאָרענע פאָרנעמע געסט, צווישן זיי דער יונגער אַדל, וואָס בלישטשעט מיט די שווערדן און מונדירן און קוקן ווי פאַר־גאַפט אויף דער יונגער שפּילערין. דערפאַר אָבער איז זיין ווייב חוהלע ברײנער, אַ באַהאַלטענע ערליכע יידענע, וואָס האַלט איין מיט אַלע כוחות אַ כשרע קיך אין שטוב, שיקט בגנבה עטליכע מאָל אין יאָר אַ פדיון מיט געלט צום רבין און בעט רחמים פאַר איר גויאישער שטוב...

ברײנער איז געזעסן אין דער אָפענער קאַרעטע, אָנגע־שפּאַרט מיט זיין גרויסער שטאַרקער פיגור אָן דער לינקער זייט. די שטאַרק־גרויע, פיין־פאַרקעמטע באָרד האָט זיך געטיילט אין צוויי העלפטן, וואָס זיינען זיך אונטן ביי די שפּיצן פאַנאַנדער־

געגאַנגען. אין דער טונקעלער נאַכט האָט שוין פון דער ווייטן געשימערט זיין העל־גרויער זומערמאַנטל מיט דער פּעלערינע און דאָס מאַסיוו־זילבערנע הענטל פון דעם שוואַרצן שטאָק, וואָס ער האָט געהאַלטן אין די הענט. דערזעהענדיק פּיניע גראַבאָווער, האָט זיך בריינער לייכט אַ קער געטאָן:

— אַ גוט אָוונט, פאַניע גראַבאָווער!

— אַ שיינער גוט אָוונט אייך, פאַניע בריינער! —פּיניע איז געשטאַנען שטאַרק מבוסמדיק ביי דער קאַרעטע. דער קוטשער האָט זיך גלייך געזעצט אויף די קאָזלעס, האָט גענומען די בייטש אין די הענט און איז געזעסן דרך־ארצדיק אומבאַוועגליך, קוקנדיק טעמפּ פאָראויס אין דער נאַכט אַריין.

— איך פאָר אַזוי שפּעט און איך דערזעה פון ווייטן, ווי ביי אייך איז אַזוי פריילין, לעבעדיק, האָב איך אייך אַרויסגערופן. וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַזאַ שמחה? איר האָט שוין מסתמא גענומען אַ רעכט ביסל בראָנפן? — ניט געוואַרט אויף זיין ענטפער, האָט בריינער פּלוצים געמאַכט אַ שטרענג פּנים און שאַרף אַ זאָג געטאָן — וואָס וועט זיין דער סוף מיט דער ערד? שוין באַלד אַ יאָר, אַז איר האָט פאַרבויט מיין פּלאַץ און איר מאַכט זיך גאָר ניט וויסנדיק. נעכטן האָט מען אייך גערופן צו מיר אין קאָנטאָר, זענט איר ניט געקומען. וואָס הייסט דאָס? איר ווילט זיך מיט מיר משפטן? אין דער גאַנצער געגנט איז נאָך קיינמאָל קיינעם ניט איינגעפאַלן צו פאַרפירן אַ משפט מיט בריינערן. ס׳גייט מיר נישט אַזוי אין דעם שטיק ערד, ווי אין מענשליכקייט... וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג? כ׳זאָג אייך צום לעצטן מאָל — מאַכט אַ סוף מיט דער ערד.. ביי די לעצטע ווערטער האָט בריינער אַ הויב געטאָן דעם שטאָק מיט דעם מאַסיוו־זילבערנעם הענטל אין דער לופט.

— למאי זאָל איך לייקענען, פאַניע בריינער, אַביסל בראָנפן האָב איך גענומען, נאָר שכור בין איך ניט. גלויבט מיר, אַז

מיר וועלן זעהר גיך דורכקומען, אַזוי גיך זאָל משיח קומען. מ׳שטיינס געזאָגט, וויפיל דאַרפן מיר ביידע האָבן ערד? איבער הונדערט און צוואַנציג יאָר וועלן מיר ביידע שטאַרבן און עטלי־כע אַרשין ערד וועט זיין גענוג אויף קבורה פאַרביידן. מ׳פאַרשפּאָרט מאַכן אַ סוף מיט דער ערד. די ערד מאַכט אַ סוף מיטן מענשן... מוז מען טאַקע וואָס פריהער נעמען אַ חסידיש ביסל בראָנפן. טאַקע וואָס פריהער... פיניע האָט דער־ביי אַזוי לעבעדיג געמאַכט מיט דער רעכטער האַנט און גע־טרייסלט מיט דער באָרד אין דער לופט, אַז בריינער האָט זיך ניט ווילנדיג צעלאַכט אויף אַ קול. אים איז געפעלן געוואָרן די מאָדנע זיכערע ברייטקייט פון פיניען און די באַהאַלטן־עקשנותדיגע קראַפט פון זיינע חסידישע רייד און ווערטלעך, וואָס ער בריינער האָט אויף אַ טשיקאַווער שטאַרק ליב גע־האַט. ער האָט אַ קורצע ווילע ניט אויפגעהערט צו לאַכן, נאָר פיניע האָט געשאָטן ווייטער:

— היינט איז ביי מיר אַ סיום־התורה, יידן פרייען זיך און מ׳זעהט בחוש, אַז די תורה איז אייביג און מיט דער תורה זיי־נען מיר אַלע אייביג. כ׳בעט אייך, פאַניע בריינער, קומט אַריין צו מיר אַ ווילע. בנאמנות, איר וועט קיין חרטה ניט האָבן. איר וועט נאָר אַ קוק טון — אָהן עין הרע אַ עולם, אַ שמחה, כלי־זמר, ניגונים, טענץ.. איר האָט נאָך אַזוינס ניט געזעהן... די ערד הויבט זיך אין דער לופט. כ׳בעט אייך, פאַניע בריינער, כ׳בעט אייך...

— ס׳איז אָבער, פאַניע גראַבאָווער, פאַר מיר אַביסל צו שפּעט... בריינער האָט זיך פריציש געקווענקלט—ער האָט זיך געהיט, מ׳זאָל מיט אים ניט ווערן צו פיל „פאַניע בראַט“. נאָר דאָס חסידישע לעבן האָט אָבער אין אים תמיד אַרויס־גערופן נייגערינקייט און אינטערעס, ווי אַ טשיקאַווע אויס־טערלישע וועלט. חוץ דעם האָט עס אין אים עפּעס געוועקט

מאָדנע צאַפּלדיגע געפילן פון שוין לאַנג פאַרגאַנגענער קינד־הייט. ווי אַ יעגער טוט זיך אַ כאַפּ נאָך די טריט פון אַ לאַנג געזוכטער חיה, אַזוי פלעגט ברײנער זיך אויפכאַפּן ביי דעם ווייטן ריח פון עפּעס אַ טשיקאַווער זאַך. ער האָט זיך טאַקע באַלד אַנטשלאָסן אַ קער געטאָן און געזאָגט:

— נו, גוט, כ'קום צו אייך אַראָפּ — האט ברײנער אַנט־שלאָסן אַ זאָג געטאָן — איר זאָלט מיך נאָר ניט אנשיכּורן...

— וואָס רעדט איר, פאַניע ברײנער, אויף אַ סיום־התּורה קען מען זיין נאָר פריילעך, אָבער ניט שיכּור... אָט וועל איך אייך אויפמאַכן...

פיניע האָט אויפגעמאַכט דאָס טירל פון דער האַלבּ־אָפענער קאַרעטע, ברײנער איז אַראָפּגעגאַנגען. ערשט איצט האָט מען געקענט באַשיימפּערליך זעהן זיין אומגעוויינליך הויכע, עטוואָס דיקע, נאָר זעהר פאָרנעמע פיגור. אָנשפּאַרנדיג זיך אויפן שטאָק, האָט זיך ברײנער געלאָזט גיין אין הויף מיט פעסטע, זיכערע טריט. פיניע איז געגאַנגען פאַר פריהער.

זיי זיינען אַריינגעקומען אין שאַלאַש בשעת די כּלי־זמר האָבּן געענדיגט אַ פריילּיכס, אויסציהענדיג ווי אַלע מאָל דעם סוף פון דעם פריילּיכס אין אַ קיילעכדיג לוסטיגן שלום־געפילדער. דערביי האָבּן אויך די קאַראַהאָדן די לעצטע טאַניץ־רגעים אין אַ וויכער אויפגעהויבּן און זיך באַלד מיט גרויס שמחה אָפּגעשטעלט. אויס קאַראַהאָדן—ווייטער אַ גרויי־סער שמחה־טומל, וואָס האָט זיך אין פילפאַרביגע פונקען אויס־געשאָטן צווישן איין טאַניץ און דעם אַנדערן. אייזיק און גדליה האָבּן פאַמעליך אָנגעטאָן די קאַפּאָטעס, ניט אויפהערנדיג אויף זייער חסידיש־שטיפערישן שטיגער צו רודערן.

אַריינגעקומען פלוצים פון דער שטילער נאַכט אין דעם ליכטיג־גערוישיגן שאַלאַש, איז ברײנער אַ רגע געשטאַנען אויפן שוועל ווי פאַרגאַפט. ער האָט מיט התפּעלות גלייך

דערזעהן, אַז דאָ אין שאַלאַש הערט מען די גאַנצע וועלט פאַר אַ גראָשן. די הייסע שמחה פון שאַלאַש האָט אים ממש אין דער נשמה אַ קלאַפּ געטאָן.

באַלד איז צוגעלאָפן איציע דער שמש און מיט גרויס דרך־ארץ אַראָפּגענומען בײַ אים דעם זומערמאַנטל.

— לאָזט דורכגיין, לאָזט... האָט איציע געשריען, מאַכנ־דיג אַ וועג פאַר פאַניע ברײַנערן, וועמען מען האָט צוגעפירט אויבן אָן צו ר׳ נחומען.

— לאָזט אַ וועג פאַר פאַניע ברײַנערן...

— ווער איז דאָס געקומען?

— אַ! פאַניע ברײַנער?

— שלום עליכם, פאַניע ברײַנער!

— אַ גוט אָוונט!

— אַ אַ, אײַך האָט זיך אויך, פאַניע ברײַנער, פאַרגלוסט אַ חסידיש ביסל בראָנפן?...

ר׳ נחום איז אים אַרויסגעגאַנגען עטליכע טריט אַנטקעגן. ברײַנער האָט מיט גרויס איידלקייט און ליבשאַפט אויסגע־שטרעקט די הענט צו ר׳ נחומען, וועמען ער האָט פון לאַנג געקענט און שטאַרק געהאַלטן פון אים.

— וואָס מאַכט איר עפּעס, ר׳ נחום, ס׳איז אַ פרייד אויף אײַך אַ קוק צו טון. יונגעלייט מעגן אײַך מקנא זײַן. וואָס דאָ טוט זיך בײַ אײַך!...

איציע דער שמש האָט קונציג געטראָגן אין דער לופט אַ טישל מיט כיבוד. ר׳ נחום האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט ברײַ־נערן בײַם טישל. אויף אַ ווײַלע האָבן זיך אויך צוגעזעצט יעקב־יאסע דער רב, וועלוועלע און אַנדערע. פאַרבײַגייענדיג האָט מען נאָך געוואָלט כאַפּן אַ שמועס וועגן דער מסירה אויפן שטעטל פון איינעם אַ פּריץ, אַ שונא ישראל. ר׳ נחום האָט אָנגעגאָסן אַ כוסה פאַר ברײַנערן.

— זייט אייך מכבד, פאַניע ברײנער!

אַ קורצע ווײלע האָט מען צווישן עולם אַ שמועס געטאָן וועגן ברײנערן.

—נישקשה, פאַניע ברײנער פאַרדינט אַ חסידיש ביסל בראָנפן. נאָר דאָס אײדעמל זײנס, ימח שמו, האָט גע־מעגט אַוועקגײן צופוס אויף יענער וועלט.

— וואָס איז דער יחוס פון ברײנערן? וואָס ער פאַרקעמט די באָרד, ווי אַן אַלטער איוואַן?

— פרא אדם, ער איז זיך אָבער מוסר נפש פאַר אַ יידן און ראַטעוועט די קהלה פון אַלע צרות און גזירות. אַזוי ווי גאָלד איז אויסגעמישט אין פסולת, אַזוי קען יידישע מסירות־נפש זיך פאַרוואַלגערן אין גויאישע פסולת...

דער עולם האָט ווייטער שמחהדיק גערודערט. די כלי־זמר האָבן אַ מינוט אָפּגערוהט. פון פאַרשיידענע זייטן האָט מען אָנגעהויבן שטיפעריש־לוסטיג צו שרייען:

— ווען וועט מען שוין, פיניע, אָקאָרשט דערלאַנגען די אָנ־שטעלעכץ?

— די אָנשטעלעכץ!...

פיניעס ווייב פלעגט מיט גרויס בריהשקייט אָנשטעלן משקות אויף קאַרשן און פאַרשיידענע אַנדערע פירות. אָט די „אָנשטעלעכץ" (אַזוי האָבן חסידים גערופן די דאָזיגע משקות) פלעגט מען ביי פיניען אויף אַ שמחה דערלאַנגען גאָר צולעצט.

מ'האָט טאַקע באַלד אַרײנגעטראָגן אין שאַלאַש אַ קאָרב מיט פלעשער, איין פלאַש האָט מען באַלד אַוועקגעשטעלט אויפן טישל צו ר' נחומען און די איבעריגע פלעשער האָט מען צעטײלט צווישן עולם, וואָס האָט זיך מיט אַ פרײליכן רעש גלייך אויסגעשטעלט אין רעדלעך, געדיכט איינער נעבן דעם אַנדערן. אין מיטן רעדל שטייט איינער מיט אַ פלאַש און אַלע אַרום שטרעקן אויס צו אים די הענט מיט גלעזלעך. איין גלעזל נאָך

דעם אַנדערן ווערן אָנגעפילט מיט אַ טונקל־רויטער, עטוואָס קלעפּיגער משקה. מ׳מאַכט אַ ברכה אויף אַ קול און מען זאָגט „לחיים“. די אָנשטעלעכץ איז טאַקע זעהר געשמאַק און שאַרף באַטעמט. און נאָך האַלבער נאַכט אויף אַ שמחה האָט עס טאַקע טעם גן־עדן. נאָך געשמאַקער איז אָבער די שמחהדיגע שטיפעריי, וואָס קומט דערביי אַרויס.

ניט מ׳זינגט איצט און ניט מ׳טאַנצט — און דער שמחה־טומל נעמט זיך גאָר ניט אויס. פון וואַנען ציהט די שמחה איר חיונה? נאָך דער סעודה האָט די שמחה, ווי אַ שטילע שרפה, אויסגעבראָכן. וואָס ווייטער ווערט זי פון זיך אַליין אַלץ שטאַרקער און ברייטער און פאַרשלינגט אַלץ אַרום זיך, — אפילו טויטע, שטומע ווענט הויבן אָן צו פלאַקערן און צו לייכטן.

פון אַלע זייטן איז מען צוגעגאַנגען צו ר׳ נחומס טישל מיט די גלעזלעך אין די הענט.

— לחיים, ר׳ נחום!...

— לחיים, פּאַניע ברײנער!...

— ניטאָ קיין פּאַניע ברײנער — האָט אייזיק פריילך אַ געשריי געטאָן — דאָ אין שאַלאַש זענט איר אויס פּאַניע, נאָר פּשוט ר׳ אברהם יהושע. זאָל אייך ניט האַרן! איר האָט טאַקע צו טון מיט גרויסע שררות. אַ חסיד איז אָבער נאָך גרעסער פון אַ גובערנאַטאָר. וואָרום אַ גובערנאַטאָר האָט נאָר צו שאַפן איבער עטליכע שטעט, אַ חסיד אָבער קען מיט איין ביסל בראָנפן איבערקערן די גאַנצע וועלט, איר פאַרשטייט?!...

ברײנער האָט הנאה׳דיג געלאַכט אויף אַ קול. ער האָט שוין גענומען אַ פּאָר גלעזלעך וויין, האָט זיך אויך געקוויקט מיט עטליכע גלעזלעך אָנשטעלעכץ, איז ער שוין גאָר פריילך געוואָרן. זיין גאַנצע לעבעדיגע נאַטור האָט זיך פריילך אָפּ־גערופן אויף דעם שמחהדיגן גערויש אין שאַלאַש. ער האָט שוין אַפילו ניט אַכטונג געגעבן, ווי עמיצער האָט אים

היימיש־חסידיש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע. ער האָט נאָך פריהער צוגערופן איציע דעם שמש און פריילעך געגעבן אים אַ גרויסע מטבע פאַר די כלי־זמר.

פלוצים האָט מענדל דער הויכער אויסגעשריען:

— אַ שיין פריילעכס זאָל געשפּילט ווערן פאַר פאַניע ברײנער.

מיט אַ פרישן, מאָדנע פרישן, חשק האָט זיך דער גאַנצער עולם אין שאַלאַש געלאָזט טאַנצן, איינער דעם אַנדערן האַנט אויף פלייצע אַרויפגעלעגט. און אַז ר' נחום האָט זיך אויפגע־הויבן פון טישל צום טאַנץ, איז נאָך אים אויך ברײנער אויפגעשטאַנען און זיך אַריינגעלאָזט אין רעכטן מיטן טאַנ־צנדיגן עולם.

ברײנער האָט גלייך דערפילט עמיצנס האַנט אויף זיין פלייצע, און ער אַליין האָט זיין האַנט אויף ר' נחומס פלייצע אַרויפגעלעגט און אין איין רגע האָט אים דער וויכער פון טאַנץ געהויבן און געטראָגן. ס'האָט אים נאָך אַ רגע אַ בליץ געטאָן אין מוח: „ניטאָ קיין פאַניע ברײנער"! ער האָט האַלב־פאַרשיכורט געשמייכלט, און אויפהויבנדיג די לינ־קע האַנט, האָט ער געהויבן און געטופּעט מיט די פיס נאָך דעם טאַקט פון דעם טאַנצנדיגן עולם, וואָס האָט ווי אַ אומגע־הויערע כוואַליע געברויזט און געוואָרעט איבערן גאַנצן שאַלאַש.

אין מיטן טאַנץ האָט זיך ר' נחום אַרויסגעריסן פון דעם עולם און צוגעלאָפן צו חיים גראַוויצער, וואָס איז געשטאַנען איינזאַם אָן אַ זייט.

— וואָס זענט איר, ר' חיים, ווייטער אַזוי פאַרטראַכט?

— וואָס?

מחמת דעם רעש פון די כלי־זמר און די טענץ האָט מען שווער געקענט הערן, וואָס מ'רעדט.

— איך פרעג — האָט ר' נחום איבערגעחזרט אויפן קול — וואָס זענט איר אַזוי פאַרטראַכט?

— וואָס פרעגט איר, ר' נחום, איר ווייסט דאָך, אַז איך בין איצט אין די אומרוייקע טעג, ביז דער איבערשטער וועט מיר העלפן און איך וועל ווייטער געפינען מיין וועג. אָט, למשל, זעה איך ווייטער אין שאַלאַש דעם זעלבן ראָד. חסידים לויפן בשעת אַ צרה, ווי כ'האָב דאָ געהערט, צו דעם אויסגעלאָזטן בריינער, כדי צו געניסן זיין גויאישע באַקאַנטשאַפט און פּריצישע געהויבנקייט, און ברייזער קומט אין שאַלאַש צו שעפּן האַר־ציגן תענוג פון חסידישער שמחה. ברייזער, זאָגט מען, איז זיך טאַקע מוסר נפש פאַר יידן—די פּריצישע גויאישקייט קיי־קלט זיך אַריין אין מסירות נפש, פון וואָס ברייזער האָט ווידער פּריציש הנאה. אַ ראָד! נאָר, בקיצור, לאָמיר וועגן דעם מער ניט רעדן. כ'האָב צו אייך אַ גרויסע בקשה. כ'בעט אייך, ר' נחום, איר זאָלט עס מיר טון, כ'בעט אייך...

— אדרבה, זאָגט... ר' נחום האָט עטוואָס באַזאָרגט און אַנגסטליך אויף אים אַ קוק געטאָן.

— איך בעט אייך, איר זאָלט לאָזן אויסרופן אַ וויוואַט אָדער אַ פריילינקס פאַר מיין געשטאָרבענעם בן־יחיד, ר' יוסף בן חיים...

אויף ר' נחומס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ מינע פון אינער־ליכן שמערץ און ליידן.

— וואָס האָט איר צו מיר, ר' חיים? איך בין אַ פּראָסטער ייד און איר בעט ביי מיר אַזוינע מאוימדיגע זאַכן! כ'האָב קיינ־מאָל ניט געהערט, מ'זאָל אויסרופן אַ פריילינקס פאַר אַ נפטר. און דערצו...

חיים האָט אים פאַרקאָכט איבערגעשלאָגן:

— וואָס איז דען דערביי? עס איז דאָך, חלילה, ניט אַנט־קעגן דין און ניט קיין בזיון פאַר דעם נפטר. סוף כל סוף, דער טויט איז דאָך פאַרט נאָר אַ מענשליכער דמיון. צי מ'האַלט דערביי צי ניין — דער אמת איז דאָך פאָרט, אַז דאָס חיות אלקות

פון אַ מענשן איז אייביג. אַזוי אדער אַנדערש—ס'איז דאָך אָבער פּאָרט אין עוד מלבדו. כ'בעט אייך, ר' נחום, איר האָט דאָך מיר שוין בייטאָג צוגעזאָגט אָנצונעמען מיינע בקשות. איר האָט דאָך שוין ביים סיום אַזאַ זאַך געטאָן, כ'בעט אייך...

— נו, וואָס זאָל איך דען מיט אייך טון?... ר' נחום האָט אַ צוק געטאָן מיט די פּלייצעס און איז אַוועק צום טאַנצנדיקן עולם. ער האָט באַלד אויפגעזוכט מענדלען דעם הויכן און אים אַ זאָג געטאָן עפּעס אויפן אויער.

ברײנער איז אַ מענש מיט אַ מאָס. נאָכן ערשטן טאַנץ האָט ער זיך שוין אָנגעהויבן אויסצוניכטערן. ער האָט גע־קלערט, אַז פאַר אים איז שוין גענוג. עס איז אים אויך געווען שטאַרק ניט אָנגענעם, וואָס בשעתן טאַנצן האט אים איינער אַ האַלב־שיכורער מלמד אַ נעם געטאָן פאַר דער באָרד. דאָס איז שוין אַביסל צופיל. ברײנער האָט געמאַכט אַ ערנסט פּנים און האָט זיך שוין געוואָלט אָנהויבן געזעגענען. נאָר באַלד ווי מען האָט געענדיגט דעם טאַנץ, האט מענדל דער הויכער אויסגערופן:

— אַ שיין פריילעכס זאָל אויסגעשפּילט ווערן פאַר ר' יוסף ב"ר חיים!

אין דעם גרויסן שמחה־טומל האט כמעט קיינער ניט רעכט איינגעהערט דעם אויסטערלישן אויפרוף, נאָר ר' נחום איז, ווי בייטאָג ביים סיום, עטוואָס בלאַס און צעמישט געוואָרן.

די כלי־זמר האָבן איצט געשפּילט אַ „קאָזאַק". ווי אַלע מאָל, האָבן די שטורמישע קולות פון דעם „קאָזאַק" געטראָגן מיט זיך אַ שטאַרקן ריח פון די ווילדע אומענדליכע סטעפּעס, וואָס פלעגט אויף אַ באַזונדער אופן אָנצינדן דאָס הייסע חסידישע בלוט. ביי די כלי־זמר האָט אָבער דער „קאָזאַק" עפּעס אומבאַמערקט פון אינעווייניג באַקומען אַ נייעם חסידישן ברען.

נאָר ווי באַלד מ'שפּילט אַ „קאָזאַק", רופן אַלע אייזיקן דעט שוחט. אויף קיין שמחה וואָלט מען זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דעם תענוג צו זעהן, ווי אייזיק טאַנצט אַ „קאָזאַק". מ'זאָגט אַפילו, אַז אַמאָל אויף אַ חתונה האָט דער רוזשינער רבי אַליין געהייסן אייזיקן טאַנצן פאַר אים אַ „קאָזאַק". דער גאַנצער שאַלאַש האָט איצט גערודערט:

— אייזיק!...

— אייזיק!...

אייזיק איז באַלד אַריין אין מיטן שאַלאַש אַנטקעגן די כלי־זמר. דער עולם האָט זיך אַרום אויסגעשטעלט. מ'האָט זיך געשטופּט מיט אַלע כחות, כדי צו מאַכן אַ גרעסערן פּלאַץ פאַר אייזיקן.

— איר מעגט, פּאַניע ברײַנער, אַ קוק טון — האָט ר' נחום געזאָגט צו ברײַנערן, וואָס האָט זיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין — איר האָט נאָך אַזוינס מסתמא ניט געזעהן...

ברײַנער איז נײַגעריג געוואָרן. דאָס לויפעניש און שטופּעניש אין שאַלאַש האָבן נאָך מער זײַן נײַגעריגקייט גערייצט. ער האָט זיך אינאײַנעם מיט ר' נחומען אַרײַנגעשטופּט צווישן עולם. מ'איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. אַנדערע האָבן זיך גע־שטעלט אויף די לאַנגע בענק, וואָס אַרום די ווענט, כדי בעסער צו זעהן.

שטייענדיג אין מיטן שאַלאַש, האָט אייזיק זיך אינערליך צונויפגענומען און אַ קורצע ווײַלע האָט ער געהאַט אַ מין התבוננות. ער האָט זיך ערנסט פאַרגאַרטלט, האָט פאַרריכט דאָס היטל אויפן קאָפּ, צורעכט געמאַכט דאָס האַלזטיכל, אַ גלעט געטאָן דאָס בערדל—גלײַך ווי ער וואָלט זיך קלײַבן אַרײַנגיין צום רבין. ער האָט אַרײַנגעשטעקט בײדע הענט מיט די קליינע פינגער אין גאַרטל, און אָנבויגנדיג דעם קאָפּ אויף אַ זײַט, האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויף די שפּילנדיגע כלי־זמר.

דער קלאַרנעט האָט שטורמיש געשליידערט די פריילעכע קולות פון „קאָזאַק". די פויק מיט די טאַצן האָבן דאָס אָקאָרישט אונטערגעטריבן. נאָר דער פידל מיט דער פלייט האָבן מער געצויגן און פאַרטיפט אַ מריהותדיג פריילעך חסידישן ברען.

עפּעס ווי פּלוצים האָט זיך אַ פרומער שמייכל איבער אייזיקס פנים צעגאָסן. מיט איינגעהאַלטענער שמחה האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און ניט גערירט זיך פון אָרט, האָט ער אָנגעהויבן אויף אַ טשיקאַוועס כלומרשט אומבאַמערקט מיט דעם גאַנצן גוף צו טאַנצן. נאָך דעם טאַקט פון די כלי־זמר האָט ער שמייכלענדיג געשאָקלט מיטן קאָפּ, געפינטלט מיט די אויגן און געצוקט מיט אַלע גלידער. אַפילו די אין גאַרטל אַרייגעשטעקטע קליינע פינגער האָבן, ווי די אַנדערע פינגער פון די הענט, מיט דעם גאַנצן גוף אינאיינעם צוקנדיג געטאַנצט. דער עולם האָט פון התפעלות אויפגעשריען — די אַנטציקטע שאָקל־תנועות און די קליינע צוקונגען פון קערפּער האָבן ווי דינע־דינע זילבערפאָדים געוויקלט און געבונדן דעם גרויסן שטורעם פון „קאָזאַק". נאָר מיט יעדער תנועה ווערט דער שטורעם אַלץ שטאַרקער און לאָזט זיך מער ניט בינדן, ס'ווערט אַלץ שווערער און שווערער אים איינצוהאַלטן. און אָט האָט זיך אייזיק טאַקע אַ ריס געטאָן פון אָרט, האָט אבער ווייטער אָנגעהויבן אויף אַ טשיקאַוועס טאַנצנדיג זיך צו רוקן טריט ביי טריט, דערביי שלעפּט ער קונציג די פיס, ניט אויפהויבנדיג זיי פון דער ערד. נאָר צוגערוקט זיך אַזוי טאַנצנדיג צום אַנדערן עק, האָט אייזיק ניט מער אויסגעהאַלטן. אַ קורצע ווילע האָט ער נאָך „דראָבנינקע" געטאַנצט. נאָר באַלד האָט דער גאַנצער „קאָזאַק"־שטורעם אויפגעריסן. האָט דאָס אייזיק אָקאָרשט אָנגעהויבן צו טאַנצן! און כאָטש ער איז צעקאָכט פון דביקות און טראָגט זיך אין דעם שטורעם, איז ער גרינג ווי אַ פעדער, פאַרפעלט ניט קיין איין טאַקט און מאַכט

פון דעם טאַנץ כלערליי מיני צאַצקעס. אָט הויבט ער טאַנצנדיג די פיס אין דער הויך און רייסט זיך אין הימל אַרויף, און תוך כדי דיבור לאָזן זיך די פיס ווי אַ בליץ אַראָפּ צו דער ערד, קלאַפּן אויס אַ טאַקט, ווערן דערפון נאָך מער אָנגעצונדן, הויבן זיך נאָך העכער און לאָזן זיך אַראָפּ אַלץ לייכטער און גיכער. און אַזוי גייט דאָס אַלץ ווייטער און ווייטער...

דער גאַנצער שאַלאַש האָט געפילט דאָס חיות פון דעם טאַנץ. פלוצים האָט אייזיק דעם קאָפּ פאַרוואָרפן, צוגעמאַכט די אויגן, צונויפגעלעגט תפלהדיג די הענט אויף דער ברוסט און מיט גרויס דביקות אָנגעהויבן טאַנצן הינטערווייליכעך. ניט ער טאַנצט, נאָר ער גליטש זיך אין דער לופט, טאַקע קוים וואָס ער באַרירט די ערד. דער עולם האָט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם אויף אים געקוקט, אַנדערע קענען זיך ניט איינהאַלטן און שרייען מיט התפעלות:

— אייזיק!

— אייזיק!

בריינער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם שטול, וואו ער איז געשטאַנען, און זיך דורכגעשטופּט אין די פאָדערשטע שורות.

איצט האָט אייזיק מיט גרויס שמחה דעם קאָפּ אויפגעהויבן און געעפנט די אויגן, וואָס האָבן געשטראַלט פון ליכטיגער פרייד. ער האָט זיך אָנגענומען מיט ביידע הענט פאַר די זייטן, זיך געזעצט אין דער לופט, אויסגעצויגן די פיס און אָנגעהויבן כלומרשט ווי אַ „כוואַט" צו טאַנצן... ניט ער טאַנצט, נאָר ער שווימט אין דער לופט, קוים וואָס ער באַרירט די ערד מיט די שפּיץ פיס, דערביי הויבט ער אויף מיט שטיפערישער שמחה אָט די רעכטע, אָט די לינקע האַנט. האָט זיך די שמחה פון טאַנץ צעגאָסן איבערן גאַנצן שאַלאַש. פון זיך האָט דער עולם אָנגעהויבן צוצוקלאַפּן מיט די הענט.

פלוצים האָט זיך איינער ווי אַ וויכער דורכגעשטופּט צווישן עולם, איז אַריין אין מיטן שאַלאַש און זיך געשטעלט אַנטקעגן אייזיקן. דער עולם האָט זיך אומגעקוקט: אַ—האַ! דאָס איז דער חבדניק מיט דער גרויסער שוואַרצער באָרד. וואָס וויל ער ווייטער דער חבדניק? אייזיק איז אים טאַנצנדיג אַנטקעגן געגאַנגען, אויסציהענדיג צו אים מיט אַ שמייכל די הענט. אייזיק, אַ דאַרינקער מיטן קלײנטשיק בערדעלע און שיינעם האַלז־טיכל אַרום מאָגערן האַלז, האָט אויסגעזעהן קינדיש אַנטקעגן אָט דעם הויכן ברייטפּלייציגן חבדניק. ביי חיימען האָט זיך דאָס פּנים אָנגעצונדן. ער האָט אויפגעהויבן די רעכטע פּלייצע, און עפּעס ווי פון אַ זייט האָט ער זיך געלאָזט טאַקע גאָר אין אַ משונהדיגן טאַנץ. וואָס טוט זיך עס דאָ? דער עולם האָט זיך פון שרעק אַ וואָרף געטאָן צוריק. אייזיק איז פאַרוואונדערט אומבאַוועגליך געבליבן שטיין, די כלי־זמר האָבן אויפגעהערט שפּילן: ביי חיימען איז דאָס פּנים געלבליך־בלאַס געוואָרן, די באַקן איינגעצויגן—מיט די לעצטע כחות טאַנצט ער קראַמפּנדיג אין אַ מאָדנע־שווערן כלות הנפש. אַ שרעק איז אויפן שאַלאַש אָנגעפאַלן. האָט זיך ר' נחום אויף גיך דורכגעשטופּט, צוגע־לאָפן צו חיימען, אים אַרומגענומען און אויף אַ קול געזאָגט:

— כ'בעט אייך, ר' חיים, פאַרשטערט ניט די שמחה...

חיים האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טיפן חלשות, האָט געפּנט די אויגן און ווי אַ צעטומלטער זיך אַ רגע אַרומגע־קוקט. ער איז פּאַמעליך געקומען צו זיך. אַ מידער און אַ בלאַסער האָט ער זיך באַלד אויסגעמישט צווישן עולם.

פון יענער זייט שאַלאַש האָט די נאַכט אָנגעהויבן אויס־גיין. ברייגער האָט זיך געזעגנט. קיינער האָט זיך איצט אויף אים ניט אומגעקוקט, נאָר פּיניע גראַבאָווער אַליין איז אים אַרויסגעגאַנגען באַלייטן צו דער קאַרעטע.

די מעשה מיט דעם חבדניק האָט ביי דעם עולם אויפגע־

וועקט די הערצער און אַרויסגערופֿן עפּעס אַ פֿאַרשמאַכטע בענקעניש. אַ קלײניגקײט, אַ כלות־הנפֿש פֿון אַ ייִדן! און אַז פּוילישע חסידים ווערן אויף אַ שמחה פֿאַרשמאַכט, ווילט זיך זײ נאָך מער שמחה, נאָך מער אחדות. ר׳ נחום אַלײן האָט געבעטן די כלי־זמר שפּילן. האָבן זיך אַלע האַרציג אָנגענומען פֿאַר די הענט און מיט גרוים ליבשאַפֿט אָנגעהויבן ווײטער טאַנצן...

---

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן גרויען דער טאָג, ווען צוויי רײטער זײנען געקומען פֿון שטעטל מיט אַ גרויסער בשורה:

— די גבאים, וואָס מ׳האָט געשיקט פֿון שטעטל צום רבין, האָבן זײערס אויסגעפֿירט: מאָרגן אַרום צוויי אַזײגער בײטאָג וועט דער רבי קומען. דער עולם מוז זיך אײַלן אין שטעטל אַרײן, כדי אַרויסצופֿאָרן באַצײַטנס צו קבלת־פּנים.

אַזאַ גרויסע בשורה!

— דער רבי!..

— דער הײליגער מגיד!..

מ׳האָט גלײַך אויפֿגעהערט צו טאַנצן און צו שפּילן. מ׳האָט געזאָלט זיך שוין שטעלן דאַוונען און זיך לאָזן אין שטעטל. איז אָבער ר׳ נחום פֿאָרט אַן עלטערער ייִד. ער איז געזעסן אויף דער באַנק און האָט ווי אַ שלעפֿעריג קינד קוים דעם קאָפּ געהאַלטן.

—כ׳בעט אײַך, ייִדן, רחמנים בני רחמנים — האָט ר׳ נחום געשמײכלט — כ׳וועל זיך נאָר אויף אַ פּאָר מינוט צושפּאַרן.

מ׳האָט אויף גיך געבראַכט פֿון ערגעץ אַ קישן. ר׳ נחום האָט מיט אײן קער אַראָפּגעוואָרפֿן די פּאַנטאָפֿעל און זיך גע־לעגט אויף דער זעלבער באַנק, וואו ער איז געזעסן. ער האָט זיך געלעגט אויף דער רעכטער זײט, אונטערגעשפּאַרט מיט

דער רעכטער האַנט דאָס פּנים און מיט דער לינקער האַנט האָט ער אָפּגעהויבּן דאָס היטל פון דער יאַרמולקע, צודעקנדיג עטוואָס מיטן היטל די לינקע זייט פון פּנים. ער איז די רגע איינגעשלאָפן און האָט אָנגעהויבּן שטיל און טיף צו אָטעמען. דער גאַנצער עולם איז אַרום אים שטיל געשטאַנען, מ׳האָט אַפילו קיין פּיפּס ניט געהערט. נאָר אויפן הויף האָבּן די הענער געקרייט. גדליה האָט זיך שטילערהייט געשושקעט מיט וועלוועלען, מאַכנדיג האַסטיג מיט די הענט. אַנדערע האָבּן שטיל גערעדט וועגן קבלת־פּנים. דורך די שמאָלע פענסטערלעך פון שאַלאַש האָט דער גרויער טאָג אַריינגעקוקט און באַלויכטן דאָס האַלבּ־צוגעדעקטע פּנים פון ר׳ נחומען. מענדל דער הויכער איז אויף די שפּיץ פיס אַרויס פון שאַלאַש אויפן הויף צום שטאַל צו און האָט דאָרט געהייסן שוין שפּאַנען די פערד.

אין אַ קאַרגע צען מינוט אַרום האָט זיך ר׳ נחום שוין אויפגעכאַפּט און זיך אַנידערגעזעצט אויף דער באַנק. די אויגן זיינען ביי אים עטוואָס פייכט, דאָס פּנים געריטלט. ער האָט אויסגעזעהן פריש ווי אַ קינד, וואָס איז נאָר וואָס אויפגעשטאַנען. ער האָט געוואַשן נעגל־וואַסער און שמייכלענדיג געזאָגט:

— לאָמיר, יידן, ניט מאַכן קיין שהיות און אָנהויבּן דאַווענען...

אין שאַלאַש האָט זיך אויפגעהויבּן אַ פריילֿיכער גערודער. ס׳האָט זיך קיינעם ניט געוואָלט שלאָפן. אַלע זיינען געווען שטאַרק אויפגעלעבּט. מ׳האָט מיט אַלע אברים געפילט, אַז ס׳איז אַ גרויסער יום־טוב אויף דער וועלט. אין שאַלאַש גופא האָט מען געדאַוונט. און כאָטש מ׳האָט זיך געאיילט, האָט מען נאָך קיינמאָל מיט אַזאַ חיות ניט געדאַוונט. דערווייל איז די זון אויפגעגאַנגען און האָט שוין אומאויפהערליך דורך די שמאָלע שאַלאַש־פענסטערלעך גאַנצע סנאָפּעס פון גאָלד־

שטראַלן אַריינגעשאָטן. נאָכן דאַוונען האָט מען שטייענדיקער־הייט, אויף איין פוס, גענומען אַביסל בראָנפן מיט אַ שטיקל לעקעך צו פאַרבייסן.

— לחיים, אונזער רבי זאָל מאריך ימים ושנים זיין.

— דער רבי, דער הייליגער מגיד, זאָל מגין זיין אויף אונז און אויף אַלע יידן.

— לחיים, לחיים...

ר' נחום האָט אויפגעזוכט חיימען, איז צו אים צוגעגאַנגען און געבעטן, אַז ער זאָל אויך פאָרן מיטן גאַנצן עולם.

— דאָס שטעטל איז דאָך, ר' נחום, ניט ווייט. כ'וועל בעסער אַביסל שפּעטער אַליין קומען צופוס...

ביים טויער פון דעם הויף איז שוין געשטאַנען אַ לאַנגע שורה פון איינגעשפּאַנטע דראָגעס און וואָגנס. אין איינעם פון די ערשטע וואָגנס זיינען געזעסן די כלי־זמר, וואָס האָבן געהאַלטן גרייט זייערע „כלים" אין די הענט. מענדל דער הויכער און איציע דער שמש האָבן זיך גערעשט און געמאַכט כלומרשט אָרדענונג. מיט גרויס געפּילדער האָט מען זיך צעזעצט אויף די וואָגנס. מען האָט זיך געשטופּט און געוואָיעוועט פון גרויס שמחה ווי די קינדער, זעצנדיק זיך איינער דעם אַנדערן אויף די קני. ס'איז נאָך געווען רעכט פריה. דער מאָרגנטוי האָט נאָך אויף די אַרומיגע פעלדער ניט אויסגעטרוקנט, מ'האָט זיך אָבער שטאַרק געאיילט. מענדל דער הויכער האָט אַ ליאַרעם געטאָן אויף די פורמאַנעס, זיי האָבן אַ פּאָך געטאָן מיט די בייטשן אין דער לופט און אָנגעטריבן די פערד. ווי נאָר די וואָגנס האָבן זיך גערירט פון אָרט, איז אויף איינעם אַ וואָגן אויפגעשטאַנען גדליה און געשריען מיט זיין האַלב־הייזעריגער שטימע:

— לאָמיר, יידן, אין זינגען האָבן, אַז מיר פאָרן אויף קבלת־פּנים צום הייליגן מגיד. אונזער...

מ'האָט ניט געהערט דעם סוף פון זיינע רייד, ווייל אויף אַלע וואָגנס האָט דער עולם אָנגעהויבן זינגען, אין איינעם אַ וואָגן האָבן כלי־זמר געשפּילט. דאָס פּירקען פון די פערד און דער סקריפּ פון די רעדער האָבן שטאַרק באַפּעפּערט דאָס פריילעכע געזאַנג. ס'האָבן זיך אַרום און אַרום אַלע פעלדער אויפגעכאַפּט און דורשטיג פאַרוואונדערט אויפגענומען די פריי־ליכע קולות פון די פאָרנדיגע וואָגנס. מענדל דער הויכער און איציע דער שמש זיינען אַ קורצע ווילע געגאַנגען צופוס ביי די וואָגנס, פון דער זייט, און האָבן, הייסט דאָס, אַכטונג געגעבן. נאָר די פורמאַנעס האָבן שטאַרקער אַ טרייב געטאָן די פערד, וואָס האָבן פאַרריסן די קעפּ און זיך מיט כח אַ לאָז געט־טאָן פאָראויס. מענדל און איציע זיינען אויף גיך אַרויפגע־שפּרונגען אויף אַ וואָגן. די פערד האָבן אַלץ געשווינדער געהויבן די קאָפּיטעס און אָט זיינען זיי, פאַרקערנדיג אָן אַ זייט, אַרויף אויף אַ גרויסן ברייטן שליאַך. די גאַנצע „מחנה" איז פאַר־שוואונדן געוואָרן פון די אויגן. ס'האָט נאָר אַ ווילע פון ווייטן געהילכט די קולות פון כלי־זמר און געזאַנג.

---

## א׳ דער רבי פארט

נאָך דעם גרויסן גערודער איז אין שאַלאַש מיט אַמאָל שטיל און פּוסט געוואָרן. חיים איז איינער אַליין געבליבן אין שאַלאַש. ער האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ באַנק אנידערגעזעצט און האָט אומבאַוועגליך געקוקט פאָראויס, אונטערשפּאַרנדיג דעם קאָפּ מיט דער האַנט. ער האָט אויסגעזעהן שטאַרק מיד און קרענקליך אויפגערעגט. שוין אַזוי פיל טעג, אַז ער וואַרפט זיך ווי אין אַ קדחות. דער איינגעמאַטערטער מוח פאַרלירט אַלע ווייל די שליטה אויף די געדאַנקען, וואָס צעלאָזן זיך ווי אַ וויכער אין דער נשמה. ער איז איצט אַזוי שוואַך און צעבראָכן, אַז ער קען יעדע רגע אומפאַלן און וועט אַפילו קיין כח ניט האָבן צו וועלן אויפשטיין. עס האָט זיך אים איצט געוואָלט אַריינטראַכטן אין איינציגע זאַכן, וואָס זיינען נעכטן פאָרגעקומען אויפן סיום. ווי קומט ער, אַ געפאַלענער, צו מאַכן אַזאַ רעש. און נאָך אַ זאַך... ער קען אָבער איצט בשום אופן ניט צונויפנעמען זיינע רעיונות. ס׳הילכן נאָך אין די אויערן משונהדיג הויך קולות פון טענץ און כלי־זמר. אַרום די שלייפן קלאַפּט עס ווי מיט האַמערס און דער קאָפּ קען זיך לחלוטין ניט איינהאַלטן אויף די פּלייצעס. דערהויפּט אָבער שפּאַרט אים איצט עפּעס מאָדנע אונטערן האַרצן. ס׳איז אים שטאַרק ניט גוט געוואָרן. אפשר וואָלט ער זיך אויסגע־

צויגן דאָ אויף דער באַנק און כאָטש אַ ווײַלינקע אָפּ־
רוהען? ניין, ער קען נאָך אַזוי פֿאַרשלאָפֿן. ער האָט זיך פּלוצים
אַ ריס געטאָן און אויפֿגעשטאַנען פֿון באַנק, האָט אַ רגע
אויסגעגלייכט די גלידער, האָט האַסטיג גענומען דעם טלית
און תּפֿילין אין ברוינעם טלית־זעקל אונטערן אָרעם און איז
מיט עקשנותדיג־פֿעסטע טריט אַרויס פֿון שאַלאַש.

דעם וועג אין שטעטל האָט ער זיך באַלד דערוואוסט.
ער מוז גיין פֿאָראויס ביז צום עק דאָרף און דערנאָכדעם
פֿאַרקערעווען לינקס אויפֿן גרויסן שליאַך, וואָס פֿירט גלייך אין
שטעטל אַריין. חיים האָט ניט געמאַכט קיין שהיות און זיך
האַסטיג געלאָזט גיין. ס'איז נאָך געווען גאַנץ פֿריה. די זון האָט
שוין העל געלויכטן, האָט אָבער נאָך ניט שטאַרק געגליהט.
די פֿרייע לופֿט און דאָס האַסטיגע גיין האָבן אים אַביסל אויפֿ־
געמונטערט. ס'האָט אים נאָר ווי פֿריהער געשפּאַרט אונטערן
האַרצן. חיים האָט זיך ניט צוגעהערט און האַסטיג גייענדיג
האָט ער געטראַכט, אַז אַ קראַנקע נשמה פֿון אַ געפֿאַלענעם
פֿאַרטראָגט ניט קיין שמחה, ווי אַ קראַנקער גוף פֿון אַ חולה
פֿאַרטראָגט ניט קיין גוטע מאכלים. די גאַנצע שמחה פֿון
שאַלאַש ליגט אים ווי אַ שטיין אויף דער נשמה און שטיקט
אים פֿון אינעווייניג. ווי קומט אָבער אַ געפֿאַלענער אויסצורופֿן
אַ פֿרייליכס פֿאַר אַ געשטאָרבענעם בן־יחיד, צו מאַכן אַ רעש
אויף דער סעודה און לאָזן זיך אין אַזאַ משונהדיגן טאַנץ.
משמעות, אַז די געפֿאַלענע נשמה פֿרעגט ביי אים ניט קיין דעה
און טוט זיך אירס — זי באַגראָבט נאָך כלומרשט ווי פֿריהער
דעם טויט און שרייט אין עוד מלבדו. אין זיך, ערגעץ דאָרט
אין דער נשמה, בחדרי־חדרים, הערט ער נאָך דעם זעלבן
פֿאַרגאַפֿטן געשריי. הייסט דאָס, שוין ווייטער אָהן זיין רשות
און ידיעה! בקיצור, אין אים, ווי אין אַלע וועלטן אַרום,
דרייט זיך דער זעלבער ראָד. אַ ראָד! דער אומגליק איז נאָר,

וואָס דער ראָד דרייט זיך אַזוי האַסטיג און וואַרפט אים ווי אין אַ כף־הקלע—פון דעם משניות אין מנין צו די גוים אין קרעטשמע, פון דאָרט אויפן סיום אין שאַלאַש און פון שאַלאַש... וואוהין? די מעשה איז אָבער, וואָס...

חיים איז דערוויַיל אַרויס אויפן גרויסן שליאַך. פון ביידע זייטן האָבן זיך רעכטס און לינקס געצויגן ברייטע פעלדער. די היץ האָט זיך פאַמעליך געלאָזט פילן. די זון האָט אָנגע־הויבן באַקן און שטעכן דעם רוקן, ווי מיט הייסע נאָדלען. חיים האָט זיך מיט שוויים באַגאָסן. ווי פריהער אין שאַלאַש איז ער ווידער מיד און שוואַך געוואָרן. דערהויפּט אָבער האָט אים איצט אומערטרעגליך געשפּאַרט אונטערן האַרצן. ס׳האָט אים ממש צו דער ערד געצויגן. איז ער מיט אַמאָל אַזוי שלאַבריג געוואָרן און אָפּגעלאָזט, אַז ער האָט ווי אַ שיכור געשלעפּט די פיס. פּלוצים האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען אין די אויגן און ער האָט זיך ניט ווילנדיג אַנידערגעזעצט אויף דער ערד עטוואָס אין אַ זייט ביים סאַמע שליאַך. חיים האָט זיך זיצנדיג אָנגעבויגן פאָראויס און זיך אָנגענומען מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ. דער ווייטאָג אונטערן האַרצן האָט טאַקע נאָכגעלאָזט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיך ווי אין אַ חלום אַרומגעקוקט. אַלץ אַרום אים איז עפּעס ווי באַדעקט געווען מיט אַ ווייכן, בלאַסן נעפּל. ער איז געווען אַזוי שלאַבריג, אַז ער האָט אַפילו מיט קיין איין אבר ניט געקענט אַ ריר טון. ער האָט איצט אומבאַוועגליך געקוקט פאָראויס. אַנטקעגן, ערגעץ אין אַ פעלד, זיינען געשטאַנען גויעס אָנגעבויגן און געאַרבעט. פּלוצים האָט זיך איינע אַ גויע אָפּגעריסן פון דער אַרבעט און זיך געלאָזט לויפן צום שליאַך צו. אַהאַ, אַניוטע! וואָס האָט אייערנעכטן אין קרעטשמע... חיים האָט שלאַבריג געשמייכלט. אָט די אַניוטע איז אויך עפּעס אַ מין ראָד: די דאָרפישע גויאישקייט קייקלט זיך אַריין אין שעמעוו־

דיגער תמימות, וואָס צינדט אָן אַ דאָרפיש בייזן יצר־הרע... אַניוטע איז אַלץ האַסטיגער געלאָפן. אָט, אָט קומט זי איבערן שליאַך... פּלוצים איז דער ווייכער בלאַסער נעפּל געדיכט און שווער געוואָרן ווי בליי. חיים האָט ניט ווילנדיג צוגעמאַכט די אויגן און דערפילט, אַז עמיצער נעמט אים פאַר דער באָרד. נאָך איידער ער האָט זיך אַ קער געטאָן, האָט אים אַ הייסער אָטעם אַ קלאַפּ געטאָן אין פּנים. איז ער נאָך מער פאַרגליווערט געוואָרן, נאָר דאָס האַרץ האָט זיך פאַרחלשט געצויגן און איז פאַרשמאַכט שטיין געבליבן. אַ הייסע האַנט האָט אים אָנגע־נומען פאַרן פּלייצע. און...

מיט אַ ווילדן געשריי האָט זיך חיים אויפגעריסן פון זיין אָרט און זיך געלאָזט לויפן אויפן שליאַך פאָראויס. ער האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט און איז אַלץ ווייטער געלאָפן פאָראויס. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אַ וויש געטאָן מיטן אַרבל דעם שטערן, און ניט אומגעקוקט זיך, איז ער איצט רוהיגער מיט פעסטע טריט געגאַנגען ווייטער. די גאַנצע שוואַכקייט, דאָס שפּאַרן אונטערן האַרצן, דאָס נאָר וואָס פאָרגעקומענע—דאָס אַלץ איז פּלוצים פאַרשוואונדן און ווי אין אַ אָפּגרונט איינגע־זונקען. אויף דער נשמה איז מאָוימדיג שטיל און רוהיג גע־וואָרן. חיים האָט טיף איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די פּלייצעס, צונויפגעפּרעסט די ליפּן און איז האַסטיג געגאַנגען. הייסט עס, שוין ווייטער אָהן זיין רשות און ידיעה... און אַז דער אומגליק ווערט שוין צו גרויס, מאַכט זיך די נשמה כלומרשט ניט וויסנדיג און ווערט פול מיט בית־עולם־שטילקייט. ס'גייען אויף רעיונות קלאָרע און שאַרפע, ווי די אַנטבלויזטע שווערדן, און שניידן פון אינעווייניג די נשמה אויף שטיקער, און די נשמה מאַכט זיך ווייטער כלומרשט ניט וויסנדיג און באַגראָבט זיך מיט גרויס הכנעה אין איר אייגענעם ווייטאָג. פּלוצים

האָט זיך חיים אָפּגעשטעלט, די אויגן האָבּן זיך בּיי אים אָנגע־צונדן. ער האָט אויפגעהויבּן די רעכטע האַנט אין דער הויך:

— כ'שטיי פאַר דיר, רבונו של עולם, אַ געפאַלענער, דו זעהסט דאָך מיין גרויסע שאַנד און מיין גרויסן אומגליק און פונדעסטוועגן שרעק איך זיך ניט פאַר דעם גאַנצן כף־הקלע. כ'נעם אויף מיר אַלע יסורים און זאָלן אַפילו שטיקער פאַלן פון דער נשמה, וועל איך זיך ראַנגלען בּיז צום לעצטן אָטעם. הייליגער פאָטער אין הימל! הייליגער, הייליגער!.... כ'וועל ניט רוהען, כ'וועל גיין פון שטאָט צו שטאָט, בּיז כ'וועל געפינען די שליטה אויפן ראָד, וואָס דרייט זיך אין מיר אָהן מיין רשות און ידיעה. וואָס הייסט דען אָהן רשות און ידיעה? וואָס הייסט דאָס? ניין, ניין — ניט לאַנג וועט מען מיט מיר טרייבּן קאַטאָוועס... נתפשה דרכינו ונחקרה—פאַרלאָ־רענע מוזן אַליין זוכן זייער אמתן וועג, מוזן... נאָר גאָר נישט! מיר וועלן נאָך זעהן! מיר וועלן נאָך...

ער האָט זיך האַסטיג געלאָזט גיין ווייטער. אָט האָבּן זיך שוין בּאַוויזן פאַראיינצלטע קליינע הייזלעך. טאַקע בּאַלד קומט ער אָן אין שטעטל אַריין. ס'האָט אים אוצט געצויגן צום משניות, וואו אַלץ איז דאָרט אַזוי פעסט און זיכער. קלאָרע הלכות שטייען דאָרט געדיכט איינע נעבּן די אַנדערע ווי די אייזערנע זיילן, אָן וואָס מען קען זיך כאָטש דערוויל אָנ־שפאַרן. בּאמת וואָלט ער אין שטעטל איצט אַריין אין אַ בּית־מדרש און וואָלט זיך אין אַ ווינקל געזעצט אַרום אַ משניות טאַקע בּיז אין דער נאַכט אַריין. מ'טאָר אָבּער ניט דורכ־לאָזן דעם קבלת־פּנים. מ'מוז אַלץ זעהן און דורכזוכן, מ'מוז....

ערשט נאָך האַלבּן טאָג איז חיים אָנגעקומען אין שטעטל אַריין. אויף די גאַסן האָט מען כמעט קיין לעבּעדיגן מענשן ניט געזעהן. וואו ניט וואו קוקט אַרויס פון אַ פענסטער אַ פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט, אָדער ערגעץ אַרום אַ הויף

שפּילן זיך קליינע קינדער. אויפן מאַרק זיינען כמעט אַלע קראָ־מען געשלאָסן. נאָר איינציגע געוועלבלעך זיינען אָפן, דאָרט בעל־הביתעווען ווייבער. פון יענער זייט מאַרק האָט חיים גלייך דערזעהן צוויי בתי־מדרשים—די גרעסטע בנינים אין שטאָט שטייען איינער ניט ווייט פון דעם אַנדערן. אויך אין די בתי־מדרשים האָט חיים קיין איינציגן מענשן ניט געפונען. נאָר אויף איינעם אַ שול־הויף האָט זיך ערגעץ געפּאָרעט אַ יידענע. דאָס האָט געמוזט זיין דעם שמשס ווייב. חיים איז צו איר צו־געגאַנגען. זי האָט אויף אים געקוקט פאַרוואונדערט: ווי אַזוי גייט ער דען ניט צו באַגעגעניש? אַלע זיינען דאָך שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען! חיים האָט זיך טאַקע ביי איר דערוואוסט דעם וועג אַהינצו.

— איר גייט אָקאָרשט לינקס אַרונטער, איר גייט גלייך, ביז איר וועט אָנקומען אין דעם נאָהענטן דאָרף אַריין. דאָרט זאָלט איר אַ פרעג טון דעם וועג אויף קאָסטינקע. און אַרום קאָסטינקע וועט איר דאָרט אַלעמען טרעפן. איר מוזט זיך, פעטערקע, צו איילן, אַלע זיינען שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען. איר זאָלט נאָר ניט פאַרגעסן צו פרעגן אויף קאָסטינקע... דאָס איז אַ גרויס דאָרף, איר הערט?...

אַ פּאָר שעה איז חיים געגאַנגען. ער האָט אַ ווײלע גע־בלאָנדזשעט און קוים געפונען דעם וועג. טאַקע ניט ווייט פון קאָסטינקע האָט חיים גלייך באַמערקט אַן אומגעוויינליך לוי־פעניש. פון פאַרשיידענע זייטן קומען אָן אומאויפהערליך פורן געפּאַקט מיט מענשן, נאָך מער מענשן גייען צופוס. אַלט און יונג, מלמדים, בעלי־בתים, קרעמערס, ישובניקעס; אָפּגעריסענע בעטלערס און נגידישע יונגעלייט. דאָ און דאָרט ווייזן זיך בחורים, וואָס האָבן קוים אַ חתימת זקן. אָט קומען אָן גאַנצע מנינים און צעשיטן זיך מיט אַ אימפּעט אין דעם שטראָם, וואָס טראָגט זיך צו יענער זייט קאָסטינקע. און אָט, פאַרקערט,

פאַראייניגן זיך איינצעלנע פוסגייערס אין דעם זעלבן מענשן־שטראָם. מ׳גייט און מ׳גייט מיט אימפעט און איילעניש. וואָס איז דאָ אַזוי דאָס לויפעניש? חיים האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגע־שטעלט און אויפגעכאַפּט שטיקלעך שמועסן פון די פאַרבײַ־גייענדיגע.

— ...איר האָט געהערט, אַשטייגער, מ׳זאָל אַזוי שפּעט געבן אַ ידיעה, אויך מיר גבאים — אין טאַטן זיי אַריין! פאַר־אַיאָרן האָבן מיר טאַקע...

—...דאָס האָב איך דאָך געטענהט! אָט איז אברהמעלע געקומען פון דאָרט צוריק מיט דער ידיעה, אַז דער רבי וועט גאָר אַרום פאַרנאַכט קומען. וואָס לויפט איר אַזוי, יונגאַטשעס, האָט דרך־ארץ פאַר...

— ...געלויבט איז השם יתברך, אונזער הייליגער מגיד, אונזער...

חיים איז אַריין אין דעם גרויסן שטראָם און זיך געלאָזט מיט אַלעמען אינאיינעם לויפן. וואָס ווייטער, ווערט אַלץ גרעסער דאָס לויפעניש און דאָס שטופעניש.

פון דער זייט האָט זיך באַוויזן אַ שיינע האַלב־אָפענע קאַ־רעטע, דער קוטשער איז געזעסן אויסגעשטרעקט און געהאַלטן אָנגעשטרענגט די לייצעס. דער עולם האָט זיך אומגעקוקט: אַהאַ! פאַני ברײַנער איז אויך דאָ.

ס׳איז געווען אַ הייסער זומערטאָג, די זון האָט שטאַרק געגליהט. חיים האָט זיך לויפנדיג באַגאָסן מיט שווייס. פון קאָסטינקע איז מען אַוועק עטוואָס אָן אַ זייט, אויף אַ אומ־געהויער גרויסן פלאַץ. חיים האָט אויפגעציטערט—עפּעס ווי פלוצים האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר די אויגן אַ גרויסער ים פון מענשליכע קעפּ. אַלע ווײַלע קומען אָן נײַע מענשן־כוואַליעס און גיסן זיך אַריין אין דעם ברויזנדיגן ים. דער אַרומיגער אימ־פּעט פאַרכאַפּט חיימען ניט ווילנדיג, און ער פילט שוין גאָר־

ניט די אוממענשליכע ענגשאַפט און שטופעניש. ס'טראָגט אים ווי אויף שטורמיגע כוואַליעס. ווי שטאַרקער ווין אויף אַ אָפּגע־שוואַכטן מוח, אַזוי האָט אָט דער ברויזנדיגער אימפעט אַ קלאַפּ געטאָן אויף חיימס צערודערטער און אויסגעמאַטערטער נשמה. ווי אינדערפריה איז ער ווייטער שלאַבריג און שוואַך געוואָרן און אונטערן האַרצן האָט ווייטער געשפּאַרט אַ נאָ־גנדיגער ווייטאָג. חיים האָט זיך מיט אַלע כחות געשטאַרקט. ווי אַ בליץ האָט זיך צעשפּרייט איבערן עולם די ידיעה פון דעם אָנגעקומענעם רייטער, אַז דער רבי וועט קומען אַרום פאַר־נאַכט. דער עולם איז זיך ניט צעגאַנגען און מיט גרויס שמחה האָט מען זיך טאַקע גלייך געשטעלט אויף דער פרייער לופט דאַווענען מנחה. אין פאַרשיידענע עקן האָבן געדאַוונט באַ־זונדערע מנינים. הונדערטער קולות האָבן זיך באַגעגנט אין דער לופט, זיך צונויפגעגאָסן און זיך געטראָגן העכער אין עק וועלט אַריין. מ'האָט געדאַוונט גיך און פריילעך, ווי אַ שמחת־תורהדיגן מעריב פאַר הקפות. חיים האָט קוים אָפּגעזאָגט דעם לעצטן קדיש. ס'האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען אין די אויגן, ער איז קוים איינגעשטאַנען אויף די פיס. ערגעץ צווישן עולם האָט זיך פלוצים אָנגעצונדן אַ ניגון און זיך ווי זודיג פייער איבערן גאַנצן ים צעגאָסן. דער ניגון האָט זיך אומערטרעגליך ווייטאָגדיג אין חיימס נשמה אָפּגערופן. דאָס האַרץ האָט ביי אים פאַרחלשט און טאַקע כלות־הנפשדיג גענאָגט. האָט זיך ווייטער ווי אינדערפריה אַלץ אַרום און אַרום באַדעקט מיט אַ חייכן בלאָסן נעפל. דאָס געזאַנג איז ערגעץ אָפּגעשפּרונגען און ווי פון ווייטע טופענישן אָפּגעקלונגען אין דער נשמה. אַ גאַנצע ווילע (ער געדענקט אַליין ניט ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט) האָט ער ווי אַ פאַרגליווערטער געשוועבט אין דער לופט. פלוצים האָט חיים דערפילט אַ שטאַרקן זעץ אין אַ זייט. ער האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט. ער האָט נאָר באַמערקט,

אַז די זון האָט זיך שוין געזעצט. אַ אומגעהויער גרויסער רעש. — אַ דערשראָקענער האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אָן אַ זייט.

— יידן, מאַכט אַ וועג!..

— מאַכט אַ וועג!...

— דער רבי, דער רבי!..

— אונזער הייליגער מגיד!..

— אונזער...

דער עולם האָט פאַרגאַפּט געשריען. מ'האָט גלייך געמאַכט אַ וועג, אויסשטעלנדיג זיך פון ביידע זייטן. אין דעם פאַרנאַכטיגן טונקל האָבן פלוצים גרויסע פייערס אויפגעפלאַקערט, דאָס האָט מען אָנגעצונדן גאַנצע פעסער בוימל, וואָס קרעמערס האָבן לכתחילה אַהער געבראַכט פון אַרומיגע שטעטלעך. אַלץ נעהענטער האָט זיך באַוויזן אַז אומגעווינליך גרויסע פאַרמאַכטע קאַרעטע, וואָס זעקס פערד האָבן זי געפירט, געשפּאַנט נאַשפּיץ. די קאַרעטע איז טאַקע משונה־גרויס. זי קען אַריינגעמען העכער אַ מנין מענשן, דאָרט אינעווייניג שטייט אַפילו אַ טיש. אויף אים ברענט שטענדיג אַ ליכט. אַלע אויגן האָבן זיך געצויגן צו דער קאַרעטע, וואָס איז פּאַמעליך געפאָרן פאַראויס. אַ הייליגע שיין האָט אויף דער גרויסער קאַרעטע גערוהט. האָט זיך אין דעם עולם אַ שטורעם פון קולות באַהאַלטן אויפגעהויבן:

— לאָמיר אויסשפּאַנען די פערד און אַליין איינשפּאַנען זיך, לאָמיר...

— אין דעם רבינס קאַרעטע...

עלטערע חסידים האָבן קוים אָפּגעהאַלטן. דער רבי וויל עס ניט האָבן. ס'האָבן נייע פייערס אויפגעפלאַקערט. מ'האָט נייע פעסער בוימל אָנגעצונדן. אויף דער גרויסער קאַרעטע האָט זיך אַלע רגע אַ פייערדיגער שימער באַוויזן. דער עולם האָט

פאַרגאַפט מיט גרויס ליבשאַפט און אָפשיי אַ לאָז געטאָן זיך צו דער קאַרעטע...

חיים האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, האָט זיך מיט אַלע כחות אַרויסגעריסן פון עולם און איז מיט אַ זייטן וועג איינער אַליין אַריין צוריק אין קאָסטינקע, פון דאָרט האָט ער זיך אַליין געלאָזט לויפן. ס'האָט אים אנגעיאָגט אַ וואָגן מיט עטליכע מענשן, וואָס זיינען איילִיג אַרויסגעפאָרן פאַר פריהער אין שטעטל, כדי באַצייטנס מודיע זיין וועגן רבינס באַלדיגן אָנקומען און אַלץ אַנגרייטן. חיים איז אַרויפגעשפרונגען אויף דעם פאָרנדיגן וואָגן, וואָס האָט זיך אַלץ האַסטיגער געטראָגן. ס'איז פּאַמעליך נאַכט געוואָרן. דער הימל האָט זיך אויסגעשטערנט. ווי נאָר מ'איז אָנגעקומען אין שטעטל, איז חיים אַראָפּגעשפרונגען פון וואָגן און אַריין אין בית־המדרש. דאָרט איז ער פּאַמעליך געקומען צו זיך אָט פון דעם גאַנצן טומל, וואָס האָט ווי זודיגער בליי געבריהט זיין נשמה. מיט גרויס מיה האָט ער אָפּגעזוכט אַ ליכטל און אַ משניות, איז אַריין אין קליינעם זייטן־שטיבל פון בית־המדרש און האָט זיך געזעצט דאָרט אין אַ ווינקל צום משניות. ממש ווי אַ רפואה האָט ער געטרונקען די קלאָרע זיכערע און זאַפטיגע משניות־ווערטער. אין דער פאַרשיכורט־וואַקלענדיגער וועלט האָט ער מיט ביידע הענט, מיט לייב און לעבן, אַרומגענומען די אייזן־פעסטע זיילן פון דעם שטרענג־הייליגן משניות.

---

## XI. צוריק צום „גרויסן שליאך"

אין אַ ווײַלע אַרום איז ווי פּלוצים אַרײַנגעדרונגען צו חיימען אין שטיבל אַ פרײליכער געוויש פון דרויסן. קולות פון כלי־זמר, געזאַנג און געשריי, לויפּעניש און גייעניש פון הונדערטער מענשן. אין שטעטל איז הילולא וחינגא. אָט איז מען אַרײַנגעקומען מיט אַ פרײליכן געפּילדער אין בית־מדרש און זיך מיט גרויס שמחה געשטעלט דאַוונען מעריב. חיים האָט אָנגעהערגעלעגט דעם משניות און איז אַרײַן אין בית־מדרש, ער האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל נעבן דער הרובע און, ניט אויפהויבנדיג כמעט די אויגן, האָט ער געדאַוונט מיטן עולם. באַלד נאָך מעריב, ווי נאָר ער האָט אָפּגעזאָגט דעם לעצטן קדיש, איז חיים אַרײַן צוריק אין שטיבל צום משניות. דער עולם איז זיך באַלד צעגאַנגען. אין בית־מדרש איז ווידער שטיל געוואָרן. חיים האָט זיך פאַרטיפט אין משניות.

פּלוצים האָט זיך חיים אַ קער געטאָן — אויפן שוועל פון שטיבל איז געשטאַנען ר' נחום.

— כ'זוך אײַך, ר' חיים, די גאַנצע צייט. וואו זענט איר דאָס אַהינגעקומען?

חיים האָט אין איין רגע צוגעקלעפּט דאָס ליכטל צום טיש, האָט זיך אויפגעהויבן אַנטקעגן ר' נחומען און אויסגעשטרעקט צו אים די הענט.

— כ'בעט אייך, ר' נחום, איר זאָלט אויף מיר קיין פאַר־איבל ניט האָבן. איר האָט דאָך אַליין געזאָגט און איך האָב עס נאָך פריהער געפילט, אַז איך דאַרף זוכן מיין פאַרלאָ־רענעם וועג. כ'האָב דאָ ביי אייך ניט געפונען מיין וועג. איך בין, פאַרקערט, נאָך מער געפאַלן. כ'מוז נאָך היינט אַנטלויפן פון דאַנען...

— אַנטלויפן? — האָט ר' נחום פאַרוואונדערט געפרעגט. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, אַ ציה געטאָן פאַרוואונדערט די פלייצעס—וואָס מיינט איר דערמיט?

אין שטיבל האָט זיך פאַמעליך געוואַקלט אַ האַלב־טונ־קעלע שיין פון דעם ליכטל, וואָס איז געווען צוגעקלעפּט צום טיש. ערשט איצט זעענדיג זיך האָט ר' נחום האַלב־דערשראָקן דערזעהן חיימס פנים, וואָס האָט אַלע ווילע קרענקליך געצוקט. אַ קראַנק פייערל האָט ביי חיימען געלויכטן אין די אויגן, וואָס האָבן עפּעס געקוקט טיף אין זיך. ר' נחומען האָט דאָס האַרץ וויי געטאָן.

— אויב איר פרעגט, וועל איך אייך טאַקע זאָגן. איר זאָלט עס מיר נאָר ניט נעמען פאַר אומגוט. דער אויבער־שטער וועט מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד. איך בין דאָך אַ געפאַלענער, די נשמה ווערט אין מיר צעפּלאַצט. כ'וועל אייך דעם גאַנצן אמת זאָגן...

חיים האָט זיך אומגעקוקט אויף דער טיר, איז נעהענטער צוגעגאַנגען צו ר' נחומען און געזאָגט:

— איר פאַרשטייט, כ'האָב מיט אַמאָל דערזעהן, וואוהין ס'פירט בכלל דער וועג פון חסידות. כ'בעט אייך, לאָזט מיך אויסרעדן ביזן סוף, האָט נאָר קיין מורא ניט. ניט, חלילה, דער וועג פון חסידות איז שלעכט. איך וועל אייך נאָר אַזאַ מעשה דערציילן. עס איז דאָ אַ גרויסער שליאַך, וואָס איז גוט אויס־געשטיינערט, איז אַזוי גלאַט און פעסט, אַז אַפילו ביי אַ שלאַקס־

רעגן קען מען אויף דעם שליאַך ניט אַריינפאַלן אין אַ בלאָטע. און אויף יעדן טייל פון דעם שליאַך שטייט אַ פעסטער סלופּ, וואָס ווייזט דעם וועג און באַצייכנט, וויפיל מייל איז מען אָפּגעפאָרן און וויפיל האָט מען נאָך צו פאָרן. פאָרט מען אויף דעם שליאַך, וועט מען זיכער ניט פאַרבלאָנדזשען. נאָר אויף דעם אויסגעשטיינערטן שליאַך איז ניטאָ קיין גרעזל, קיין געוויקסל; און אַז מ'פאָרט לאַנג, ציהט זיך די נשמה נאָך אַביסל גרינס, צו די רחבותדיג־גרינע פעלדער און וועלדער. איז געקומען אַ גרויסער וועגווייזער, וואָס גייט אין געדיכטע וועלדער אַזוי זיכער, ווי אויפן שליאַך. האָט ער אַראָפּגערופן אַלעמען פון גרויסן שליאַך און געפירט זיי נאָך זיך אין שיינעם געדיכטן וואַלד, אויפן גרויסן פעלד. גייט מען נאָך דעם וועגווייזער איז טאַקע אודאי זעהר גוט. די מעשה איז אָבער, וואָס געוויינליכע פשוטע מענשן פאַרקוקן זיך אָן אַ זייט, שטייען אָפּ פון דעם וועגווייזער און בלייבן אַליין. וואָס האָט מען דען פון די שיינע גרינע פעלדער, אַז מ'פאַרבלאָנדזשעט אין זיי און מ'פאַלט נאָך אַריין בלאָנדזשענדיג אין אַ בלאָטע ביז איבערן האַלז—ניט אַרויסצוקריכן? און אַז מ'שטעקט אין בלאָטע, הויבט מען אָן ווייטער בענקען נאָך דעם גרויסן שליאַך מיט די פעסטע סלופּעס. איר פאַרשטייט, יידן זיינען תמיד געגאַנגען אויפן גרויסן שליאַך פון שלחן־ערוך, וואָס אונזערע חכמים און גאונים האבן פעסט אויסגעשטיינערט, אויף דעם שליאַך וועט מען שוין אין קיין בלאָטע פון תאוות ניט פאַרקריכן. און טאַקע אויף יעדן טריט שטייען הלכות, דינים און מנהגים, ווי די פעסטע סלופּעס, וואָס ווייזן זיכער דעם וועג און לאָזן ניט פאַרבלאָנדזשען. און...

דאָס ליכטל, וואָס איז געווען צום טיש צוגעקלעפּט, האָט אָנגעהויבן אויסגיין. אין שטיבל איז שטאַרק פינסטערלעך געוואָרן. חיים האָט עס ניט באַמערקט, נאָר ר' נחום האָט אים

איבערגעריסן, האָט זיך אויסגעהיבן און פאַרלעשנדיג דאָס אויסגייענדיגע ליכטל, פאַרטראַכט געזאָגט:

— אַפילו אַ ליכט ראַנגלט זיך ביים אויסגיין. אַ מענש דאַרף זיך אודאי ראַנגלען, און דער אויבערשטער וועט רחמנות האָבן. כ'וויל שוין הערן דעם סוף פון אייערע רייד. לאָמיר אַריבערגיין אין בית־מדרש, דאָרט איז איצט קיינער ניטאָ, אַלע זיינען דאָך ביים רבין...

זיי זיינען גלייך אַהין אַריבערגעגאַנגען. אין שול זיינען אַלע ליכט אויסגעלאָשן. נאָר אויפן עמוד צאַנקט אַ פלעמל פון נר־תמיד, וואָס וואַרפט קאַרגע שטראַלן אַרום זיך. אין האַלב־טונקל שטייען די בענק און די גרויסע בימה אומבאַוועגליך פאַרהומערט אַנטקעגן דעם ארון־קודש. ר׳ נחום האָט זיך געזעצט נעבן דער הרובע ביים טיש, אונטערשפּאַרנדיג דעם קאָפּ מיט די הענט. חיים האָט זיך ווייטער אומגעקוקט אויף דער טיר, איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו ר׳ נחומען און פאַרקאָכט געזאָגט:

— כ׳וועל אייך זאָגן בקיצור. איר פאַרשטייט, אָט אויף דעם אויסגעשטיינערטן וועג פון טרוקענע מתנגדים לעכצט די נשמה נאָך אַביסל גרינס, נאָך אַביסל האַריץ, נאָך שמחה און מסירות נפש. אוריתא בלא דחילו ורחימו לא פרחת לעילא—תורה אָהן האַריץ הייבט זיך ניט פון אָרט. איז געקומען דער גרויסער וועגווייזער, דער הייליגער בעל־שם, און געפירט יידן אויף די הייליגע שיינע פעלדער פון האַרציגער עבודה און שמחה, צווישן בערג און טאָלן, וואָס אַ אויג האָט ניט גע־זעהן. טענץ, ניגונים, משקה—זיינען געוואָרן כלים פון היילי־גער שמחה. דאָס איז דער ענין פון דרכך סוגה בשושנים—דער וועג איז באַדעקט ניט מיט שטיינער, נאָר מיט רויזן, וואָס קוויקן דאָס האַריץ. די, וואָס זיינען זוכה געווען צו גיין נאָכן בעל־שם, זיינען געווים גרויס און הייליג. נאָר שוין אין

די צייטן פון מעזשעריטשער מגיד זכרונו לברכה... מאַכט ניט, ר' נחום, מיט די הענט, למען השם לאָזט מיך אויסרעדן. מיינע רייד וועלן אייך ניט שאַדן און ביי מיר וועלן זיי אָפּדעקן אַ בלוטיגע וואונד פון דער נשמה. איך האָב אַליין געלייענט אַ בריוו, אַ כתב־יד־קודש פון דעם רב, פון דעם בעל־התניא, וואָס ער האָט געשריבן וועגן ר' אברהם קאַליסקער. זיי זיינען דאָך ביידע געווען דעם מעזשעריטשערס תלמידים. דער רב שרייבט, וואָס דער מעזשעריטשער האָט געזאָגט וועגן דעם קאַליסקער מיט זיינע חסידים. איך וועל אייך זאָגן נאָר אַ שטיקל פון דעם בריוו, וואָרט ביי וואָרט:... „ועיני ראו ואזני שמעו אשר דבר אתי קשות על רוע התנהגותו לאנ"ש במדינת רוסיא, אשר כל היום שיחתם בהוללות וליצנות וגם להתלוצץ מכל הלומדים ולבזותם בכל מיני בזיונות בפריקות עול וקלות גדולה, כידוע לכל, וגם להתהפך תמיד בראש למטה ורגל למעלה (קוליען בלע"ז) בשוקים וברחובות ונתחלל שם ה' בעיני הערלים. וגם בשאר מיני שחוק והיתול ברחובות בקאליסק ולוזני. ובחורף תקל"ב אחרי הויכוח שהי' בשקלאוו לא מצאו מענה על זה..." 1) איר פאַרשטייט, שוין אין די צייטן פון מעזשעריטשער, הייסט עס, האָבן זיך אַ סך יידן פאַרקוקט אָן א זייט און אָנגעהויבן בלאָנדזשען אויף די גרויסע פעלדער. אַ קליי־

1) מיינע אויגן האָבן געזעהן און מיינע אויערן האָבן געהערט, וואָס ער האָט הארט גערעדט וועגן זיין שלעכטער הנהגה מיט אַנשי שלומינו אין רוסלאַנד, וואָס אַ גאַנצן טאָג איז זייערע רייד אין הוללות און לצנות, אויך אָפּלאַכן פון אַלע לומדים און מבזה זיין זיי מיט אַלערליי בזיונות, מיט פריקת עול און גרויס קלות, פלעגן זיך תמיד קוליען מיט דעם קאפ אראפ אין מיטן מאַרק און אויף די גאַסן. דאָס איז געווען אַ גרויסער חלול השם פאַר די גוים און נאָך אַנדערע מיני שפּאָטעניש און געלעכטער אויף די גאַסן און קאַליסק און אין לאָזניע. אין ווינטער פון דעם יאָר תקל"ב אויף דעם וכוח, וואָס איז געווען אין שקלאָוו, האָט מען וועגן דעם ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן...

ניגקייט, אַז געוויינלעכע מענשן גייען ניט אויפן גרויסן שליאַך.

— זייט מוחל, ר׳ חיים, וואָס איך שלאָג אייך איבער די רייד. די גאַנצע צייט שטייט איר אויף די פיס און קאָכט זיך, כ׳בעט אייך, רוהט אָפּ אַ ווײַלינקע און זעצט זיך אַנידער. אַז מ׳האָט ניט קיין רחמנות אויפן גוף, איז זיך דער גוף נוקם אָן דער נשמה און רייצט אָן אויף איר, רחמנא ליצלן, דעם בעל־דבר. שוין עטליכע טעג, ווי איר רוהט ניט און לעבט ניט. חיים האָט באַמערקט, אַז ר׳ נחום לעגט זיך גאָר ניט אַריין אין דעם גאַנצן ענין און קוקט מיט אַזאַ רחמנות אויף אים, גלייך ווי ער וואָלט גערעדט פון היץ.

— וואָס האַרט דאָס אייך — האָט חיים פאַרביסן געענטפערט, האָט נאָר פאַר מיר קיין מורא ניט. איר הערט, וואָס איך זאָג אייך? די מחלוקת פון די מתנגדים האָבן אונז טאַקע אַ היפּש ביסל געראַטעוועט. זיי זיינען זיך געגאַנגען אויפן גרויסן שליאַך און מיט זייער געפילדער אויף אונז האָבן זיי אונז ניט געלאָזט ווייט אַוועקבלאָנדזשען. איך רעד ניט פון די קדושים, וואָס זיינען זוכה צו גיין נאָכן בעל־שם. מיט יעדן דור ווערן זיי ווייניגער. און וואָס איז איצט פון אונז געוואָרן? קאַרעטעס, הויפן, מחלוקת. יידן לאָזן זיך, רחמנא ליצלן, ווי די פערד שפּאַנען. נאָר ווי קום איך צו רעדן פון אַנדערע? אָט בין איך אַ געפאַלענער, וואָס טרעט זיך אַליין מיט די פיס. איך האָב זיך פאַרבלאָנדזשעט און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. אומעטום און אין מיר אַליין זעה איך נאָר אַ ראָד, וואָס דרייט מיך ווי אין אַ כף הקלע. איך טרענק זיך, רחמנא ליצלן, אין מיין אייגענער בלאָטע. מ׳שטיקט מיך און איך קען ניט אַרויסקריכן. און אַז מ׳טרענקט זיך אין בלאָטע, מוז מען לויפן צוריק צום גרויסן שליאַך מיט די פעסטע סלופּעס. אפשר וועל איך זיך נאָך ראַטעווען. טאַקע שוין וועל איך אַנטלויפן פון דאַנען. אַהין, אַהין, צו די טרוקענע מתנגדים.

חסידים מוזן האָבן חיות און שמחה, טענץ און בראָנפן. נאָר מתנגדים קענען דינען דעם אויבערשטן אַפּילו אויף דעם אויס־געשטיינערטן טרוקענעם שליאַך. אָט דעם כח מוז מען ביי זיי לערנען. דאָס וועט מיך אפשר ראַטעווען. זייט געזונט, ר׳ נחום. בענשט מיך אויפן וועג. נאָך אַלע דרשות בין איך עלנט ווי אַ שטיין און גיי אַוועק מיט אַ פרעמדן טלית און תפילין אונטערן אָרעם און דערצו...

חיים האָט איצט באַמערקט עפּעס אַ מיאוסן (ווי ס׳האָט זיך אים געדוכט) רחמנות־שמייכל ביי ר׳ נחומען, וואָס האָט אומ־רוהיג־פאַרזאָרגט געקוקט אויף חיימען און שוין כמעט גאָר־ניט געהערט, וואָס מ׳רעדט צו אים. האָט זיך חיים אין מיטן די רייד האַסטיג אַ קער געטאָן, גענומען פלינק דעם טלית און תפילין אונטער דער אָרעם און זיך ווילד אַ לאָז געטאָן צו דער טיר. נאָר ניט דערגייענדיג עטליכע טריט צו דער טיר, האָט ער זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט, אומגעקערט דאָס פּנים צו ר׳ נחומען און אַ בלאַסער ווי קאַלך האָט ער אויף אַ קול געשריען. ר׳ נחום האָט זיך פון שרעק געהויבן פון אָרט און זיך גע־טוליעט צו דער וואַנט.

— איך דאַרף ניט אייער ברכה, איר שיריים־לעקערס, וואָס איר שלעפּט ווי פערד דעם רבינס פריצישע קאַרעטע—ער האָט קריצנדיג מיט די ציין געשריען—כ׳דאַרף ניט אייער ברכה, גיכער וועט אייך אַלעמען נאָכלויפן די געשרייען פון מיין געפאַלענער נשמה. כ׳בין טאַקע אַ צעטראָטענער וואָ־רעם, כ׳וועל אָבער קיינמאָל ניט חנפענען ניט זיך, ניט דעם אויבערשטן, כ׳דאַרף נישט אייער ברכה, שיריים־לעקערס....

ער איז אַרויס פון טיר און איז פאַרשוואונדן. ר׳ נחום איז פון שרעק קוים געקומען צו זיך. ער איז געפאַלן מיט דעם פּנים אויף דער האַנט און אָנגעהויבן וויינען. חיימס געשרייען האָבן אין אים געוועקט שרעק און רחמנות, וואָס

האָבן אים ממש פאַרן האַרצן אָנגענומען. פּלוצים האָט ר' נחום דערפילט, אַז עמיצער איז אַריין אין בית־מדרש. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזעהן: ניט ווייט פון טיר איז געשטאַנען חיים, אַ פאַרשעמטער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. ער איז אומזיכער צוגעגאַנגען צו ר' נחומען און זיך אָנגעהויבן בעטן:

— ווי קענט איר, ר' נחום, אויף מיר פאַראיבל האָבן? איר זעהט דאָך, אַז איך בין גאָרניט און מיינע רייד זיינען דריי מאָל גאָרנישט. דאָ איז אויך דער זעלבער ראָד—נידעריגע שפלות קייקלט זיך אַריין אין גרויסער חוצפּה. איך האָב זיך צערעדט אויף דער גאַנצער וועלט און האָב אייך פונדעסטוועגן ניט דערציילט די מיאוסע מעשׂות, וואָס כ'האָב דאָ אָפּגעטאָן. איר ווייסט דאָך, ס'זיינען דאָ למד־וואָווניקעס, דאָס הייסט, באַהאַלטענע קדושים, וואָס זיי זעהען אויס ווי פּשוטע מענשן. אָט אַזוי זיינען אויך דאָ לעומת זה שוואַרצע למד־וואָווניקעס, דאָס הייסט, באַהאַלטענע בעלי־תאוות, וואָס זיי זעהען אויס ווי קדושים. ניט וואָס זיי פאַרבן זיך, נאָר די תאוות זייערע בייסן זיך אַריין מיט די ציין אין קדושה.... איך לויף איצט צום גרויסן שליאַך מיט דעם איבערשטנס הילף, דאָרט וועל איך איין מאָל פאַר אַלע מאָל בינדן און שפּאַנען אין מיר דעם בעל־תאוה. און נאָך איפּן וועג ביז צום שליאַך וועל איך קיין שום זאַך ניט דערכלאָזן, כ'וועל גייענדיג פון שטאָט צו שטאָט אומעטום זוכן, ביז כ'וועל געפינען אַ תיקון אַנטקעגן די פינסטערע כחות, וואָס דרייען נשמות ווי אין אַ ראָד אָהן רשות און ידיעה...

ר' נחום איז אויפגעשטאַנען און גענומען חיימען פאַר דער האַנט.

— כ'וועל אייך, ר' חיים, ניט אָפּהאַלטן, גייט אייך אייער וועג געזונטערהייט. אַפילו צדיקים האָבן געפּראַוועט גלות און זיינען

געגאַנגען ווי פּשוטע בעטלער איבער שטעט און דערפער. דער אַלטער זכרונו לברכה האָט אויך געפּראַוועט גלות. ער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דער גלות פון כלל־ישראל וועט אויפבויען דעם גאַנצן חורבן און אַז אַ נשמה ווערט, חלילה, חרוב, קען דער מענש מיט גלות זי צוריק אויפבויען. צדיקים לאָזן זיך אין גלות, כדי אויפצוריכטן אַלע פאַרלאָרענע און דערשלאָגענע נשמות. דער אַלטער האָט געפילט דעם ווייטאָג פון יעדער נשמה און האָט אַליין פאָראויס געזעהן. כ'האָב זוכה געווען צו ברענגען אייך די גוטע בשורה, וואָס דער אַלטער האָט צוריק מיט יאָרן פאַר אייך אויסגעבעטן. איר מעגט שוין זיין זיכער. גייט, ר' חיים, גייט און דער אויבערשטער וועט אייך העלפן, וואוהין איר וועט זיך קערן און ווענדן. די הייליגע שכינה גייט דאָך אויך אין גלות און וועט אייך, חלילה, ניט אויסן לאָזן. גייט לשלום, ר' חיים, גייט אייך געזונטערהייט...

ביי די לעצטע ווערטער האָט ר' נחום אַרומגענומען חיימען און אים מיט גרויס ליבשאַפט צוגעקוועטשט צום האַרצן. חיים האָט זיך כמעט ווי אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און זיך מיט פעסטע טריט געלאָזט צו דער טיר. ביי אים האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם, און גייענדיג צו דער טיר, האָט ער קוים אַרויסגעזאָגט:

— זייט געזונט, ר' נחום...

חיים איז גיך אַרויס פון דער טיר אויפן גאַס און איז באַלד מיט גיכע טריט אַוועק פון יענער זייט בית־מדרש.

## XII. חיים איז פּאַרט אַריין צום רבּין אויף יחידות

בלייבנדיג אַליין אין שול, האָט זיך ר' נחום אַ רגע געקווענקלט מיט זיך אַליין, איז אָבער באַלד אַרויס פון בית־מדרש, און עטוואָס לויפנדיג אין די פּאַנטאָפל, האָט ער נאָכגעיאָגט חיימען, פון ווייטנס אים געררופן און אים אָפּגעשטעלט. ר' נחום האָט אַ רגע אָפּגעאָטעמט און געזאָגט:

— איך האָב צו אייך, ר' חיים, אַ גרויסע בקשה. איך וויל אייך, חלילה, ניט אויפהאַלטן אַפילו אויף אַ איבעריגער רגע, נאָר איין זאַך בעט איך אייך. מ'זעהט דאָך בחוש די השגחה פון דעם אויבערשטן, וואָס האָט מיט זיינע גרויסע חסדים געבראַכט, אַז איר זאָלט זיין אין שטעטל, בשעת דער רבי קומט. ראָט איך אייך, ווי אַ אייגענעם ברודער, איר זאָלט אַריינגיין צום רבין מקבל שלום זיין און דערנאָכדעם וועט איר אייך גיין אייער וועג. לאָזט מיך נאָר אויסרעדן און שאָקלט ניט מיטן קאָפּ. איר ווייסט דאָך, אַז אַפילו דער אויבערשטער אַליין ווערט מתפעל, ווען אַ מנין יידן זאָגן פאַר אים קדושה און רופן אים קדוש. און נאָך דעם רבין לויפן דאָך נאָך טויזנטער יידן און האַלטן אים פאַר אַ קדוש. אַ קלייניגקייט, טויזנטער יידישע נשמות! דאָס אַליין קען דאָך געבן אַ געטליכן כח. איך בעט אייך, איך בין אַ ייד אַ זקן, פאַרשעמט ניט מיינע גרויע האָר. דער הייליגער רבי אַליין לעגט כבוד אויף מיינע אַלטע

יאָרן. איך בין דאָך נאָך געפאָרן צום אַלטן, צום רבינס פאָטער זכרונו לברכה. איך האָב היינט בשעת קבלת שלום דערציילט דעם רבין וועגן אייך און איך האָב געזעהן פון זיינע הייליגע תנועות, אַז אים וואָלט געווען ניחא, איר זאָלט צו אים אַריינגיין. וואָס האַרט אייך, קומט נאָר מיט מיר. איך וועל שוין זעהן, אַז כלאַוונע, דעם רבינס גבאי, זאָל אונז גלייך אַריינפירן צום רבין. טאַקע אין אַ קאַרגער שעה אַרום וועט איר אייך קענען אַוועקגיין. קומט מיט מיר, איך בעט אייך, קומט...

ר' נחום האָט אָנגענומען חיימען פאַר דער האַנט און כמעט ווי מיט גוואַלד געפירט אים מיט זיך. חיים איז צוערשט מיטגעגאַנגען. ער האָט זיך געקלערט, אַז אייגנטליך האָט ער גאָרניט מער וואָס צו זוכן ביי אָט די חסידים. אָבער ווי באַלד ער שטייט איצט אויף דעם וועג פון הכנ'יש צום גרויסן שליאַך, איז טאַקע כדאי אַליין אויסצופרובן ביז צולעצט און טאַקע זעהן דעם רבין, וואָס איז אַ גדול הדור ביי טויזנטער חסידים. נאָר געמאַכט אַ פּאָר טריט, האָט זיך חיים אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— גוט, איך גיי מיט אייך, נאָר איר מוזט מיר צוזאָגן, אַז איר וועט מיך בשום אופן ניט לאָזן אויפהאַלטן. און דערצו זאָג איך אייך פריהער, אַז מיר, חבדניקעס, ווערן ניט מתפעל פון מופתים און טויזנטער געשרייען. חוץ דעם בין איך איצט פשוט אַ ייד אַ געפאַלענער — אַליין וואַקלט זיך דאָך ביי מיר אונטער די פיס און...

— גוט, גוט — האָט אים ר' נחום איבערגעשלאָגן די רייד — לאָמיר טאַקע ניט מאַכן קיין שהיות... אַפילו אויף אַ רגע זיך ניט אָפּשטעלן...

חיים איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך געלאָזט גיין, האַלטנדיג אונטער דעם לינקען אָרעם דעם טלית און תפילין אין ברוינעם טלית־זעקל. ווי פריהער אין שול, האָט ער אייך איצט

מיט צער געזעהן, אַז ר׳ נחום איז גאָרניט תופס דעם גאַנצן גערודער פון זיין געפאַלענער נשמה, וואָס זעהט אים, ר׳ נחומען, אויס ווי אַ פוסט קאָכעניש פון אַ דורכגייענדיגער היץ־קראַנק־הייט. ס׳האָבן אים אָבער אָנגענומען פאַרן האַרצן דער קינ־דישער אימפעט און די ריינע ליבשאַפט פון ר׳ נחומען.

זיי האָבן גייענדיג אַ קער געטאָן רעכטס צום מאַרק צו. אַ שטילער זומער־אָוונט האָט אַרומגענומען דאָס שטעטל. ווי נאָר מ׳איז אַרויס אויפן מאַרק, האָט חיים גלייך דערפילט עפּעס אַ אומגעוויינליכן יום־טוב, וואָס האָט אין דער לופט געוויי׳עט. אומעטום, וואוהין דער רבי קומט, זאָגט מען ניט קיין תחנון און אַפילו דער קלענסטער פילט, אַז עס איז אַ גרויסער יום־טוב. נאָר דאָ אין שטעטל האָט עס אויסגעזעהן באַזונדער אויסערגעוויינליך. נאָך פאַרנאַכט האָט מען פאַרשלאָסן די קראָמען און אַלע זיינען אָנגעטאָן שבתדיג. אין אַלע הייזער און הייזלעך האָט מען געלעגט אויפן טיש אַ נייעם טישטוך און אָנגעצונדן ליכט אין די שבתדיגע לייכטער. דאָס האָבן ווייבער געטאָן אויף זייער אייגענער דעה און מאַנסבלען האָבן אַפילו קיין צייט ניט געהאַט זיך אומצוקוקן אויף דעם. פיל מאַמעס האָבן געצוואָגן זייערע קינדער און אָנגעטאָן זיי דאָס בעסטע, וואָס זיי פאַרמאָגן. און ווען פאַרנאַכט האָבן זיך דערהערט נאָך פון ווייטנס די שמחה־געפילדערס פון דעם רבינס אַריינפאָרן אין שטעטל, זיינען ווייבער און קינדער אַרויסגעלאָפן פון די הייזער. זיי האָבן פאַרגאַפט אויפגעשריען, דערזעהענדיג ווי איינגעשפּאַנטע יידן פירן דעם רבינס מאוימדיג־גרויסע קאַרעטע און אָהן אַ צאָל מענשן לויפן נאָך שרייענדיג מיט אויסגע־שטרעקטע הענט. די גאַסן זיינען שוואַרץ געווען פון מענשן, וואָס ציהען זיך מחנותווייז נאָך דער קאַרעטע. ערשט צום סוף, נאָך אַלעמען, איז רוהיג געגאַנגען דעם רבינס בעל־עגלה און געפירט געלאַסן די אויסגעשפּאַנטע פערד.

און איצט שטייען ווייבער, אַלט און יונג, בײַ די טירן פון די הייזער, זיי קענען נאָך אַליך ניט קומען צו זיך און דערציילן עפּעס איינע די אַנדערע שטילערהייט מיט פאַרשמאַכטער התפּעלות. און די אויסגעצוואָגענע קינדער ווילן בשום אופן ניט גיין שלאָפן, זיי קלאַמערן זיך בײַ דעם מאַמעס־פאַרטוך און הערן צו מיט אָפענע מיילער. ווי קען מען דאָס טאַקע גיין שלאָפן, אַז די גאַנצע לופט איז יום־טובדיג פאַרחלשט.

— דער הייליגער טשערנאָבילער מגיד איז דאָ אין שטעטל!

— דער הייליגער...

נאָר בײַ חיימען האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבן נאָגן. ווי פאַרנאַכט בשעת קבלת פּנים האָט אים אויך איצט אָנגעהויבן שפּאַרן אונטערן האַרצן, ער האָט זיך ווייטער געפילט שוואַך און שלאַבריג. ער האָט איצט ניט קיין כח און קיין חשק פאַר אַזוינע זאַכן. אויף וואָס טויג דען אָט די גאַנצע הייליגע לופט, אויב זי קומט נאָר ווי אַ בליץ מיט דעם רבין און פאַרגייט מיט זיין אַוועקפאָרן, אויב זי פירט צו גרויסע קאָרטעס, הויפן און מחלוקת און לאָזט נאָך זיך ווייטער די וואָכעדיגקייט אויפ־קומען. ניין, ער קען ניט מער פאַרשטיין און אויסהאַלטן אָט דעם אייביג דרייענדיגן ראָד פון טאָג און נאַכט, ווען יעדע אויפגייענדיגע זון הויבט גלייך אָן פאַמעליך צו פאַרגיין און יעדע שבתדיגע התלהבות קייקלט זיך אַריין ווייטער אין קאַלטער וואָכעדיגקייט. אייז מאָל פאַר אַלע מאָל — אַהין אָדער אַהער... ס'איז דאָך פאָרט ניטאָ גאָרנישט חוץ דעם אויבערשטן. ער קלערט טאַקע, אַז...

חיים האָט זיך ניט ווילנדיג אַ כאַפּ געטאָן. ווי נאָר ער איז מיט ר' נחומען אַריבערגעגאַנגען דעם מאַרק, האָט אים ממש אין פּנים אַ קלאַפּ געטאָן אַן אומגעהויער פרייליכער טומל. חיים האָט געקוקט און געשטוינט. (אַזוינס האָט ער געזעהן אַמאָל, ווען אויך גאָר אויף אַן אַנדער אופן, בשעת דעם אָנקומען

פון ליובאַוויטשער רבין אין איינער אַ חבדישער שטאָט). אָהן אַ צאָל מענשן, אַלע שבתדיג אָנגעטאָן, האָבן איצט באַלאַגערט די נאָהענטע גאַסן, וואָס פירן צום רבינס הויז. ס׳איז אַזוי ענג, אַז ס׳איז ממש ניט דורכצוגיין. ר׳ נחום האָט אָנגענומען חיימען פאַר דער האַנט און זיך אָנגעהויבן מיט אים דורכ־צושטופן דורך דעם עולם. אין דער ענגשאַפט האָט חיים געמוזט שטאַרקער האַלטן דאָס ברוינע טלית־זעקל. „לאָזט ר׳ נחומען דורכגיין", האָט מען פון אַלע זייטן געשריען, דערזעהענדיג ר׳ נחומען. חיים האָט באַמערקט פון דער רעכטער זייט אַ רעדל מענשן, וואָס האָבן אין דער דאָזיגער ענגשאַפט גענומען מיט גרויס שמחה אַביסל בראָנפן. אין מיטן רעדל שטייט אַ הויכער ייד מיט אַ גרויסער באָרד אין אַ סאַמעטענער יאַרמולקע און צעגיסט בראָנפן אין די גלעזלעך. און אָט איז נאָך אַ רעדל, און נאָך, און נאָך... אַ שמחה, אַ גערודער. אַלע שטופן זיך פריילעך ווי שמחת־תורה צו הקפות. פון ערגעץ אַ רעדל טראָגט זיך אַ ניגון און אָט האָט עפּעס אַ מלמד פאַר־קאַטשעט די פּאָלעס און זיך געלאָזט טאַנצן. אין דער טונקעלער וואַרעמער נאַכט לויכטן און גלאַנצן הונדערטער אויגן. פּלוצים האָט חיים דערהערט אַ באַקאַנט הייזעריג קול. דאָס האָט גדליה די באָרד פון ערגעץ אַ רעדל געשריען פאַרגאַפּט אויף זיין הייזעריג קול:

— אונזער הייליגער מגיד, אונזער...

חיים און ר׳ נחום האָבן זיך אַלץ ווייטער דורכגעשטופּט און אָט האָבן זיי דערזעהן אַ גרויסע געמויערטע שטוב מיט העל־באַלויכטענע פענסטער. דאָס איז געווען דער איינציגער מויער אין שטעטל. אַלע שכנים האָבן זיך פון דאָרט אַרויסגע־קליבן און אָפּגעגעבן די שטוב פאַר דעם רבין. די שטוב איז באַשטאַנען פון צוויי העלפטן מיט אַ קאָרידאָר אין מיטן. די רעכטע העלפט, אַ חדרים פינף, האָט דער רבי מיט זיינע

גבאים פאַרנומען; און די אַנדערע העלפט, דער קאָרידאָר און דער גאַנצער אַרום זיינען איצט געפּאַקט מיט מענשן, וואָס וואַרטן פאַרשמאַכט אויף יחידות.

— וואַרט, ר׳ חיים, דאָ אַ רגע — האָט ר׳ נחום געזאָגט — און איך וועל אַ לויף טון און געפינען דעם רבינס גבאי כלאַוונען.

חיים האָט וואַרטנדיג דערזעהן, אַז דאָ האַרט אַרום שטוב שטייט, חוץ חסידים, אַ געמישטער המון, מאַנסבלען און ווייבער, על פּי רוב ליידנדיגע, פאַרהומערטע מענשן, וואָס צאַפּלען זיך און וואַרטן אויף אַ ישועה פון דעם רבין. דאָ שטייט אַ מוטער מיט אַ קראַנק קינד אויף די הענט און דאָרט אַ בלייכער ייד, וואָס האַלט זיך קוים אויף די פיס, און מ׳מוז אים אַלע ווײַלע אונטערהאַלטן, עפּעס אַן אַלטע יידענע שרייט און ברעכט מיט די הענט...

באַלד איז ר׳ נחום אַרויסגעגאַנגען צו חיימען און נאָך אַ קורצער ווײַלע האָט כלאַוונע זיי געפירט איבערן הויף דורך אַ זייטיגער טיר אין דעם רבינס חדרים. שוין גייענדיג האָט ר׳ נחום פאַרריכט דעם גאַרטל, צורעכט געמאַכט דאָס היטל מיט דער יאַרמולקע און אַ גלעט געטאָן די באָרד. ווי אַלע מאָל האָט אויך איצט ביי ר׳ נחומען אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ פאַרן אַריינגיין צום רבין. אַן אומהיימליכע שטילקייט האָט דורכגענומען אַלע זיינע תנועות. ביי דער לעצטער טיר האָט זיך כלאַוונע אָפּגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן:

— איר זאָלט למען השם ניט אויפהאַלטן דעם רבין, וואָרום דער עולם צעזעצט די טירן. דער רבי האָט אַזוי פיל רחמנות אויף יידן, אַז ער וויל ניט פריהער אָפּרוהען פון וועג, ביז ער וועט ניט אויסהערן אַלע שווערע הערצער.... למען השם, ניט אויפהאַלטן...

— האָט קיין מורא ניט, האָט חיים העזהדיג געזאָגט, מיר

װעלן אַפּילו זעהן, אַז דער רבי זאָל אונז ניט אויפהאַלטן...

כלאַװנע האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אויפן חבדניק מיט דער גרויסער שװאַרצער באָרד. ער האָט פּאַמעליך געעפנט די טיר, זיי אַריינגעלאָזט און פאָרזיכטיג שטיל די טיר נאָך זיי צוגעמאַכט.

דאָס איז געװען אַ גרויסער לאַנגער חדר. ניט װייט פון די אַנטקעגנדיגע פענסטער מיט װייסע פאָרהאַנגען איז געשטאַנען אַ קיילעכדיגער טיש מיט צװיי ברענענדיגע ליכט. לינקס איז געװען אַ צװייטע טיר, װאָס האָט געפירט צום קאָרידאָר צו. דער רבי—שוין אַ גרייז גרויער זקן—איז געזעסן ביים טיש מיטן פּנים צו דער לינקער טיר, אין אַ זיידענעם כאַלאַט, און אָנשפּאַרנדיג דעם קאָפּ אָן דער האַנט, האָט ער געקוקט פאַר־טיפט אין אַ ספר. ער האָט ניט באַמערקט זייער אַריינקומען.

אַ רגע זיינען זיי געבליבן שטיין אויפן שװעל. ר׳ נחום האָט אַ קוק געטאָן אויף חיימען מיט אַ בעטנדיגער מינע, װאָס האָט אַן ערך געהייסן: „למען השם ניט מאַכן קיין איבעריגע תנועה". זעהענדיג אַז דער רבי האָט זיי ניט באַמערקט, האָבן זיי שטיל געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָראויס. עטליכע שפּאַן װייט פון דעם רבינס שטול, האָט ר׳ נחום אַ װאונק געטאָן חיימען זיך אָפּצושטעלן. דאָ האָט ער אַריינגעשטעקט ביידע הענט מיט די קליינע פינגער אין גאַרטל און איז געבליבן אומ־באַװעגליך שטיין אין גרויס אָפּשיי. חיים איז געשטאַנען נעבן אים מיט דעם ברוינעם טלית־זעקל אונטער דער לינקער האַנט. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳קען איצט אַליין ניט צוגיין, ביז דער רבי װעט װי ס׳איז באַמערקן און צורופן.

דער רבי איז נאָך אַלץ געװען פאַרטיפט און די שטרענגע שטילקייט אין חדר האָט אין גרויס דרך־ארץ זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן. נאָר פון דרויסן האָבן זיך געטראָגן פאַרשיידענע קולות און אויסגעשרייען. פלוצים האָט זיך פון יענער זייט

פענסטער דערהערט אַ האַרצרייסנדיגער ווייבערשער געוויין. דער רבי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קלאַפּ געטאָן שטיל מיט דער האַנט אויפן טיש. האָט זיך כלאַוונע גלייך באַוויזן אויף דער שוועל פון דער צווייטער טיר, דער רבי האָט מיט איינגעהאַלטענעם צער געפרעגט:

— ווער וויינט עס האַרט אַזוי?

— דאָס איז אַן עלטערע יידענע, ביי איר איז אַ טאָכטער אַ בת־יחידה, וואָס ראַנגלט זיך איצטער אין אַ שווערן קימפּעט...

— זאָל זי שוין אַריינקומען...

כלאַוונע איז אַרויס פון טיר. ערשט איצט האָט דער רבי באַמערקט ר׳ נחומען, אויף זיין מיד־ליידנדיג פנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל.

— אַ ר׳ נחומצע...

דער רבי איז אָבער אַפּנים געווען איצט פאַרטראָגן: ער האָט זיי ניט צוגערופן און זיי געלאָזט שטייען און וואַרטן. פון יענער זייט פענסטער איז דאָס ווייבערשע געוויין פאַרשוואונדן אין דעם דרויסנדיגן טומל, איז אָבער באַלד אויסגעוואַקסן פון יענער זייט קאָרידאָר און איז מיט יעדער רגע געוואָרן אַלץ גרעסער און נעהענטער. און אָט האָט זיך געעפנט די טיר און כלאַוונע האָט אַריינגעפירט די וויינענדיגע יידענע. דאָס איז געווען אַן עלטערע, עטוואָס איינגעהויקערטע יידענע מיט אַ שטאַרק געקנייטשט פנים. ווי נאָר אָבער זי איז אַריבער די שוועל און דערזעהן דעם רבין, איז זי פאַרגאַפט שטיין געבליבן. זי האָט אַריבערגעוואָרפן דעם שאַל איבערן קאָפּ און האַלטנדיג זיך קראַמפּנדיג מיטביידע הענט פאַר די עקן פון שאַל, האָט זי איצט קיין מויל ניט געקענט עפענען. מ׳האָט דעם רבין דערלאַנגט אַ קוויטל.

— האָב קיין מורא ניט, דער אויבערשטער וועט דיך ניט פאַרלאָזן...

ערשט איצט האָט זיך די יידענע שטיל צעוויינט, זי האָט אָבער קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען.

— נאַ דיר מיין פאַטשיילע און לעג זי דער קימפעטאָרין צוקאָפּנס און נאָך היינט ביינאַכט וועט דיך דער אויבערשטער בענשן מיט אַ מזל־טוב...

איז די יידענע ווייטער געבליבן שטיין פאַרגאַפּט. זי האָט געקוקט מיט גרויסע אויגן אויפן רבין, און דאָס אַלטע געקנייטשטע פּנים האָט געשטראַלט. כלאַוונע האָט איר עפּעס אַ זאָג געטאָן אויפן אויער. די יידענע האָט זיך אַ רגע געפּאָרעט מיט די הענט אונטערן שאַל און מיטן גאַנצן האַרצן האָט זי ווי אַ קרבן אַוועקגעלעגט דעם רבין אויפן טיש עטליכע מטבעות. דער רבי האָט זי אָבער אַ פרעג געטאָן:

— אפשר האָסטו נאָך — ס'פעלט צוויי צו ח"י...

די יידענע האָט טאַקע ביי זיך אַרויסגעפונען נאָך אַ פּאָר מטבעות און געלעגט אויפן טיש.

— לאַנג לעבן זאָלט איר, רבי, אונזער הייליגער רבי, הייליגער, הייליגער רבי...

כלאַוונע האָט זי קוים אַרויסגעפּראַוועט דורכן טיר. און בשעת מ'האָט די טיר צוגעמאַכט, האָבן זיך נאָך געהערט אירע פאַרגאַפּטע רייד:

— הייליגער, הייליגער רבי...

דעם רבינס מנהג צו בעטן און פאָדערן געלט אויף יחידות, ווי אַלע זיינע אויסטערלישע מנהגים, זיינען געווען ביי חסידים שטאַרק פאַרהייליגט. נאָר חיימען האָט דאָס שטאַרק געוואונדערט און אויפגערעגט. הייסט דאָס, שוין ווייטער דער־זעלבער ראָד: פּשוטע מענשן זיינען מפקיר זייער געלט, כדי אויפצוהויבן זיך צו הימל־מענשן, און דער הימל־מענטש לאָזט זיך אַראָפּ צו געלט. ס'האָבן אָבער נאָך געקלונגען אין די אויערן די פאַרגאַפּטע אויסגעשרייען פון דער אַלטער יידענע

און אין יעדן קער פון דעם רבין האָט זיך געפילט אַ הימלשער שררה, די בחינה פון צדיק גוזר. אויף וואָס־זשע דאַרף ער געלט, גלאַנץ און קאַרעטעס, אַנטקעגן וואָס שלמה המלך אַפילו האָט ניט געקענט ביישטיין?... אַ ראָד, אַ מאוימדיגער ראָד! חיים האָט אַפילו געקלערט, אַז...

דער רבי האָט אַ וואונק געטאָן און זיי צוגערופן, ביים רבין איז דאָס פנים מיט אַמאָל אָפן און ליכטיג־פריש געוואָרן. חיים האָט מקבל שלום געווען. ער האָט גלייך באַמערקט דאָס אייגנאַרטיג רבישע אויסזעהן, וואָס ער האָט נאָך געקענט ביי זיין רבין אין ליובאַוויטש, דאָס מלכותדיגע שווייגן און די איידעלע פאָסטעמקעס. נאָר אָנשטאָט דער גאונישער טיפקייט און אייביג־התלהבותדיגער חבדישער זוכענישׁ פון דעם ליובאַ־וויטשער רבין, האָט מען אויף דעם טשערנאָבילער מער געקענט זעהן קינדישע תמימות און שטראַלנדיגן בטחון. חיים האָט שוין אויף זיין חבדיש־העזהדיגן שטייגער געקלערט, אַז אַפילו מיט רוח הקודש קען מען זיין שטאַרק תמעוואַטע... דער רבי האָט אויף אים אויפגעהויבן די אויגן און טאַקע מיט דעם גרויסן חוש פון אַ רבין, וואָס זעהט כמעט אַלע טאָג הונדערטער מענשן, האָט ער אַפּנים דערפילט חיימס רעיונות. ער האָט פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— ווּעמענס טלית טראָגט איר אונטער העם אָרעם?

חיים האָט ניט ווילנדיג אַ ציטער געטאָן. פון וואַנען ווייס דער רבי, אַז ער טראָגט אַ פרעמדן טלית? צי האָט עס ניט ר' נחום דעם רבין אַלץ וועגן אים דערציילט?

— דאָס האָב איך גענומען אין דאָרף ביי לייזיק בונין.

האָט ביים רבין דאָס פנים ווייטער מיד־ליידנדיג אויסגע־זעהן, און ער האָט מיט צער אַ זאָג געטאָן:

— די, וואָס קריכן אין די הימלען און פרעגן קשיות אויפן

אויבערשטן, האָבן נישט קיין אייגענעם טלית... מ׳פאַרלירט די אייגענע לבושים...

דער רבי האָט זיך עטוואָס אַ קער געטאָן נעהענטער צו חיימען און געזאָגט:

— דער פריהערער בעל־הבית פון דעם טלית האָט אויך ניט געהאַט קיין אמונת חכמים. זיין טלית איז דערפאַר אָנגעקומען אין אייערע הענט. און איצט מוזט איר ביידע נע־ונד זיין, ביז דער אויבערשטער וועט אייך מיט זיינע גרויסע חסדים אויפהויבן...

חיים איז געווען שטאַרק איבערראַשט: פון וואַנען ווייס פאָרט דער רבי, אַז ער טראָגט דאָס דעם פריהערן טלית פון דעם געשטאָרבענעם בונים פאָטער, וואָס האָט טאַקע תמיד מיאוס אָפּגעלאַכט פון רביים? האָט דאָס דען טאַקע ר׳ נחום אַליץ דעם רבין דערציילט? די גאַנצע אומגעוויינליכע רוח־הקודשדיגע אַרט פון דעם רבינס רעדן האָט חיימען שטאַרק גערייצט. אין ליובאַוויטש האָט מען ניט ליב געהאַט אַזוי קינ־דיש אומבאַזאָרגט צו וואַרפן זיך מיט רוח־הקודש, וואָס מ׳האָט זיך געסטאַרעט אויסצונוצן צוליב העכערע זאַכן פון אמתער עבודה. דאָרט האָט אַ רבי מער צו לערנען און מדריך צו זיין חסידים, ווי צו זיין אַ שטענדיגער מופת־מאַכער.... דער־הויפּט אָבער האָט חיימען איבערראַשט און אַראָפּגעוואָרפן, וואָס דער רבי האָט אים פשוט מיט איין קער אָפּגעפאַרטיגט און אומגעריכט שאַרף אָפּגעשניטן. חיים האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ר׳ נחום האָט אויף אים געקוקט מיט אַזאַ אַנגסט און האָט זיך ביי אים אַזוי געבעטן מיט די אויגן, אַז ביי חיימען זיינען די ווערטער אין מויל שטיין געבליבן. דער רבי האָט עס אַפּנים באַמערקט און זיך געווענדט צו חיימען:

— זאָגט אַליץ, וואָס ביי אייך איז אויפן האַרצן...

(טאַקע נאָר אַ חבדניק, און נאָך אַזאַ חבדניק, האָט דער רבי געזאָגט „איר״).

חיים האָט איצט קלאָר דערפילט, אַז דאָ זיינען חסידים ברייט אין דער דעה און לעבן אָהן אַ טיפן חשבון־הנפש, וואָס איז דאָך באמת דער גאַנצער יסוד פון חסידות און וואָס מ׳פטרט דאָ אָפּ מחמת גרויס בטחון מיט שיעה־פיעה. דאָ איז גאָרניט דאָס אָרט פאַר טיפער התבוננות. ער האָט איינגע־האַלטן פאַרקאָכט געזאָגט:

— איך בין אַ ייד אַ געפאַלענער און בעט רחמים ניט פאַראיבל צו האָבן אויף מיינע רייד. ס׳איז פאַראַן די מדרגה פון תינוק יונק משדי אמו. אַ קינד רייסט זיך נאָך חיונה צו דער מוטערס ברוסט, און די מוטער גיט עס אים מיט גרויס שמחה. ס׳קומט אָבער אַ צייט, ווען מ׳מוז דאָס קינד אַנטוויינען און מ׳רייסט עס אָפּ מיט גוואַלד פון דער ברוסט. און אַז דאָס קינד וויינט און שרייט, מאַכט מען אים בכיון ביטער דער מאַמעס ברוסט. באמת באַקומט יעדער חסיד חיונה פון זיין רבין נאָך מער, ווי אַ קינד פון דער מאַמעס ברוסט. ס׳קומט אָבער אַמאָל אַ צייט פאַר אַ חסיד, ווען ער מוז אַוועק פון דעם רבין און אַליין מיט אייגענער האָרעוואַניע געפינען חיונה פאַר זיין נשמה. דאָס איז על פי רוב אַ געפאַלענער. און וואָס גרעסער דער ווייטאָג פון זיין ציהעניש, וואָס שטאַרקער דער געשריי פון זיין נשמה, אַלץ ביטערער און ווייטער ווערט דער פריהערער קוואַל און...

ווי ר׳ נחום, האָט אויך דער רבי ניט תופס געווען דעם תוך פון חיימס גערודער, ער האָט נאָר מיט זיין רבישן חוש דערפילט דעם גרויסן צער פון אָט דעם אומרוהיגן יידן. און כאָטש ער האָט בכלל ניט שטאַרק געהאַלטן פון די חבדישע ווייטע דרכים, האָט אים איצט אָנגענומען פשוט אַ רחמנות אויף חיימען. ביי די לעצטע ווערטער, וואָס חיים האָט מיט גרויס האַרץ אויסגעשריען, איז דער רבי געוואָרן שטאַרק אויפ־געבראַכט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, און אַנידער־

לעגנדיג חיימען די האַנט אויף דער פּלייצע, האָט ער אים איבער־
געריסן די רייד:

— איר זאָלט וויסן זיין, אַז יסורים ממרקין, יסורים
לייטערן און הויבן אַ מענשן, אייער ווייטאָג איז ממש בכח צו
שפּאַלטן אַלע הימלען. אייך איז באַשערט צו פּראַווען גלות.
נאָר די השגחה עליונה לאָזט פון אייך קיין אויג ניט אַראָפּ.
גייט לשלום און דער איבערשטער וועט אייך אויפהויבן
עד רום כל המעלות...

ר׳ נחום האָט אַרויסגעפירט חיימען פון רבינס חדר, גייענ־
דיג כמעט הינטערווייַלעכץ מיטן פּנים צום רבין. ערשט פון
יענער זייט טיר האָט ער זיך געזעגנט מיט חיימען, האָט אים
אַרומגענומען און זיך צעקושט. חיים האָט זיך כמעט ווי אַרויסגעריסן
פון זיינע הענט און איז אַרויס אויפן גאַס. דאָס האַרץ האָט אים
גענאָגט און די התלהבותדיג־געדיכטע לופט האָט אים גע־
שטיקט. ער האָט זיך האַסטיג דורכגעשטופּט דורכן עולם, איז
אַרויסגעקומען אויפן מאַרק. דאָרט האָט ער זיך מיט גיכע שריט
געלאָזט גיין ווייטער און איז באַלד פאַרשוואונדן פון יענער
זייט שטעטל.

## XIII. די אונטערשטע שורה

עס איז געווען אַ שיינער וואַרעמער זומעראָוונט, ווען חיים איז אַרויס פון שטעטל אויף די גרויסע ברייטע פעלדער. ביי אַ צופעליגן דורכגייער האָט זיך חיים דערוואוסט, אַז צוויי־דריי שעה גאַנג פון דאַנען געפינט זיך אַ יידיש שטעטל. חיים האָט זיך באַשלאָסן גיין גלייך אַהין, דאָרט איבערנעכטיגן און אויף מאָרגן, באַלד נאָכן דאַוונען זיך לאָזן גיין ווייטער, טאַקע אויף דעם וועג צו די גרויסע מתנגדישע שטעט אין ליטע.

אַרויסגעגאַנגען פון שטעטל, האָט חיים פריי אָפּגעאָטעמט, גלייך ווי אינאיינעם מיטן שטעטל וואָלט ער פאַרלאָרן די שווערע צרות פון זיין בלאָנדזשעניש. עפּעס ווי מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעניכטערט פון אַ טיפער שכרות. און כאָטש דער גאַנצער גוף איז נאָך געווען שטאַרק מיד און צעבראָכן, האָט זיך חיים אָבער אינערליך געפילט שטאַרקער און פרישער. מער ווי אַלע מאָל האָט דער וועג אין אים אויפגעוועקט אומ־קלאָרע האָפענונגען, אינעווייניגסטע נעדולד און עפּעס אַ קווי־קנדיגע נשמה־בענקעניש. ער לאָזט זיך איצט אויף לאַנג אין דער פרעמד. ווער ווייס נאָך, וואָס ס׳וועט זיין. חיים האָט גע־קלערט, אַז אַ וועג האָט בכלל דעם כח צו שטאַרקן אַ מענשן. דאָס איז דאָך, ווי מ׳רעדט אין חסידות, דער ענין פון הלוך ונסע. ער וויל איצט אָבער מער קיין חסידות ניט קלערן. טאַקע ניט!

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ רגע האָט ער זיך אומ־געקוקט אויף דער רחבות פון די דרימלענדיגע פעלדער און אויף דעם בלויען אויסגעשטערנטן הימל, וואָס האָט זיך אַזוי הויך און הייליג געוועלבט איבערן קאָפּ. און געלאָזט זיך גיין ווייטער, האָט ער מיט גרויס ליבשאַפט און בענקשאַפט אָנגעהויבן חזרן אויסווייניג משניות. מיט יעדן טאָג האָט ער זיך אַליין מער צוגעקלעפּט צו אָט די פּשוטע, לויטערע קלאָרע משניות־ווערטער. איינע נאָך די אַנדערע, זיינען אָט די משניות־ווערטער איצט מיט גרויס בענקשאַפט און ציהעניש אין דער נאַכט־שטילקייט אַריינגעפאַלן.

שטילע וואַרעמע נאַכט־ווינטעלעך האָבן פון אַלע זייטן געווייעט אויף חיימס פּנים און קוים־קוים באַוועגט די שפּיצן פון זיין גרויסער שוואַרצער באָרד. און אַרום פון דער נאַכט האָבן זיך געטראָגן אַזוינע שטילע קולות, אַז נאָר אַ נשמה אין די טיפענישן האָט זיי געהערט. מיט אַלץ גרעסערער בענק־שאַפט האָט חיים גייענדיג געחזרט משניות. עס איז אים איינ־געפאַלן אַ רעיון: אויף אַ געשטאָרבענעם זאָגט מען משניות און אַ געפאַלענער, וואָס איז ניט ווייט פון אַ געשטאָרבענעם, זאָגט אויף זיך אַליין, ווי אויף אַ נפטר, משניות. מילא—זאָל זיין אַזוי. געגוג מיט די חקירות! אויפן גרויסן שליאַך דאַרף מען קיין חקירות ניט האָבן. קודם כל מוז ער זעהן, אַז ביי דער ער־שטער מעגליכקייט זאָל זיך היינט דער גוף גוט אויסשלאָפן. און אויף מאָרגן וועט ער זיך מיט פרישע כחות לאָזן גיין ווייטער. וואו ער וועט טאָגן, וועט ער ניט נעכטיגן. ער וועט אַליין זעהן, אומעטום זוכן, ער וועט זיך כסדר האַלטן ביים גרויסן שליאַך. ווער ווייס, וואָס וועט נאָך זיין... מ׳מוז נאָר דערווייל זאָרגן, אַז...

פלוצים האָט חיים דערהערט פון הינטן אַ געשריי פון אַן אָנפאָרנדיגן קוטשער. חיים איז אָפּגעשפרונגען אָן אַ זייט

און זיך אומגעקוקט. אין דעם טונקל פון דער נאַכט האָט ער באַלד דערזעהן צוויי פערד, וואָס האָבן האַסטיג געהויבן די קאָפּיטעס. אַרום דעם הויכן זייץ פון דעם קוטשער האָבן פון ביידע זייטן געלויכטן צוויי לאַמטערנס. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ פריצישע האַלב־אָפענע קאַרעטע. חיים האָט גלייך דערקענט ברײנערס קאַרעטע, וואָס ער האָט ערשט היינט בייטאָג געזעהן אַרום קאָסטינקע. דער קוטשער האָט שטייף אָנגעצויגן די לייצעס און האָט איצט עטוואָס פאָרזיכטיג לאַנג־זאַמער געפירט די פערד. דורכפאָרנדיג פאַרביי האָבן די לאַמ־טערנס געוואָרפן אַ גרויען שיין אויף חיימען מיט זיין גרויסער באָרד. פּלוצים האָט אַ געשריי אָפּגעשטעלט די פערד.

— שטיי! — דאָס האָט ברײנער אַ געשריי געטאָן, אָנרירנדיג דעם קוטשערס פּלייצעס מיטן זילבערנעם הענטל פון זיין מאַסיוון שטאָק. ברײנער האָט זיך אַריבערגעוואָרפן איבערן האַלב־אָפענעם טייל פון קאַרעטע און אַ זאָג געטאָן אין דער זייט צו חיימען:

— דאָס זענט איר, דוכט זיך, דער ייד מיט דער גרויסער באָרד, וואָס האָט נעכטן געטאַנצט ביי גראַבאָווערן אין שאַלאַש?

חיים האָט זיך אַוועקגעמאַכט:

— כ'ווייס, אַ סך יידן האָבן נעכטן דאָרט געטאַנצט אין שאַלאַש....

איצט האָט אַפּנים ברײנער אינגאַנצן אים דערקענט. איז ער מעשה יעגער מיט איין שפּרונג אַראָפּ פון דער קאַרעטע, צוגעגאַנגען צו חיימען און מיט אַ ברייטער עטוואָס לאַכנדיגער שטימע געזאָגט:

— זעהט נאָר, די גאַנצע וועלט פאָרט צום רבין אין שטעטל און מיר זיינען, דוכט זיך, די איינציגע, וואָס פאָרן פון שטעטל...

חיים האָט זיך אויפגערעגט:

— נו, איז וואָס ווילט איר?

— זייט נאָר ניט ברוגז. איך פאַרגלייך אייך ניט מיט מיר. איך בין אַוועק פון שטעטל, ווייל כ'בין ניט קיין חסיד, און איר, ווייל איר זענט מסתמא אַ חסיד פון אַן אַנדער רבין. דער סך־הכל איז אָבער איינער—זאָל דאָס אייך אָנשטיין. איר פרעגט, וואָס איך וויל? כ'וועל עס אייך זאָגן קורץ און אָפן. איר זעהט מיר אויס אַן אומגעוויינליכער מענש אָדער איר זענט אין אַ אומגעוויינליכן מצב. און איך האָב זעהר גערן אומ־געוויינליכע זאַכן. כ'בעט אייך אַראָפּפאָרן צו מיר איבערנעכ־טיגן. דאָס גאַנצע שטעטל ווייס, אַז איך בין טאַקע אַ גוי, נאָר מיין ווייב איז אַ פרומע יידענע און האַלט אַ יידישע שטוב: יידישע קצבים, יידישע קעכערינס... מיין ווייב ברענגט נאָך אַלע ווייבע מלמדים און משגיחים. ווייסט זיי דער גוטער יאָר.... אַזוי אַז ערליכע יידן עסן ביי מיר אין שטוב. אָבער שלאָפן מעג מען דאָך ביי מיר אין שטוב אודאי—דאָס מעג מען דאָך אַפילו ביי אַ גוי. פאָרט מיט מיר, כ'בעט אייך...

ברייננערס רייד האָבן זיך טאַקע געלעגט אויפן שכל. באמת האָט דאָך חיים אַליין נאָך פריהער געקלערט ערגעץ וואו צו איבערנעכטיגן, כדי לאָזן זיך אויף מאָרגן מיט פרישע כחות אין וועג.

חיים האָט אַ ווײלע זיך געקווענקלט און געזאָגט:

— כ'וועל צו אייך פאָרן, נאָר מיט איין תנאי...

— אַז וואָס?

— איר זאָלט מיך גאָר ניט פרעגן וועגן מיר, און איך וועל אייך וועגן דעם גאָרניט ענטפערן...

— אָפּגעמאַכט — האָט ברייננער פריליך אויסגעשריען — כ'פאַרשטיי שוין, אַז מיט אייך איז מוראדיג אָנצוהויבן זיך...

ברייננער האָט געעפנט דאָס טירל פון קאַרעטע און געהאָלפן חיימען אַרויפגיין. באַלד איז ער אַליין אַרויפגעשפרונגען און

צוגעקלאַפּט דאָס טירל. די פערד האָבן זיך אומגערולדיג אַ ריס געטאָן פון אָרט און זיך האַסטיג געלאָזט ווייטער פאָרן.

אין דער קאַרעטע זיינען בידע געזעסן אויבן אָן. ברײנער איז געזעסן רעכטס, שטאַרק אויפגעלעגט, מיט דעם מאַסיוון שטעקן אין דער האַנט, און חיים איז געזעסן לינקס, די הענט פאַרלעגט אין די אַרבל, עטוואָס איינגעהויקערט, דער טלית און תפילין אין דעם ברוינעם זעקל אונטער דעם לינקען אָרעם. אַ ווײלע האָבן זיי בידע געשוויגן. חיים האָט פאַרטראַכט געקוקט פאָראויס.

ברײנער האָט געהייסן דעם קוטשער גיכער אָנטרייבן די פערד. און אָט האָט זיך די קאַרעטע פאַרקערעוועט לינקס און איז אין עטליכע מינוט אַריין אין אַ געדיכטן וואַלד. ערשט איצט האָט ברײנער אַ זאָג געטאָן:

— אָבער ווי מ׳רופט אייך, מעג מען וויסן?

— חיים...

— כ׳וויל מיט אייך, ר׳ חיים, אויך אויסנעמען אַ תנאי: וואָס איר וועט ניט זעהן ביי מיר אין שטוב, זאָלט איר זיך ניט אַריינמישן און ניט מאַכן קיין איבעריגע שאלות. איך זאָג אייך פריהער: מיינע קינדער האָבן אויף היינט אין אָוונט צונויפגערופן יונגע פּריצים. מיין טאָכטער וועט מסתמא שפּילן אויף אַ האַרפע, מ׳וועט זינגען און טאַנצן. דאָס אַלץ דאַרף אייך ניט אָנגיין. כ׳וועל אייך געבן אַ באַזונדער חדר. מ׳וועט אייך ניט שטערן, איר זאָלט אָבער אויך ניט שטערן...

— גוט — האָט חיים אומגערולדיג אָפּגעשניטן — זאָל זיך דוכטן, אַז מ׳דאַרף איבערנעכטיגן אין אַ גויאישן שענק...

ברײנער האָט זיך אויף זיין פּריציש־ברייטן שטייגער צע־לאַכט אויף אַ קול:

— איר זעהט — האָט ער נאָך האַלב־לאַכנדיג געזאָגט צו חיימען — מיר שטעלן איינער דעם אַנדערן גלייכע תנאים.

דאָס איז שוין אַ צווייט מאָל, אַז בײַ אונז בײדן איז איין סך־הכל. זאָל עס אייך ווייטער אָנשטײן...

חיים האָט געשוויגן.

מ'איז נאָך אַלץ געפאָרן אין גערדיכטן וואַלד, וואו די זומערדיגע נאַכט האָט נאָך שטילער און פינסטערער אויסגע־זעהן. דער קוטשער האָט דאָ פאָרזיכטיג געטריבן די פערד, וואָס האָבן זיך פונדעסטוועגן דאָ און דאָרט פאַרטשעפּעט און די רעדער האָבן זיך ניט זעלטן פאַרהאַקט אין אונטערגע־שפּרונגען.

— מיר דוכט זיך, ר' חיים, אַז איר האָט פונקט ווי איך גאָר ניט פיינט קיין אומגעוויינליכע זאַכן, און איר האָט אויך בגנבה פאַר זיך הנאה, וואָס איר פאָרט צו מיר. אָט איז אייך צום דריטן מאָל אַ גלייכער סך־הכל בײַ אונז בײדן.

בײַ די לעצטע ווערטער האָט זיך ברײנער ווייטער שטאַרק צעלאַכט.

— וואָס זענט איר אַזוי פריילעך, פּאַניע ברײנער?

— נאָר איך בין פריילעך? אין שטעטל זיינען דאָך אַלע איצט פריילעך. אודאי וויל איך זיך ניט גלייכן צו די אַלע חסידים, דער סך־הכל איז אָבער בײַ אונז אַלעמען פאָרט איינער. בײַ מיר איז אומעטום די הויפּטזאַך נאָר דער סך־הכל. אַז מיין עקאָנאָם ברענגט מיר פאַרדרייטע חשבונות, פאָדער איך צוערשט די אונטערשטע שורה. אַ חשבון קען מען וויפיל מ'וויל פאַרפלאָנטערן, נאָר די אונטערשטע שורה ווייזט אָבער בפירוש, וואו מ'האַלט אין דער וועלט. וואָס טויג מיר די גאַנצע דרייערײַ — איך זעה, אַז חסידים האָבן ליב ווי איך אַביסל וויין, טעניץ און ניגונים. דער חסידישער גביר האַלט פעסט זיין פּאַרמעגן, דער חסידישער סוחר שווינדלט נאָך מער פאַר מיר. גבאים שלאָגן זיך פאַר כבוד, מ'פּאַטשט זיך אַפילו אין בית־מדרש. די רביים אַליין פאָרן אַרום ווי איך

אין קאַרעטעס, האָבן גרויסע הויפן, גאָלד און זילבער. מיר חילן אַלע גלייך שטאַרק הנאה האָבן פון דער וועלט. די חסידים גלאָצן נאָך דערביי מיט די אויגן און ווילן זיך נאָך פאַרדאַגהנען אויף יענער וועלט מיט אַ שטיק לויתן און אַביסל וויין, ניט קיין פשוטן וויין, נאָר דעם בעסטן וויין, טאַקע יין המשומר. איך בין אַ קלענערער בעל־תאוה און מיר איז גע־נוג אַביסל וויין אָט דאָ אויף דער וועלט. נאָר וואָס טויגן אַלע פאַרדרייטע חשבונות, די אונטערשטע שורה איז ביי אַלעמען אַ גלייכע, אַלע ווילן לעבן אַ גוטן טאָג. און אַז...

— כ׳וועל אייך, פאַניע ברייגער, — האָט אים חיים איבער־געריסן — אָט וואָס פרעגן. איר ווייסט, וואָס קלערט אַ קאַץ, בשעת זי וואַרעמט זיך ליגנדיג אויפן פענסטער אַנטקעגן דער זון?

ברייגער האָט זיך פאַרוואונדערט אויף אים אומגעקוקט.

— ...די קאַץ קלערט זיך דעמאָלט, אַז אַ מענש און אַ קאַץ האָבן ביידע גלייך ליב סמעטענע. דער עיקר איז נאָר, ווער ס׳פאַרכאַפט פריהער: איז דאָס קריגל מיט סמעטענע אָפּ־געדעקט, באַלעקט זיך די קאַץ, אַניט באַלעקט זיך דער מענש. אויף אַ שטיקל פוטער אָדער אַ שטיקל פלייש זיינען אַ מענש און אַ קאַץ גלייכע בעלנים. אַ קאַץ כאַפּט אַ מייזל און אַ מענש כאַפּט אַ פישל אין וואַסער. די נפקא מינה, קלערט זיך די קאַץ, איז גאָר אַ קליינע. אמת אַ מענש פאַרנעמט זיך נאָך מיט אַנדערע זאַכן, וואָס זעהען אָבער אויס פאַר אַ קע־צישן מות ווי אַ שטיק לויתן אויף יענער וועלט. די אונטערשטע שורה אָבער, קלערט זיך די קאַץ, איז ביי מענשן און קעץ די גלייכע — אַלע האָבן גלייך ליב אַריינצוקייען. און דערצו...

ברייגער האָט צוערשט געלאַכט, באַלד איז ער אָבער ערנסט געוואָרן און האַלב־באַליידיגט האָט ער חיימען איבערגע־שלאָגן די רייד:

— אודאי קענט איר, ווי פיל חסידים, מיט שאַרפע משלים פאַרדעקן דעם נאַקעטן סך־הכל. מיינט ניט, די קאַץ איז גאָר ניט אַזוי אומגערעכט...

— כ'האָב, פאַניע ברײנער, נאָך ניט געענדיגט די מעשה מיט דער קאַץ. ביי די דאָזיגע רעיונות איז די קאַץ צופרידן איינגעדרימלט. פלוצים האָט זי דערפילט אויפן רוקן שטאַרקע קלעפּ פון אַ נאַסן בעזים. ניט טויט און ניט לעבעדיג איז די קאַץ אַרויס דורכן פענסטער, זיך געדראַפּעט אַרויף אויף דער וואַנט, אַרויפגעשפּרונגען אויפן דאַך און זיך דאָרט געלעגט. אַ קעצישער מוח פאַרגעסט זעלטן גיך קלעפּ פון אַ נאַסן בעזים... און די קאַץ האָט איצט מיט גאוה געקלערט, אַז זי איז נאָך העכער פאַר אַ מענשן: זי קען זיך דראַפּען אויף ווענט און אַרומגיין אויף דעכער, אַ מענש אָבער קען נאָר קריכן אויף דער ערד. און טאַקע אין אַ ווײלע אַרום איז די קאַץ ווײטער אַריין אין שטוב און מיט גרויס חוצפה געקראָכן צו דער פוטער אויפן טיש. מ'האָט זי געמוזט ווייטער מכבד זיין מיט אַ נאַסן בעזים. ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ חקירות וואָלטן געווען ביי דער קאַץ, ווען זי וואָלט ניט פאַרגעסן אַזוי גיך די נאַסע בעזימער. איר פאַרשטייט, פאַניע ברײנער, מ'טאָר ניט אויף גיך אונטערפירן די אונטערשטע שורה. איך אַליין האָב זיך ניט לאַנג געריסן צום סך־הכל פון דער וועלט, האָט מען מיך מכבד געווען מיט אַ נאַסן בעזים...

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך חיים פלוצים אויפגערעגט, ער האָט זיך אַזש געהויבן פון אָרט, און אויסשטרעקנדיג די רעכטע האַנט, האָט ער כמעט אויף אַ קול געשריען:

— איר הערט, מ'קאַטעוועט אַזוי איבערן רוקן, אַז אַפילו קעצישע מוחות קענען זיך איבערקערן. קעצישע מוחות!

אין דער זומערדיג־ווייכער אָוונט־שטילקייט האָבן חיימס הויכע רייד מאָדנע אָפּגעהילכט. ברײנער האָט זיך

האַלבּ־דערשראָקן, האַלבּ־פאַרוואונדערט אומגעקוקט אויף דעם אויפגערעגטן יידן מיט דער גרויסער באָרד, וואָס האָט אויף אים אַזוי מאָדנע געבלישטשעט מיט די אויגן. בריינער האָט פאַרזיכטיג געשוויגן. אין אַ מינוט אַרום האָט חיים אַ זאָג געטאָן מיט אַ ווייכער האַלבּ־שולדיגער שטימע:

— כ'בין, פאַניע בריינער, זעהר צערודערט, שוין עטליכע נעכט, ווי איך האָבּ ניט פאַרזוכט ווי געהעריג קיין טעם פון שלאָף. איר וועט האָבּן אַ גרויסע מצוה, אַז איר וועט מיך לאָזן ביי אייך כאָטש איין מאָל זיך אויסשלאָפן...

— כ'וועל אייך, ר' חיים, גלייך אָפּגעבּן אַ באַזונדער חדר, איר וועט דאָרט קענען טון, וואָס איר ווילט... איך וועל שוין מורא האָבּן מיט אייך מער אָנצוהייבּן זיך. כ'האָבּ בכלל ניט ליבּ קיין חקירות. הערט איר, ביי מיר איז אַן עלטערער ברודער אַ פאַרקאָכטער ערליכער ייד און מיין איידעם איז, פאַרקערט, אַ שאַרפער אַפּיקורס, אַ פאַרבּרענטער משכיל, רייסן זיי זיך ביידע תמיד ווי די קעץ. און מיר גייען זייערע רייד אָן ווי דער פאַראַיאָריגער שניי. כ'לעבּ מיר אויף מיין שטייגער און וויל קיינעם קיין שכל ניט לערנען. נאָר אייער מעשה מיט דער קאַץ, מוז איך זיך מודה זיין, איז מיר אַריין אין נאָז...

די קאַרעטע איז שוין אַרויס פון געדיכטן וואַלד און האָט זיך איצט האַסטיג געטראָגן צווישן גרויסע ברייטע לאָנקעס. אין אַ ווײַלע אַרום האָבּן פון ווייטן אָנגעהויבּן שימערן פייערליך.

— איר זעהט — האָט בריינער געזאָגט, ווייזנדיג מיט דער רעכטער האַנט אויף די פייערליך—אָט באַלד זיינען מיר אין דער היים. מיר פאָרן שוין אויף מיין גוט, דער גרעסטער טייל פון וואַלד געהערט אויך מיר...

## XIV. אין ברײנערס פּאַלאַץ—װידער „א גרױסע שׂרפֿה"

װאָס װײַטער מ'איז געפֿאָרן, אַלץ דײַטליכער זײַנען געװאָרן די פֿײַערליך און אַלץ מער האָבן זיך אױסגעטײלט די אומגעװײנליך שײנע געבײדעס פֿון ברײנערס גרױסן הױף.

אָט דעם פּריצישׂ־גרױסן הױף מיט דעם גאַנצן גוט האָט ברײנער צוריק מיט יאָרן אָפּגעקױפֿט בײַ די יורשים פֿון אַ יעקאַטערינער װעלמאָזשע, װאָס האָט אין זײַן צײַט אױפֿגעשטעלט דעם הױף מיט אַ מאָדנער אײגנאַרטיגער רחבֿות און אַ אומגעװײנליך אײדלען גלאַנץ. די יורשים האָבן דעם הױף אַ צײַט לאַנג פֿאַרנאַכלעסיגט, נאָר ברײנער האָט קױפֿנדיג דעם גוט באַנײַט דעם אַלטן גלאַנץ מיט אַ אײנענעם נײַעם קנאַק.

אין מיטן פֿון דעם אומגעהױערן הױף האָט זיך אױפֿגעהױבן אַ גרױסער צװײגאָרנדיגער פּאַלאַץ מיט שײן געבױטע איבערשטיבלעך. דאָס טשיקאַװע איז געװען, װאָס ניט געקוקט אױף זײַנע פֿאַרשײדענע קונסט־װערק, האָט דער פּאַלאַץ אױסגעזעהן צניעותדיג אײנפֿאַך. די זעלטענע מאַלערײען אױף די װענט, די אומגעװײנליך פֿײַנע שניצערײען און פֿאַרשײדענע אַנדערע קונסט־אַרבעט—אַלץ אינאײנעם האָט געשאַפֿן אַן אײגנאַרטיגן סטיל פֿון מיסטישער פּראַסטקײט און רעליגיעזער שטילקײט. אױף דער פֿראָנטזײַט פֿון פּאַלאַץ איז געװען קונציג אױסגעשניצט אַ לאַטײנישע אױפֿשריפֿט — DEUS MEUS

PROTECTOR MEUS — מיין גאָט איז מיין באַשי־צער. דער פּאַלאַץ האָט פון אַלע פיר זייטן גרויסע טעראַסעס און באַלקאָנען. אַ צוואַנציג שריט פון טויער, מער אין דער לינקער זייט פון הויף, האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר דעם פּאַ־לאַץ אַ קיילעכדיג, גאַנץ טיף טייכל מיט אַ קונציג געבויט בריקל איבער אים. פון יענער זייט פּאַלאַץ האָט זיך געצויגן אַ שיינער גרויסער פּאַרק. יעדער באַלקאָן און טעראַסע פון יעדער זייט האָט געהאַט אַ באַזונדער שיינעם אויסקוק אויף דער רייכער, שיינער געגנט.

דער טויער פון הויף איז היינט אַ גאַנצן אָוונט אָפן, ווייל ס'זיינען אָנגעקומען תשובע געסט אין הויף און ווייל מ'האָט געוואַרט אין הויף אויף פּאַני בריינערן. דערפאַר זיינען אויך געשטאַנען ביים אָפענעם טויער פוןביידע זייטן צוויי דינער, וואָס האָבן געהאַלטן אין די הענט צוויי פאַרביגע לאַמטערנס. דאָס איז געווען אין הויף איינער פון די אַלטע מנהגים, וואָס בריינער האָט אונטערגעהאַלטן.

דערזעהן פון דער ווייטן די אָנקומענדיגע קאַרעטע, זיי־נען די ביידע דינער אָפּגעגאַנגען פון טויער עטליכע טריט אַנט־קעגן דער קאַרעטע און זיך אָפּגעשטעלט. עטוואָס אָננעבויגן דעם קאָפּ, האָבן זיי געוואַרט ביז די קאַרעטע איז דיכט אָנגע־קומען, דעמאָלט האָבן זיי זיך ווידער געשטעלט ביים טויער פון ביידע זייטן, און אויסשטרעקנדיג זיך האָבן זיי געהויבן די פאַר־ביגע לאַמטערנס און הכנעהדיג באַגריסט דעם האַר פון הויף. די קאַרעטע איז לאַנגזאַם אַריינגעפאָרן דורכן טויער. פון אַ זיי־טיגן פליגל זיינען אַ פאָר דינער אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן.

— דאָ בין איך אַ רבי — האָט בריינער שמייכלענדיג געזאָגט צו חיימען — אָבער איך וועל מער ניט דערמאָנען וועגן דער אונטערשטער שורה...

כמעט אַלע פענסטער האָבן פון אַלע זייטן יום־טובדיג

געלויכטן אין דער וואַרעמער נאַכט אַריין. פון דער אָפענער
וועראַנדע, וואָס גייט אַרויס פון יענער זייט הויז אין פאַרק אַריין,
האָט זיך געטראָגן אַ פריילעכער געטויש פון לעבעדיגע שמועסן,
געזאַנג און געלעכטער. די קאַרטעטע איז פאַרביי דעם טייכל צו־
געפאָרן צום הויז און זיך אָפגעשטעלט ביי דער פאָדערשטער
וועראַנדע. און דאָ האָט האָט גלייך געטראָפן אַ קליינינקייט, וואָס האָט
אָבער שפעטער באַקומען אַ געוויסע באַדייטונג. חיים און ברײ־
נער זיינען נאָר וואָס אַראָפגעגאַנגען פון קאַרעטע, און ניט
ווייט פון זיי, אַן ערך עטליכע טריט, איז פלוצים אויסגעוואַקסן
אַ גרויסער הונט.

ביי ברײנערן אין פאַלאַץ און אין הויף איז ניט געווען
קיין זכר פון הינט, די דינערס פלעגן זיי האַלטן אין אַ זייטיגן
פליגל נאָר צוליב אַ געיעג. אַפילו די פריצים, וואָס קומען צו
אים אין געסט, פלעגן לאָזן די הינט ביי די קאַרעטעס. דער
הונט, וואָס איז איצט פלוצים אונטערגעשפרונגען, איז אַפנים
געווען איינער פון די פרעמדע הינט, וואָס זיינען אָנגעקומען
מיט די פריצישע געסט. אומגעריכט האָט דער הונט מיט אַמאָל
אָנגעהויבן צו בילן און צו וואַרפן זיך אויף חיימען—מיט אַזאַ
אומגעוויינליך בייזן אימפעט, ווי ער וואָלט אים גלייך וועלן צע־
רייסן. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי פלוצים, אַז צוערשט האָבן
זיך אַלע ווי צעמישט און ניט געקענט איינשטילן דעם ווילד־צע־
בייזערטן הונט. חיים האָט אָבער גלייך דערקענט דעם הונט,
וואָס איז מיט אַ פאָר טעג צוריק אויף אים אין שענק אָנגע־
פאַלן. און ווי דערמאָלט אין שענק, איז חיים אויך איצט אַ פאָר
שריט צוגעגאַנגען לאַנגזאַם נאָר זיכער אַנטקעגן דעם הונט,
קוקנדיג אים אין די אויגן אַריין.

— בערנאַרד!

און ווי דערמאָלט האָט זיך דער הונט גלייך און געשווינד
אומגעקערט, און לויפנדיג צוריק האָט ער נאָר אויף אַ הינטישן

שטייגער טרויעריג געכריפעט. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין אַ פאַרלויף פון אַ קאַרגע פאָר מינוט. די מעשה אין שענק האָט געלאָזט אין בערנאַרדן יענע אומקלאָרע האַלב־דער־שטיקטע אומרוהה, וואָס אַ הינטישער מוח קען ניט אַזוי גיך פאַרגעסן. און טאַקע ווי ער האָט נאָר פון דער ווייטן דערשמעקט דעם ריח פון חיימען, איז ער ווי אַ בליץ אויפגעשפרונגען. מיט אַלע זיינע הינטישע נערוון האָט ער געשפירט, אַז ער מוז זיך שוין מיט „אָט דעם" אָפּרעכענען, טאַקע שוין, די רגע און וואָס פריהער. און איצט איז ער ווייטער געלאָפן אַ דערשלאָגענער צוריק און טרויעריג געכריפעט.

— ווי קומט איר צו קענען וואַסילענקאָס הונט, בערנאַרדן?

— האָט ברייגער שטאַרק פאַרחידושט געפרעגט ביי חיימען. חיים האָט ניט געענטפערט.

זיי זיינען ביידע אַרויף אויף דער ווערעאַנדע, וואו ס'זיינען אַרויס אַנטקעגן זיי: ברייגערס פרוי, זיין ברודער, קרובים און נאָ־הענטע באַקאַנטע. ברייגער האָט זיי באַגריסט אויף גויאיש. זיין פּנים איז איצט ערנסט און שטרענג געוואָרן. אַן אַלטער בכבודי־גער דינער מיט באַקנבאַרדן האָט אַראָפּגענומען פון ברייגערן דעם מאַנטל און דעם הוט, און אויסשטרעקנדיג זיך, האָט ער אויף גיך ווי אַ ראַפּאָרט געלייענט:

— אויף דער פאַרק־ווערעאַנדע זיצן די אָנגעקומענע געסט: גראַף יאַשינסקי, פאַן וואַסילענקאָ, מאַיאָר בוראָוו, גראַף...

— זאָג דאָרט, אַז איך וועל גלייך אַריינקומען — האָט ברייגער איבערגעריסן דעם דינער, דערביי איז זיין פּנים נאָך ערנסטער און שטרענגער געוואָרן. — די מינוט מאַך צו־רעכט פאַר דעם גאַסט דאָס ביבליאָטעק־צימער און צינד דאָרט אָן ליכט...

אַלע האָבן דערווייל געקוקט פאַרוואונדערט און נייגעריג אויף דעם אָנגעקומענעם יידן מיט דער גרויסער באָרד, וואָס

האָט אַזאַ אומגעוויינליך אויסזעהן. נאָר ברײנער איז ווידער היימיש און אויפגעלעגט געוואָרן און אַ זאָג געטאָן צו זיין פרוי אויף יידיש:

— כ'האָב אַ גרויסן אורח געבראַכט אויף נאַכטלעגער. דאָס איז ר' חיים, כ'האָב זיי געטראָפן אויפן וועג. זיי זיינען געגאַנגען צופוס, האָב איך זיי איינגעבעטן אַראָפצוקומען צו אונז נעכטיגן. זעצט זיך, ר' חיים, כ'האָב שוין געהייסן אָנגרייטן אַ חדר פאַר אייערטוועגן...

אַלע האָבן חיימען אָפגעגעבן שלום, די מייסטן האָבן עס געטאָן ניט ווי געוויינליך—מיט איידל־אָפגעמאָסטענע תנועות. חיים האָט גלייך דערפילט, אַז ער איז אין אַ „אַריסטאָקראַטישער" שטוב. נאָר ברײנערס פרוי חוהלע האָט אים באַגריסנדיג אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, מיט דעם נאַטירליך־פשוטן אָפּשיי פון אַן עלטערער יידענע אַנטקעגן אַ שיינעם יידן.

חוהלע איז געווען אַ הויכע, דיקע פרוי מיט אַ בלאַס, שטאַרק געקנייטשט פנים. דער פיין־פאַרקעמטער פאַריק מיט די בריליאַנטענע שפּילקעס, די פיינע זיידענע קליידער און די איידעלע פאָסטעמקעס האָבן, ווי אַלץ אַרום, אַרויסגעוויזן די פריצישע גרויסע רחבות פון פאַלאַץ. נאָר די האַלבאויסגעלאָשענע, טיף־טרויעריגע אויגן, דאָס פרום־דערשלאָגענע אויסזעהן פון פנים—דאָס האָט אַרויסגעוויזן אַ טיף ליידנדיגע, נאַטירליך פשוטע ערליכע יידענע, וואָס טראָגט אין זיך אַ באַהאַלטענעם נשמה־ווייטאָג.

מ'האָט זיך געזעצט צום טיש, אויף וועלכן עס האָבן געברענט ליכט אונטער גלעזערנע קאָלפאַקעס. אַ ווייכע קוויקנדיגע פרישקייט האָט זיך פון דער אַרומיגער זומערנאַכט געטראָגן אויף דער וועראַנדע. אַלע, חוץ ברײנערס עלטערן־ברודער (ברײנער האָט געזעצט חיימען נעבן זיך), זיינען געזעסן אָהן די היטלען. דאָס איז געווען פאַר חיימען אַזוי אומגעוויינליך,

אַז ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און ערשטוינט אַ זאָג געטאָן:

— צום ערשטן מאָל זעה איך, יידן זיצן מיט נאַקעטע קעפּ ווי אין אַ באָד...

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— און כ'זעה צום ערשטן מאָל — האָט ברײַנער לאַכנדיג געזאָגט — אַז אַ ייד, וואָס טראָגט אַ היטל און אַ יאַרמולקע, זאָל אַוועקגייז בײַנאַכט פון שטעטל, וואו דער רבי איז ערשט אָנגעקומען...

בריינער האָט ווי מיט אַ כיון געריצט חיימען, כדי אַרויס־צורופן אים אויף רייד. דערוויילל איז דער דינער אַריין מיט אַ ידיעה, אַז דאָס צימער פאַר חיימען איז שוין פאַרטיג צוגע־קליבן.

— דאָס איז גאָר קיין שאלה ניט — האָט אַ זאָג געטאָן ברײַנערן זיין עלטערער ברודער—יעדער חסיד האָט זיין רבין און צו אַ פרעמדן רבין גייט ער טאַקע ניט. אָט בין איך אַ רו־זשינער חסיד, און בין טאַקע דערפאַר היינט ניט געפאָרן אין שטעטל צו...

חיים איז עפּעס פלוצים שטאַרק צערודערט געוואָרן. ער האָט זיך האַסטיג אויפגעהויבן פון שטול און אומגעדולדיג פאַרצאָרנט אַ זאָג געטאָן צו ברײַנערן:

— איר האָט מיך גערופן צו אייך איבערנעכטיגן, טאָ לאָזט מיך גיין אָפּרוהען. איך בין ניט געקומען צו אייך צו געסט און האָב דאָ ניט וואָס צו שמועסן...

די לעצטע ווערטער האָט חיים כמעט אויסגעשריען. האַלב־פאַרוואונדערט זיינען אַלע פון טיש אויפגעשטאַנען, נאָר בריינער האָט הנאהדיג געשמייכלט. אים איז געווען אינגאַנצן אַ טשוי־קאַוועס אָנצוקוקן אָט דעם אומגעוויינליך קאָכיגן יידן, וואָס האָט אים אַליך מער געריצט ווי אַן אייגנאַרטיגע רעטעניש.

— בייזערט זיך ניט, ר׳ חיים, אייער חדר וואַרט שוין לאַנג אויף אייך, איך פיר אייך גלייך אַהינצו...

— אפשר וועט איר עפּעס טרינקען אָדער עסן—האָט חוה מיט גרויס אָפּשיי זיך שטאַרק געבעטן — איר זענט דאָך ערשט געקומען פון אַ וועג...

— כ׳וויל גאָרנישט — האָט חיים שאַרף און בייז אָפּגעשניטן.

עטוואָס גייענדיג פאַר פריהער, האָט ברײַנער געפירט חיימען אין זיין חדר, דערביי האָבן זיי געדאַרפט דורכגיין אַ גאַנצע שורה פון העל־באַלויכטענע חדרים. אַריבערגעטראָטן איבערן שוועל, האָט זיך חיים אומאַנגענעם אַ קנייטש געטאָן, דער אומגעוויינליך רייכער גלאַנץ פון די פּאַלאַץ־חדרים האָבן ממש פאַרבלענדעט די אויגן. חיים האָט גייענדיג בייז געשוויגן און ניט געוואָלט איין וואָרט ענטפערן ברײַנערן, וואָס האָט געהאַלטן עפּעס אין איין דערציילן. חיים איז נאָך מער צערודערט געוואָרן. ס׳האָט אים שוין שטאַרק פאַרדראָסן, למאי האָט ער זיך אינגאַנצן אַהער געלאָזט. שדים האָבן אים געטראָגן צו אָט דער טויט־פרעמדער פאַרבלענדעניש. און אפשר איז דאָס אַן השגחה, אַז ער זאָל דאָס אויך זעהן, איידער ער לאָזט זיך אויפן גרויסן שליאַך. ווי אינדערפריה האָט ער זיך איצט ווייטער געפילט טויט־מיד און צעבראָכן. אָט זיינען זיי דורכגעגאַנגען אַ חדר, וואו פון ביידע זייטן זיינען די ווענט אויף זייער גאַנצער לענג געווען באַדעקט מיט גרויסע שפּיגלען אין באַגאָלדעטע געשניצטע ראַמען. חיים האָט גייענדיג מיט אַ ניטווילנדיגן קוק דערזעהן אין שפּיגל זיין צערודערטע געשטאַלט. האָט ער דערשראָקן אַ ציטער געטאָן און זיך האַסטיג געלאָזט גיין.

— וואָס לויפט איר אַזוי, ר׳ חיים, אָט דאָ דאַרפן מיר אַרויפגיין...

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן אויף מאַרמאָרנע טרעפּלעך,

וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט טונקל־געפאַרבטע טעפּיכן און האָבן געפירט אויפן צווייטן גאָרן אין ביבליאָטעק־צימער. גייענדיג אויף די טרעפּ, האָט זיך חיים פּלוצים פאַרגאַפט אָפּ־געשטעלט און זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן: פון די אָפענע פענסטער האָט זיך ווי פון דער שטילער נאַכט אַרויס פּלוצים דערהערט אַ זיסע טרויעריגע נגינה, וואָס האָט ממש פאַרן האַרצן פאַרנומען.

— וואָס איז דאָס? וואו שפּילט מען דאָס פּלוצים?

ברײנער האָט זיך צעלאַכט:

— כ'האָב דאָך אייך נאָך פאָרנדיג געזאָגט, אַז היינט וועט מסתמא מיין טאָכטער שפּילן אויף דער האַרפּע. וואָס האָט איר זיך אַזוי פאַרוואונדערט?

חיימען האָט מאָדנע געשווינדלט אין די אויגן. זיין אויסגע־מאַטערטער און צערודערטער מוח האָט ניט געקענט ביישטיין אַנטקעגן דער אומגעוויינליך־פּלוצימדיגער נגינה, וואָס האָט מיט אַמאָל אַליין ווייכער און ציטערדיגער געמאַכט די נשמה.

זיי זיינען אַריין אין ביבליאָטעק־צימער. דאָ זיינען גע־שטאַנען אַרום די ווענט גרויסע שאַפעס מיט גלעזערנע טירן, אָנגעפילט מיט פיין־געבונדענע ביכער. נאָר אין מערב־זייט איז געשטאַנען אַן אַלטמאָדישע אָפענע שאַפע מיט אַלטע יידי־שע ספרים. ביי אָט דער שאַפע אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ בעט, וואָס איז געווען באַצויגן מיט פרייש וועש. אין מיטן חדר איז געשטאַנען אַ קיילעכדיגער טיש, באַדעקט מיט אַ רויטן אַטלאַסנעם טישטוך און ניט ווייט אין אַ ווינקל — אַ גרויסער שיינער שרייבטיש. די פענסטער זיינען אינגאַנצן אָפן געווען און נאָר פון די זייטן זיינען זיי עטוואָס באַדעקט מיט האַלב־פאַרצויגענע, בלויע, זיידענע פאָרהאַנגען.

און דורך די אָפענע פענסטער האָבן זיך אויך דאָ געהערט די שטילע קולות פון דער האַרפּע, וואָס זיינען איצט נאָך

ווייכער און טרויעריגער געוואָרן. ברײנערן האָט באַאומרו־
היגט, וואָס חיים האָט זיך אינגאַנצן אין פּנים געענדערט. די
אויגן האָבן זיך ביי אים ווי מיט אַ נעפּל באַדעקט.

דאָס נייע אָרט, די נייע מענשן, דער זעלטענער גלאַנץ,
דער אומגעוויינליכער איפּנאַם, די שררותדיגע ברייטקייט און
פּריצישע געהויבנקייט, דער גאַנצער גויאישער שטייגער, פון
וואָס ס׳שלאָגט נאָך דאָ און דאָרט אַ יידישער אדער—דאָס
אַלץ האָט שטאַרק געדרייצט חיימען און אים ווייטער אַרויסגע־
בראַכט פון זיין רוה. דערהויפּט אָבער האָבן די אומגעריכטע
קולות פון דער האַרפע אַ קלאַפּ געטאָן אויף די ציטעריגע סטרו־
נעס פון זיין צערודערטער נשמה. ס׳האָט אים ווייטער אָנגע־
הויבן עטוואָס שווינדלען אין די אויגן.

— ביי מיר זיינען פאַראַן — האָט ברײנער געזאָגט — באַ־
זונדערע חדרים פאַר געסט, נאָר אייך האָב איך געהייסן
מאַכן אַ בעט דאָ, ווייל אָט דאָ געפינט זיך, זעהט איר, אַ שאַפע
מיט יידישע ספרים, וואָס כ׳האָב באַקומען בירושה פון מיין
שווער. איצט קענט איר אייך טון, וואָס איר ווילט. אַ גוטן אייך,
ר׳ חיים...

ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר, האָט זיך אָבער
באַלד אומגעקערט און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל:

— מיר געדענקט זיך פון אַמאָל אַ גמרא־ווערטל, וואָס
הייסט, דוכט זיך, אַז וואָס דער בעל־הבית זאָגט, דאַרף מען
פאָלגן. כ׳האָב אָבער צו אייך אַ קליינע בקשה. די מעשה
איז אַזוי: מיינע גויאישע געסט וועלן מסתמא באַלד אַוועק־
גיין, איז אויב איר וועט נאָך דעמאָלס ניט שלאָפן, בעט איך
אייך זעהר אַ ווילע מיט אונז אינאיינעם ביים טיש צו עסן. כ׳זאָג
אייך צו, אַלע וועלן זיצן אין די היטלען און די ווייבער וועלן
זיצן באַזונדער פון דער ווייטן. און איר קענט אייך טון ביים
טיש, וואָס איר ווילט, כ׳בעט אייך זעהר. זאָגט איר מיר צו?

— נו — נו! — האָט חיים צעטראָגן און אומגעדולדיג אַ מורמל געטאָן, שטייענדיג מיטן פּנים צו דער שאַפּע ספרים. בריינער איז גלייך אַרויסגעגאַנגען.

חיים איז אַליין געבליבן שטיין אין חדר. ער האָט ניט־ווילנדיג דעם קאָפּ אַ קער געטאָן צום פענסטער, וואו אין דער שטילער נאַכט האָט די האַרפּע מיט אַלץ גרעסערער מתיקות גע־רופן און געוועקט. אַ כלות הנפשדיגע ציהעניש האָט זיך אין חיימען אויפגעכאַפּט. אין גרויס בענקעניש האָט ער אַ צוק געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער. איז ער האַסטיג צוגעגאַנגען צו דער שאַפּע ספרים, האָט דאָרט אַרויסגעפונען אַ משניות און זיך באַלד געזעצט צום קיילעכדיגן טיש ביים אָפענעם ספר. האָט ער איצט ערשט רעכט דערפילט דעם אינעווייניגסטן חיות פון די משניות־ווערטער, וואָס ער האָט מיט גרויס שמחה געשלונגען. נאָר מיט יעדער רגע ווערן די הייליגע ווערטער אַלץ ליכטיגער און ברייטער, און אָט האָבן זיי זיך אויף דער גאַנצער וועלט אַרום צעשפּרייט. עס האָט ממש אויסגעזעהן, ווי פון אָפענעם ספר פליהען די הייליגע אותיות און צעגיסן זייער אינעווייניגסט ליכט אויף גאָר דער וועלט. חיים האָט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט דער האַנט און פאַרגאַפט געשמייכלט. עס איז אים גאָר אַרויס פון זינען, אַז ער איז אייגנטליך אַ געפאַלענער. די נשמה האָט זיך אויסגעטאָן פון זיך אַליין און איז מיט דער גאַנצער וועלט אַרום אין גרויס מתיקות אויסגעגאַנגען. חיים האָט פון שמחה געוואָלט אויפשרייען, זיך אַ ריס טון ערגעץ ווי אַ וויכער. נאָר די גרויסע שמחה האָט יעדן קול און יעדע תנועה איינגע־נומען. חיים האָט זיך פון אָרט ניט גערירט און איז אַלץ טיפער אַריין אין דעם אינעווייניגסטן שטורעם פון דער לויטערער וועלט־שטילקייט. ער האָט גאָרניט באַמערקט, ווי לאַנג ער איז אַזוי גע־זעסן. דורך די אָפענע פענסטער האָט מען ניט קיין ווינטל, קיין שאָרעך—די נאַכט האָט דעם אָטעם איינגעהאַלטן און איז פון

דער גרויסער שמחה פאַרכאַפּט. די בלויע ויידענע פאַרהאַנגען, דאָס שפּאָגל־נייע בעטוועש, די שטיל ברענענדיגע ליכט, די גלעזערנע שאַפעס—אַלץ, אַלץ האָט אין גרויס שמחה געשוויגן און נעגאַפּט.

פלוצים האָט זיך געעפנט די טיר און אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן אַ גרויס־וואוקסיגע פרוי אין שוואַרצע ויידענע קליידער. דאָס איז חוהלע ברײנער שטיל אַרײנגעגאַנגען און איז מיט גרויס אָפּשײ בײ דער טיר שטײן געבליבן. דערזעהן חיימס פאַרגאַפּט פּנים, איז זי אין שרעק אָפּהענטיג געוואָרן און האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן. זי האָט מיט ציטערניש דערפילט, אַז זי שטייט פאַר אַן אומגעוויינליכן יידן. אויף איר איז אַ מורא אָנגעפאַלן און אָט האָט זי זיך פלוצים טאַקע גאָר ווי אַ יידענע צעוויינט אויף אַ קול:

— רבי, ווי ראַטעוועט מען די נשמה אין דעם הויז?

חיים האָט זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן. ווי פריהער איז ער געזעסן אָנגעשפאַרט מיטן קאָפּ אויף דער האַנט און האָט פאַרגאַפּט געשמייכלט. און דוקא דערפאַר, וואָס ער איז געווען אָפּגעטראָגן פון דער וועלט, האָט ער געפילט דאָס אינעווייניגסטע חיות פון דעם עצם וועלט אַליין. ער האָט נאָר זיין גליהענדיגן בליק אויפגעהויבן צו חוהלען און זיך מיט גרויס שמחה אַרײנגעלאָזט אין דעם חיות פון אַ מענשליכן שמועס, פון כלומרשט אײנפאַכע רייד און ווערטער:

— ווי רופט מען אייך?

— חוה!

— זאָרגט ניט, חוה, זאָרגט ניט...

— ווייסט איר — האָט חיים ווייטער געזאָגט — דער בעל־שם האָט אַמאָל פאָרנדיג מיט זיינע תּלמידים, פלוצים דערהערט אַ ניגון פון אַ פאַסטוך, וואָס האָט ערגעץ אין פעלד געשפּילט אויף אַ דודקע. דער בעל־שם האָט זיך אָפּגעשטעלט אין פעלד

הערן דעם פאַסטוך. און אַז דער פאַסטוך האָט געענדיגט, האָט אים דער בעל־שם געגעבן אַ גילדן, ער זאָל אַ צווייט מאָל שפּילן דעם ניגון אויף דער דודקע. דער פאַסטוך האָט מיט גרויס חשק געשפּילט. און אַז דער בעל־שם האָט אים ווייטער אַ גילדן געגעבן, אַז ער זאָל אַ דריט מאָל שפּילן דעם ניגון אויף דער דודקע — האָט שוין דער פאַסטוך דעם ניגון מער ניט געקענט. אָט דעם ניגון פון דעם פאַסטוך, האָט דער בעל־שם געזאָגט, האָבן נאָך די לויים געזונגען אין בית־המקדש. נאָר אין גלות איז דער ניגון געפאַלן און איצט האָט ער פאַרבלאָנדזשעט צום פאַסטוך. און דער בעל־שם האָט אָפּגענומען ביים פאַסטוך דעם געפאַלענעם ניגון און אים אויפגעהויבן צוריק צו זיין הייליגן שורש... דער פאַסטוך, הייסט עס, האָט ניט אומזיסט אויף דער וועלט געלעבט, ער האָט געהיט און געטראָגן דעם געפאַלענעם ניגון פאַר דעם הייליגן בעל־שם...

חיים האָט עטוואָס אַ קער געטאָן דעם קאָפּ און געזאָגט:

— און אָט די קולות פון דער האַרפע טראָגן זיך פון אייער הויז אין עק וועלט אַריין און וועקן פאַרחלשטע נשמות, וואָס הויבן אויף די קולות אַלץ העכער און העכער. ניט אומזיסט לעבט אייער הויז אויף דער וועלט. און איך זאָג אייך, מען דאַרף ניט אָפּנעמען ביים פאַסטוך דעם ניגון — דער פאַסטוך אַליין מיט זיין דודקע ווערט דאָך אין זיך און פון זיך דערהויבן. וואָרום ס׳איז דאָך אין עוד מלבדו—נישטאָ גאָרניט חוץ אים און אָהן אים. טאַקע גאָ—אָ—אָ—ר נישט!

— אין עוד מלבדו!

און קוקנדיג מיט אָפענע אויגן פאָראויס, איז חיים אַנט־שוויגן געוואָרן און נאָך פאַרגאַפטער געשמייכלט. אַ שטיל גליהענדיגער ציטער האָט זיך פון אים אויפן גאַנצן חדר צעגאָסן. חוהלע איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און געגאַפט

אויף אים קוקנדיג, און האַלבּ־דערשראָקן האָט זי זיך אַ בלאָסע צוגעטוליעט צו דער טיר. זי האָט ניט פאַרשטאַנען חיימס אומגעווײנליכע רייד. זי האָט נאָר געפילט אין דעם חדר אַן אומגעוויינליכן סוד, וואָס האָט אַלע אירע אברים דורכ־געדרונגען. ווי אַ פאַרחלומטע איז זי הינטערווײלעכץ אַרויסגע־גאַנגען פון חדר און מיט גרויס ציטערניש צוגעמאַכט די טיר נאָך זיך.

און אונטן אויף דער פאַרק־ווערענדע, וואו ס'זיינען געזעסן די פריצישע געסט, האָט אָט וואָס פאַסירט. בריינער איז פון ביבליאָטעק־צימער אַרויסגעגאַנגען דורך די הינטערשטע חדרים אויף דער ווערענדע צו די געסט, ווען אָלינקע האָט געשפילט אויף דער האַרפע און אַלע האָבן ווי תמיד מיט גרויס פאַרוואונדערונג זי געהערט. ס'האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט די איידעלע פיגור פון דעם יונגען גראַף יאַשינסקי, וואָס איז גע־שטאַנען ווי באַצויבערט אין מיטן חדר און האָט מיט גליהענדיגע אויגן געקוקט אויף דער שפּילערין. דערזעהן בריינערן, האָבן זיך אַלע ניט ווילנדיג אַ קער געטאָן, נאָר בריינער האָט זיך מיט גרויס איידלקייט אַ נויג געטאָן צו די געסט און ענערגיש אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז מ'זאָל זיך לחלוטין ניט שטערן. האָט מען טאַקע אויף דער ווערענדע ניט איבערגעריסן די לייכט־אָנגעשטרענגטע שטילקייט, אין וועלכער ס'האָבן זיך גע־טראָגן די צאַרטע קולות פון דער האַרפע. בריינער איז געבליבן שטיין אויפן שוועל און האָט זיך אַ רגע אומגעקוקט אויף די געסט. ער האָט גלייך באַמערקט, אַז וואַסילענקאָ זיצט ווי תמיד אויפגערעגט און פאַרביסן צווישן די געהויבענע פריצים, וואָס באַהאַלטן ניט זייער פאַראַכטונג צו אָט דעם געפאַלענעם מאַגנאַט, וואָס טרייבט זיך אַרום מיט דאָרפישע שקצים אין די שענקען. בריינער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם סקאַנדאַל, וואָס איז ניט לאַנג פאָרגעקומען אויף אַזאַ אָוונט צווישן וואַסילענקאָ

און גראַף יאַשינסקי. נאָך איידער אָלינקע האָט געענדיגט, איז בריינער שטילערהייט אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צו וואַסילענקאָן, און שמייכלענדיג צו אים זעהר פריינטליך, האָט זיך בריינער בכבודיג אָנגעבויגן צו וואַסילענקאָן און גע־זאָגט אים אויפן אויער, אַז ער האָט אים עטוואָס זעהר וויכטיגס צו דערציילן. אפשר וואָלטן זיי אויף אַ רגע אַריינגעגאַנגען אין נאָהענטן סאַלאָן? בריינער האָט זיך באַמיהט אומבאַמערקט שטיל אַריינצוגיין מיט וואַסילענקאָן אין דעם נאָהענטן זאַל, וואו זיי האָבן זיך געזעצט אין אַ ווינקל אויף אַ ווייכער אַטלאַסנער סאָפע.

— איר ווייסט דאָך — האָט בריינער שמייכלענדיג אָנגע־הויבן — אַז איך האָב ניט ליב קיין הינט, נאָר איך האָב אַלע מאָל געשעצט אייער קלוגן בערנאַרדן, וואָס האָט ניט אומזיסט אַזאַ גרויסן שם אין דער גאַנצער געגנט. אַ קלייניגקייט, ער טוט דאָך ניט קיין פּיפּס, ווען מ׳דאַרף ניט (וואַסילענקאָ האָט ווי תמיד הנאהדיג געשמייכלט, הערנדיג אַזוינע גוטע רייד וועגן „זיין" בערנאַרד). הערט נאָר אָבער, וואָס דאָ האָט געטראָפן. פאָרנדיג היינט אַהיים, האָב איך אָנגעטראָפן אויפן וועג אַ פיינעם יידישן דורכגייער. כ׳האָב אים געבעטן צו מיר אויף נאַכט־לעגער און אים מיטגענומען אין מיין קאַרעטע. ווי נאָר די קאַרעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן הויף, איז אין דער פינסטער אַרום אונז פּלוצים ווי פון אונטער דער ערד אויסגע־וואַקסן בערנאַרד, און ער האָט זיך אַזוי ווילד אָנגעהויבן וואַרפן און בילן אויפן דורכגייער, אַז אין דער ערשטער מינוט האָבן זיך אַלע דערשראָקן און ניט געוואוסט, וואָס צו טון. דער דורכגייער אָבער האָט זיך ניט דערשראָקן, ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט צו בערנאַרדן, וואָס איז טאַקע באַלד אַנטלאָפן. וואָס זאָל דאָס הייסן? איך האָב געקלערט, אַז...

— זאָגט מיר נאָר — האָט וואַסילענקאָ האַלב־דערשראָקן

איבערגעריסן ברײנערן — איז דער דורכגײער ניט אַ הױכער ייד מיט אַ גרױסער שוואַרצער באָרד?

— יאָ, נו איז וואָס?

וואַסילענקאָ האָט אױפגעשפּרונגען און אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— וואו איז ער איצט? בײ אײך? טאַקע אין אײער הױז? וואָס רעדט איר? דאָס איז דאָך אַ געוואַלד! איך קען אים. איך וועל אײך גלײך דערצײלן — ס'פּאַלט פּשוט אָן אַ מורא. הערט נאָר — צוריק מיט אַ פּאָר טעג בין איך געזעסן אין שענק בײ ראַכמעלקען, איז...

און וואַסילענקאָ, וואָס האָט תּמיד געהאַט אַ נײגונג צו גוזמאות און געדיכטע פאַרבן, האָט איצט מיט אַ עטוואָס איבערגעטריבענער אַנגסט דערצײלט די מאָדנע מעשׂים פון דעם הױכן יידן מיט דער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אַזױ אַלעמען צערודערט אין שענק.

— וואָס פרעגט איר עפּעס אױף ברענאַרדן — האָט וואַסילענקאָ געזאָגט — מיר האָבן דאָרט אין שענק אַלע דעם קאָפּ פאַרלאָרן...

ברײנער האָט שטאַרק פאַרוואונדערט אױסגעהערט די מעשׂה, האָט זיך אַ רגע פאַרטראַכט און געזאָגט:

— די גאַנצע מעשׂה איז טאַקע זעהר מאָדנע. איך וועל אײך אָבער אָט וואָס בעטן. איר װײסט דאָך, מײן אײדעם איז אַ געלערנטער און לײקנט אָפּ אַלע סודות און וואונדער. לאָמיר אױף אַ טשיקאַווען נאָר הערן, וואָס ער וועט זאָגן. ערלױבט מיר אױף אַ רגעלע...

ברײנער איז אױפגעשפּרונגען און אַוועק שטילערהײט אױף דער וועראַנדע, וואו נאָך אַ קורצער פּױזע האָט די האַרפּע ווידער געשפּילט. אין אַ מינוט אַרום איז ברײנער געקומען צוריק מיט אַ יונגענמאַן אין גאָלדענע ברילן. דאָס איז געווען זײן אײדעם

בענדעט, אַ הויכער און אַ שלאַנקער מיט גרויסע גערדיכטע צײן, מיט אַ קורץ געשאָרן, בלאָנד בערדל און דיקע װאָנציעס. אינגאַנצן זעהט ער אויס בײניג־שטײף, האַרט און עקשנותדיג פאַרביסן. זײנע באַװעגונגען זײנען אויך שאַרף און שטײף. נאָר זײנע קורצזיכטיגע, בלויע אויגן האָבן שטאַרק קינדיש אויס־געזעהן און האָבן אָפט מאָל אַרויסגעװיזן די פאַרבאָרגענע תמימות פון אָט דעם כלומרשט שטײפן מענשן. אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ מאָדנע געװײנהײט, אַלע װײלע (באַזונ־דערס װען ער איז אויפגערעגט) ציהט ער מיט דער רעכטער האַנט אַרויף די ברילן, װאָס װילן זיך כלומרשט אַראָפּ־גליטשן פון נאָז.

בענדעט איז געװען אַ פאַרברענטער משכּיל פון יענער הײסער השכּלה־שטרעמונג, װאָס האָט מיט לײב און לעבן געפירט מלחמה מיט די „פינסטערע“ חסידים און פרומאַקעס. ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אײניגע משכּילים פון אַנדערע שטעט און האָט אויף פאַרשײדענע אופנים געשטיצט די יונגע השכּלה־באַװעגונג. ער איז גאָר ניט מיד געװאָרן צו ראַנגלען זיך מיט די חסידים אין שטעטל. בײ אַזױנע משכּילים װי בענ־דעט איז די שנאה צו חסידים כמעט געװען אַזױ בלינד און פײערדיג, װי די אמונה פון חסידים צום רבין. אין אַזאַ פאַרקאָכטער איבערשפּיצונג איז די השכּלה געװאָרן בײ בענ־דעטן אַ מין אמונה פון דער לינקער זײט.

ברײנער האָט זיך געזעצט צו װאַסילענקאָן אויף דער סאָפע און אַ זאָג געטאָן צו בענדעטן, װאָס איז געבליבן אַנט־קעגן זײ שטײן.

— אָט דו גלויבסט דאָך ניט אָן קײן װאונדער, װאָס־זשע װעסטו אקאָרשט זאָגן אויף דער מעשה מיט דעם יידן, װאָס איז הײנט בײ אונז אויף נאַכטלעגער, מ׳רופט אים חיים. נעכטן אין שאַלאַש בײ גראַבאָװערן האָב איך געזעהן, אַז...

ברײנער האָט אים קורץ אַלץ דערצײלט — בפרט די מעשה מיט בערנאַרדן, די מעשה פון װאַסילענקאָן אין שענק, דעם אומגעװײנליכן טאַנץ אין שאַלאַש — און נײגעריג געװאַרט אויף זײן ענטפער.

— נו?

אויסגעהערט אָט די אַלע מעשיות, האָט זיך בענדעט שטאַרק אויפגערעגט, ער האָט עטליכע מאָל אַ ציה געטאָן אַרויף די ברילן אויפן נאָז און אומגעדולדיג שטײף געענטפערט:

— איך װײס ניט, װאָס װערט איר דאָ נתפעל. דאָס איז דאָך אַ פּשוטער שװינדלער, װאָס שכורט און טאַנצט מיט שיקסעס, דערבײ װײזט ער נאָך אַרויס שטיקלעך פון אַ „בעל־שם", פאַר־שײדענע קונצן מיט הינט און מיט טענץ. איר װײסט ניט, פאַניע װאַסילענקאָ, װאָס הײסט אַ „בעל־שם"? דאָס איז אַ שאַרלאַטאַן, אַ פּאָקוסניק, װאָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ הײליגן און פירט מענשן פאַרן נאָז...

װאַסילענקאָ האָט אויפגעבריזט:

— איר מײנט אין דער אמתן, אַז איר זענט קליגער פאַר דער גאַנצער װעלט? אויף אײערע ליפּן האָט דאָך נאָך דער מוטערס מילך ניט אויסגעטרוקנט...

— זעהר ריכטיג — האָט ברײנער באַרוהיגט װאַסילענקאָן — כ'פאַרשטײ אויך אַ מענשן. כ'האָב מיט דעם ייִדן אויפן װעג פאַרבראַכט, און ער זעהט מיר גאָר ניט אויס צו זײן אַ שאַר־לאַטאַן. נאָר אויב דו ביסט, בענדעט, יאָ אַזאַ שיסער, װעל כ'דיר עטװאָס פאָרלעגן. נאָכדעם, װי די געסט װעלן זיך צעפאָרן, אויב חיים װעט נאָך ניט אײנשלאָפן, װעל איך אים אפשר אײנבעטן, ער זאָל אַראָפּגײן מיט אונז עפּעס עסן. אדרבה, פאַרפיר מיט אים אַ שמועס און באַװײז דײן קענטשאַפט. אָט װעלן מיר טאַקע זעהן...

אויף דער װעראַנדע האָט די האַרפע אויפגעהערט צו

שפּילן. ס'האָט זיך פון דאָרט געטראָגן אַ גערויש פון פרייליכע רייד און געלעכטער. בריינער האָט זיך אין מיטן זיינע רייד אַ כאַפּ געטאָן און געזאָגט:

— אַנטשולדיגט, ליבער וואַסילענקאָ, וואָס כ'האָב אייך אַזוי פיל אויפגעהאַלטן און אָפּגעריסן אייך פון די געסט. איר זענט ביי מיר אַלע מאָל אַ העכסט־אָנגעלעגטער גאַסט און איך פריי זיך תמיד מיט אייך אַליין צו שמועסן, נאָר מיין טאָכטער וועט מיר ניט מוחל זיין, וואָס כ'נעם ביי איר אָפּ אירע חשובע געסט. כ'בעט אייך...

און לאָזנדיג וואַסילענקאָן גיין פאַר פריהער, איז ער און נאָך אים בענדעט אַרויס אויף דער וועראַנדע צו די געסט. פאַרנעמענדיג זיך אָבער מיט די געסט, האָט בריינער ניט פאַר־געסן צו הייסן מאַכן פאַרשיידענע פאָרבאַרייטונגען צום עסן אויף דער הויף־וועראַנדע, וואוהין ער האָט נאָך געקלערט חיימען שפּעטער אַראָפּצובריינגען.

אַרום האַלבער נאַכט זיינען זיך די געסט צעפאָרן. בריינער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דער הויף־וועראַנדע, און זעהענדיג אַז דאָרט איז אַלץ אין אָרדענונג, האָט ער זיך געלאָזט אַרויף אין ביבליאָטעק־צימער. ער האָט פּאַמעליך אויפגעעפנט די טיר, זיך צוגערשט עטוואָס פאַרוואונדערט אָפּגעשטעלט אויפן שוועל און ברייט אַ זאָג געטאָן:

— גוט אָוונט, ר' חיים!

חיים האָט זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן און אים גאָר ניט באַמערקט. ווי פריהער איז ער געזעסן אַרום טיש ביים אָפענעם ספר, אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט, און קוי־קנדיג מיט אָפענע אויגן פאָראויס, האָט ער שטיל־גליהענדיג געשמייכלט. איז בריינער עטוואָס נעהענטער צוגעגאַנגען, האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן חיימען און האָט נאָך העכער און ברייטער אַ זאָג געטאָן:

— גוט אָוונט, ר' חיים, וואָס זיצט איר עפּעס אַזוי?

האָט זיך חיים ווי פון אַ שלאָף אויפגעכאַפּט. זיין גאַנצע כלות הנפש איז פּלוצים אַוועק. ער האָט אַ ציטער געטאָן מיט דעם גאַנצן קערפּער, און רייבנדיג די הענט, האָט ער זיך אין צימער אַרומגעקוקט, גלייך ווי ער וואָלט דאָס ניט דערקענט. די גלעזערנע שאַפּעס, די טישן און די בלוי־זיידענע פּאָרהאַנגען זיינען אומבאַוועגליך שטום און פרעמד. זיין פּנים איז מיט אַמאָל שטרענג און פינסטער געוואָרן. ווי אַ נעפּל איז די גאַנצע שמחה פון אים פאַרשוואונדן. ער האָט שוין פּלוצים ווייטער איינגעזעהן, אַז ניט נאָר דער פּאַסטוך מיט דער דודקע, נאָר אויך דער געפאַלענער ניגון קען זיך ניט אויסלייזן פון דעם אייביגן ראָד. און אָט אין דעם גויאישן פּאַלאַץ ליגן הייליגע ניצוצות געפאַנגען, געפענטעט און פאַרשמאַכט. ווי אינדערפריה האָט ער זיך ווייטער געפילט מיד און צעבראָכן. דערהויפּט אָבער האָט ער ווייטער דערפילט, אַז ער איז אייגנטליך נאָר אַ געפאַלענער, וואָס האָט אויף דעם וועג פון זיין זוכעניש פאַרבלאָנדזשעט אין אָט דעם טויט־פרעמדן פּאַלאַץ. און ווייל ער איז שוין דאָ, מוז ער אַלץ אויסשטיין און אויספרובן. ער האָט שטרענג אַ זאָג געטאָן צו בריינערן:

— וואָס ווילט איר?

— איר האָט מיר פריהער, ר' חיים, כמעט ווי צוגעזאָגט, אַז איר וועט אַראָפּגיין צו אונז עפּעס עסן פאַרן שלאָף. איך זאָג אייך צו, אַז אַלע וועלן זיצן אין די הימלען, ווייבער וועלן זיצן ביי אַ באַזונדער טיש. ביי מיר, ווייסן אַלע, איז אַ כשרע קיך. נאָר איר קענט אייך עסן, וואָס איר ווילט און ווי איר ווילט. כ'בעט אייך, ר' חיים, זאָגט מיר ניט אָפּ...

חיים האָט פּלוצים דערפילט, אַז דאָ אין פּאַלאַץ וויל מען זיך דורכאויס מיט אים ראַנגלען און אַז ער מוז דאָ אויסשטיין אַ נייעם נסיון. האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט די פאַרצווייפלטע

גבורה און די גליהענדיגע חוצפה פון אַ געפאַלענעם, וואָס האָט ניט וואָס אָנצווערן און שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין אָפּגרונט. טאַקע איידער ער גייט אַוועק אויפן גרויסן שליאַך, מוז ער זיך ראַנגלען מיט דעם פייער פון אַפּיקורסות. און כאָטש ער איז געווען מיד און צעבראָכן, האָט ער זיך אינערליך אויפגעריכט. די אויגן האָבן זיך אים חוצפהדיג אָנגעצונדן. ער איז אַנט־שלאָסן אויפגעשטאַנען און אויפגעבונדן געזאָגט:

— גוט, פאַניע ברײנער, איך גיי מיט אייך... ס'איז אַפּנים נאָך ניט געקומען די צייט אויסצושלאָפן זיך...

אונטן אויף דער וועראַנדע האָט שוין געוואַרט די גאַנצע משפחה פון ברײנערן, זיינע קינדער, פאַרשיידענע קרובים און אייגענע מענשן. אַלע האָבן געהאַט אַן אויסזעהן פון מענשן, וואָס וואַרטן אָנגעשטרענגט עפּעס אויף אַ טשיקאַווער זאַך. די אומגעווײנליכע ידיעות וועגן דעם מאָדנעם אורח האָבן אַרויסגע־רופן צווייפל, נייגעריגקייט און אַ האַלב־געהיימע פאַרוואונדערונג. ס'האָט אָבער אויך באַזונדער געררייצט דאָס זעלטן־פייערליכע בילד אויף דער וועראַנדע. ס'זיינען געווען געגרייט צוויי טישן. איינער איז געשטאַנען אויבן אָן און אַרום אים זיינען געזעסן מאַנסבלען אין די היטלען, אַפילו בענדעט האָט געמוזט אָנטון דאָס היטל (ברײנער האָט אים קוים איינגעבעטן). עטוואָס ווייטער אינעווייניג צו דער וואַנט צו איז געשטאַנען אַ צווייטער טיש פאַר פרויען. און אויף יענער זייט פון דעם לעצטן טיש, סאַמע ביי דעם עק, נעבן דער אינעווייניגסטער טיר איז געזעסן אויף אַ באַזונדערן שטול וואַסילענקאָ, וואָס האָט דורכאויס געוואָלט זעהן דעם אורח ביים עסן און האָט זיך בכיון אַליין אויסגעקליבן אַן אומבאַמערקטן פּלאַץ. אַלע האָבן דערווייל לעבעדיג גע־שמועסט, איינינע האָבן זיך עפּעס געאַמפּערט מיט בענדעטן. נאָר חוהלע איז געווען בלאַס און צעטראָגן און האָט זיך אַלע ווײלע אַנגסטליך אַרומגעקוקט. ס'איז שוין געווען זעהר שפּעט.

אין דרויסן אַרום דער וועראַנדע האָט די וואַרעמע זומערנאַכט שטיל געפּלאַטערט און זיך פאַרחלומט געצויגן אין עק וועלט אַריין.

און אָט האָבן זיך דערהערט גיכע שטאַרקע טריט. אַלע האָבן זיך אַ קער געטאָן. ברײנער און חיים זײַנען אַרײַנגעקומען. האָבן זיך אַלע אויפגעהויבן אַנטקעגן זיי פון די ערטער.

— איר זעהט, ר׳ חיים, דאָ איז אַלץ אַזוי, ווי איך האָב אייך געזאָגט, נאָר דער עולם האָט זיך אויף אונז ניט דער־וואַרט און אַליין אָנגעהויבן צו עסן. לאָמיר טאַקע אויך ניט מאַכן קיין שהיות...

ברײנער האָט געפירט חיימען באַראַויס און אים געזעצט נעבן זיך אויבן אָן. ברײנער האָט זיך באַמיהט צו אונטער־האַלטן אַ לעבעדיגן שמועס. ער האָט אָבער באַלד געקענט באַמערקן, אַז חיים איז שטאַרק אויפגעטראָגן און איז דוקא זעהר רעדעווודיג.

— איר וועט אייך אפשר וואַשן, ר׳ חיים?

— ניין, איך וועל בעסער עסן אַ שטיקל מזונות...

— אפשר ווילט איר אַביסל ווישניאַק?

— שוין בעסער אַ פּשוט ביסל בראָנפן. נאָר כ׳האָב ניט ליב, אַז מ׳זאָל מיר דערלאַנגען, כ׳וועל מיר אַליין נעמען...

ער האָט זיך טאַקע אַליין אָנגעגאָסן אַ גלעזל בראָנפן, האָט געמאַכט אַ ברכה אויף אַ קיכל, דערנאָכדעם אויפן בראָנפן, וואָס ער האָט גלייך אויסגעטרונקען, זאָגנדיג אַ קורצן „לחיים“.

בענדעט האָט זיך שטאַרק אויפגערעגט, אין אַרויפציהענדיג די ברילן, האָט ער בייז געבלינצלט מיט די קורצזיכטיגע אויגן אויף דעם אומפאַרשעמטן גאַסט. ער האָט אין אים גלייך דער־זעהן אַ געפאַרבטן „בעל־שם“, וואָס האָט ביי אים עקל און האַס אַרויסגערופן. חיים האָט דאָס באַמערקט און איז נאָך מער אויפגעטראָגן געוואָרן.

— כ'בין זעהר צופרידן, ר' חיים — האָט אַ זאָג געטאָן ברײנער, — וואָס איר פילט זיך בײ מיר הײמיש. חסידים זײנען ניט קײן שעמעוודיגע בריות. כ'וואָלט טאַקע וועלן וויסן, ווי גע־פעלט עס אײך בײ מיר אין הויז? זאָגט מיר, ר' חיים, גאַנץ אָפן, וואָס איר מײנט, כ'בעט אײך...

חיים האָט דערקײט אַ אײערקיכל, און אָנגיסנדיג זיך אַ נײ גלעזל בראָנפן, האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו ברײנערן און געזאָגט:

— געוויס וועל איך אײך זאָגן. ווײסט איר, כ'בין אַמאָל פאַר ראש־השנה אַרויסגעגאַנגען פון מײן שטעטל צופוס אין ליובאַוויטש. ס'האָט שטאַרק גערעגנט, ס'איז געווען נאַס און קאַלט. זעהר שווער געווען צו גײן. דערווײל איז אָנגעפאָרן יאָסי דער בעל־עגלה מיט זײן ווײכער קאַרעטע. „זעצט זיך אַרײן אין דער קאַרעטע", זאָגט ער צו מיר, „כ'פאָר אַלצאײנס, וועל כ'אײך אונטערפירן". אוודאי איז בעסער און גיכער צו פאָרן אין אַ קאַרעטע. כ'האָב אָבער אַ פרעג געטאָן, וואוהין פאָרט די קאַרעטע, האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז די קאַרעטע פאָרט גאָר צוריק אין שטעטל. „וואָס־זשע טויג מיר דײן קאַרעטע"? זאָג איך צו יאָסין, „אַז זי פאָרט גאָר פאַרקערט, וואוהין איך דאַרף". איר פאַרשטײט, פאַניע ברײנער, אַז יעדער מענש גײט זײן לעבנסוועג—ווער ס'גײט צופוס און ווער ס'פאָרט אין אַ קאַרעטע, ווער אין דחקות און ווער אין גרויסע פאַלאַצן. אָבער אויף וואָס טויגן די גרויסע פאַלאַצן, ווען זײ פירן גאָר פאַר־קערט, וואו אַ מענש דאַרף. און אַז...

בײ די לעצטע ווערטער האָט זיך בענדעט ממש אָנגע־צונדן. די ליפן זײנען בײ אים אַזש בלאַס געוואָרן. ער האָט אויפגערעגט אַ ציה געטאָן דיברילן אין דער הויך און זיך מיט אַ אימפעט אַרײנגעריסן אין חיימס רײד:

— און מיר דוכט זיך — האָט בענדעט פאַרקאָכט אָנגע־

הויבן—אַז די גאַנצע חסידות אייערע איז אַן אומריינער וואָגן, וואָס פירט דאָס פאָלק אין בלאָטע. ס'איז דאָך נאָך קיינמאל ביי יידן אַזאַ אומגליק ניט געווען. מענשן וואַרפן ווייב און קינדער און לאָזן זיך אַוועק אין חלומות אויף גאַנצע וואָכן שיכורן און טאַנצן. גאַנצע שטעט און שטעטלעך זיינען געוואָרן שלעפערס און ליידיגגייערס, וואָס גייען אַרום פאַרחלומט, דערציילן מופתים און טרינקען בראָנפן. ניט קיין חכמה, ניט קיין מלאכה. מ'לאָזט אַפילו קיינעם ניט לערנען די שפּראַך פון דעם לאַנד. ווי שטומע און טויבע באַוואוינט מען אַ פרעמד לאַנד. מ'שטעלט דאָס גאַנצע פאָלק אין סכנה פאַר דער מלוכה. אַרום און אַרום אַרבעטן אין שוויס האָראָפּאַשניקעס און בעלי־מלאכות, און די חסידישע שלעפערס ציהען אויס ווי פּיאַווקעס דאָס בלוט פון פרעמדער אַרבעט. און טאָמער געפינט זיך אין שטעטל איינער, וואָס וויל לערנען אַ שפּראַך, אַ מלאכה, פאַלט מען אויף אים אָן ווי בייזע הינט, מ'שטעלט זיך אַפילו ניט אָפּ פאַר מסירה און שפיכות דמים. און אָט די גאַנצע פינסטערניש האַלטן אונטער די רביים, וואָס מאַכן זיך דערפון אַ קרעמל, ציהען אַרויס ביי יידן דעם לעצטן גראָשן און בויען זיך פּאַלאַצן. אָט די פּאַלאַצן זיינען אייך אַפּנים בעסער געפעלן? פון דעם בעל־שם האָט זיך אָט דער גאַנצער אומגליק אָנגעהויבן. אָט דער בעל־שם, דער מעזשעריטשער מגיד און אַלע אַנדערע ווי זיי הייסן דאָרט — דאָס איז אַ באַנדע שווינדלערס, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַ קרעמל פון דעם פינסטערן פאָלקסגלויבן און...

בענדעט האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט, דערפילנדיג אַליין, אַז ער איז אַביסל צו ווייט און צו שאַרף פאַרקראָכן. ער האָט אַראָפּגענומען אויף אַ רגע דיברילן, וואָס האָבן זיך ביי די לעצטע רייד טיף אַראָפּגעגליטשט פון דער נאָז, נאָר זיינע קורצזיכטיגע אויגן זיינען נאָך געווען פול פון צאָרן און שנאה.

ער האָט גערעדט מיט אַזאַ בייסנדיגן אימפּעט, אַז די ווערטער האָבן זיך ווי שאַרפע נאָדלען אויפן טיש געשאָטן (וואַסילענקאָ האָט אין זיין ווינקל אויף אים געקריצט מיט די ציין). אַלע האָבן אָנגעשטרענגט געשוויגן און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם געוואַרט, וואָס חיים וועט אקארשט דערויף זאָגן. חוהלע איז געזעסן טויט דערשראָקן אין האָט מורא געהאַט אַ קוק טון אין חיימס זייט, נאָר ברײנער האָט מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל נייגעריג געקוקט אויף חיימען, וואָס האָט מיט אַ מאָדנער קאַלטבלוטיגקייט אויסגעהערט בענדעטן. איצט האָט חיים עטוואָס צוגערוקט דאָס גלעזל בראָנפן און זיך רוהיג אַ קער געטאָן צו בענדעטן.

— כ'וועל אייך, יונגערמאַן, אָט וואָס זאָגן. מסתמא האָט איר געזעהן, ווי אין שטעטל קומט פאַרנאַכט אַ בהמה פון טשערעדע, שטעלט זיך ביי דער טיר פון קיך און וואַרט, אַז די בעל־הביתטע זאָל איר אַרויסטראָגן די „פּוילע" — אַ ציבער מיט ברודיג־פעטליך וואַסער, וואו ס'שווימען אַלערליי קאַר־טאָפל־שאָלעכץ און נאָך אַזוינע געשמאַקע זאַכן, די בעל־הביתטע שיט נאָך צו אַביסל קלייען. ביי דער בהמה גייט אויס דאָס חיות נאָך דער פּוילע, וואָס זי טרינקט מיט גרויס תאוה, און דערפאַר לאָזט זי זיך דערביי מעלקן, וויפיל מ'וויל נאָר. איינמאָל איז די בהמה געקומען ערב יום־טוב פאַרנאַכט פון טשערעדע. די בעל־הביתטע איז געווען פאַרנומען מיט דעם יום־טוב, און די בהמה נעבעך האָט אומזיסט געוואַרט און גערעוועט ביי דער טיר, ממש דאָס חיות איז איר אויסגעגאַנגען. וואו איז די פּוילע? אַ בהמה פאַרשטייט ניט קיין ענין פון יום־טוב און אין גרויס צער האָט זי זיך געקלערט, אַז די בעל־הביתטע באַהאַלט זיך און טרינקט אויס אַליין בגנבה די פּוילע. אַ קלייניגקייט, וואָס קען דען זיין געשמאַקער פון אַ פּוילע? אָט דאָס הייסט אַ בהמה...

ברײנער האָט זיך אויף זײַן ברײט־פּריצישן שטײגער צע־לאַכט, נאָר בענדעט, וואָס האָט שױן װײטער אָנגעטאָן די ברילן, האָט מיט אַ שטרענג פּנים ערשטױנט געפרעגט:

— וואָס ווילט איר אײגנטליך דערמיט זאָגן?

— כ׳וויל דערמיט זאָגן, אַז איר זענט פּשוט אַ יונגערמאַן אַ בהמה, וואָרום נאָר אויף אַ בהמהשן מוח קען זיך דאָס לעגן, אַז דער בעל־שם מיט זײַנע תלמידים האָבן געזוכט די פּאָר גראָשן, די בּרודיגע פּוילע, — חיים האָט זיך פּלוצים אַ וואָרף געטאָן אויפן שטול און האָט פײַערדיג זײַן קול אויף בענדעטן אויפגעהויבן. — איר פאַרשטײט, איר זענט אַ בהמה. טאַקע אַן אויסגעמאָלטע בהמה! אָט ניט לאַנג זײַנען דאָרט בײַ אײַך געזעסן גוים און האָבן שעהן לאַנג געקליבן חיות פון דער האַר־פּע. דער בעל־שם אָבער איז געװען אַ הײליגע האַרפּע, וואָס האָט געקלונגען פון אײן עק וועלט ביז דעם אַנדערן. דער בעל־שם האָט פאַר אַלעמען געבראַכט אַ הײליגן יום־טוב אויף דער וועלט. דער אָרימסטער מענטש האָט זיך אין גינגאָלד געבאָדן, פאַרהאָרעװעטע און דערשלאָגענע האָבן געטרונקען דעם חיות פון אײביגער שמחה. נאָר ווי קען מען דאָס אײַך געבן צו פאַר־שטײן, אַז איר זענט אַ בהמה...

בענדעט איז עטוואָס צעטומלט געוואָרן. ער האָט נאָר פאַרביסן אַ פרעג געטאָן:

— און ווער זענט איר? אפשר אײַך אַ בעל־שם? ווער זענט איר?

חיים האָט אַ רגע געשוויגן, ער האָט פאַרטראַכט צונויפ־געלעגט די הענט אויפן טיש און געזאָגט:

— איך? כ׳בין נאָך ערגער פאַר אײַך, כ׳בין אַ... גע־פאַלענער.

— אַ געפאַלענער?!

ניט נאָר בענדעט, נאָר אַלע בײם טיש האָבן זיך בײַ דעם

וואָרט פאַרוואונדערט אַ כאַפּ געטאָן, אַזוי אומהיימליך האָט דאָס וואָרט אין הײמס מויל געקלונגען. חיים האָט אָבער גע־זאָגט ווייטער:

— ... אַ געפאַלענער איז פיל ערגער און נידעריגער, ווי אַן אַפּיקורס אָדער אַ בהמה, און דווקא דערפאַר קאָן אַ גע־פאַלענער נאָך האָפן אויפגעריכט צו ווערן. אַן אַפּיקורס איז ווי אַ פרוי, וואָס האָט ניט קיין קינדער — האָט זי ניט אויף וועמען צו וויינען און נאָך וועמען צו בענקען. אַ גע־פאַלענער אָבער איז ווי אַ מוטער, וואָס שטייט מיט טרערן אָנגעבויגן איף איר קראַנק־קינד, און ווי באַלד דאָס קינד לעבט, וועט זי אפשר ניט אומזיסט אויסוויינען אירע אויגן. אָדער מ׳קען נאָך בעסער זאָגן: אַן אַפּיקורס איז אַ טויט־קראַנ־קער, וואָס פילט שוין ניט קיין ווייטאָג און שטאַרבט ניט ווייסנדיג, אַ געפאַלענער אָבער וואַרפט זיך אין קראַמף און זוכט מיט אַלע כוחות אַ רפואה, און ווי באַלד מ׳ליידט און מ׳זוכט, וועט מען נאָך אפשר געפינען. און דאָס איז דער ענין, וואָס די חכמים האָבן געזאָגט: אַפּיקורסין מורידין ולא מעלין — אַן אַפּיקורס קען מען נאָר אויפהויבן דערמיט, וואָס מ׳וואַרפט אים אַראָפּ צו דער מדרגה פון אַ געפאַלענעם, און ווי באַלד ער איז געפאַלן און האָט יסורים, וועט ער שוין ממילא זוכן און געפינען זיין תיקון...

חיים האָט זיך אַ רגע אָפּגעשטעלט און אונטערשפּאַרנדיג דעם קאָפּ מיט דער האַנט, האָט ער טאַקע אויסגעזעהן שטאַרק ליידנדיג און צעבראָכן. אויף דער ווערענדע איז געוואָרן אומ־היימליך שטיל. נאָר פּלוצים האָט זיך חיים אַ קער געטאָן און אַ נעם געטאָן מיט דער רעכטער האַנט דאָס גלעזל בראָנפן:

— לחיים, יידן, לחיים! הלואי זאָלן אַלע אַפּיקורסים פאַלן און אַלע געפאַלענע זאָלן אויפגעריכט ווערן, לחיים!

חיים האָט מיט אַמאָל אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע גלעזל. בריינער האָט פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגענומען. אָט דער הויכער ייד מיט דער שוואַרצער באָרד האָט אים טיף ביי דער נשמה געריהרט. בריינער האָט צו אים האַרציג געשמייכלט:

— איר האָט דערוויל, ר' חיים, כמעט נאָך גאָרניט גענעסן. כ'בעט אייך מיטן גאַנצן האַרצן נעמט עפּעס. כ'בין ניט קיין גרויסער חקרן, נאָר ביי מיר איז איצט פּשוט אַ גרויסע שמחה, וואָס איר זיצט ביי מיין טיש...

נאָר בענדעט האָט זיך ניט געקענט באַרוהיגן, כאָטש אים איז אויך אַפילו עפּעס אומהיימליך געוואָרן. אויך ביי אים האָט דאָס האַרץ אָנגעהויבן ניט ווילנדיג צו נאָגן פון חיימס רייד, וואָס האָבן פּלוצים אויפגעעפנט אַ מורא־אָפּגרונט פון נשמה־רייסעניש און האָבן אויך ביי אים אַרויסגערופן אַ באַהאַלטן־ציטעריגע בענקשאַפט. בענדעט האָט זיך אָבער נאָך געקענט באַהערשן, און ער האָט טאַקע ניט געוואָלט נאָכגעבן. ער האָט געהאַט אַן אויסזעהן פון אַ פאַרערגערטן מענשן, ביי וועמען מען האָט מיט פאַרשיידענע שפּיצלעך פאַרדרייט זיינע גערעכטע טענות. ער האָט זיך ווייטער מיט אַ שטרענג פּנים געווענדט צו חיימען:

— וואָס טויגן מיר די אַלע אייערע חקירות, ענטפערט מיר נאָר פּשוט אויף איין שאלה. איר וועט דאָך ניט אָפּלייקענען, אַז חסידים זיינען על פּי רוב שלעפּערס און ליידיגגייערס, וואָס ווילן ניט וויסן פון קיין חכמה און מלאכה. און אָהן די ביידע זאַכן קען מען אויף דער וועלט ניט לעבן, אָדער מ'מוז דעמאָלט לעבן אויף דעם אַנדערנס פּלייצעס. פרעג איך ביי אייך, וואָס טויגן די אַלע זיסע חלומות, אַז מיט יעדן טאָג ווערט גרעסער די אָרימקייט און די נויט, וואָס גראָבן אונטער די לעצטע כּחות פון פאָלק. ענטפערט מיר נאָר אויף דער שאלה.

חיים האָט פאַרטראַכט אָפּגעבראָכן אַ שטיקל קיכל, זיך אָנגעגאָסן ערשט אַ ניי גלעזל בראָנפן. בריינער האָט באַמערקט, אַז ביי חיימען האָט זיך איצט, ווי פריהער ביים אַריינגאַנג אין ביבליאָטעק־צימער, דאָס פנים אינגאַנצן געענדערט. די אויגן האָבן זיך ביי אים באַדעקט ווי מיט אַ נעפּל. אַ צוקנדיגער שמייכל האָט זיך אויף זיינע ליפּן באַוויזן. ערשט איצט האָט בריינער מיט אַ מאָדנע־געהיימען שרעק באַמערקט, אַז פון חיימס גבורהשע פלייצעס, פון אַלע זיינע אומרוהיגע תנועות און גליהענדיגע רייד שלאָגט אַ העליש פייער. און אָט איז ביי חיימען פאַרשוואונדן דער שמייכל. ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ קער געטאָן צו בענדעטן און געזאָגט:

— גלויבט מיר, אַז איך וואָלט ניט געווען קיין געפאַלענער, וואָלט איך ניט געקענט הערן אייערע רייד און וואָלט נאָך ווייניגער געקענט אייך ענטפערן. נאָר טאַקע וייל איך בין אַ געפאַלענער, מוז איך זיך ראַנגלען אַפילו מיטן מלאך־המות, און דוקא ווען איך ראַנגל זיך, פאַרגעס איך, אַז איך בין אַ געפאַלענער און קען זיך כאָטש אויך אַ ווילע ווייטער אויפהויבן. פאַראַן דאָך אַזוינע קראַנקע, וואָס לעבן אָפּ דוקא, ווען מ׳שלאָגט זיי צו דער אָדער און מען צאַפּט פון זיי אָפּ אַביסל בלוט... איך וויל אייך זאָגן פשוטע דיבורים. אודאי איז רייכקייט און רחבות בעסער ווי אָרימקייט און נויט און אַ געראָטענער פאַרדינער איז בעסער פון אַ לא יצלח אַ שלעפּער. די מעשה דערפון איז אָבער אַזוי... אַ מענש, אַז ער לעבט, וויל ער נאַטירליך פאַרדינען און רייך ווערן. און וואָס רייכער ער ווערט, אַלץ גרעסער ווערט דער חשק נאָך רייכער צו ווערן, רוהט ער ניט ביי טאָג ווי ביינאַכט און אָט זיצט ער שוין אין גאָלדענע פּאַלאַצן. און ערשט איצט דערזעהט ער, אַז ער האָט דערווייל דאָס געזונט פאַרלאָרן און איז קראַנק אויף די לונגען, ער שפּייט מיט בלוט און האָט ניט מיט וואָס צו אָטעמ־

מען, רייסט ער זיך אין גרויסע קראַמפּן אויף די גאָלדענע ווענט און איז מקנא דעם לעצטן שלעפּער, וואָס קאָן מיט אַ פּולער ברוסט פריי אָפּאָטעמען. וואָס טויגן אים די גאָלדענע פּאַלאַצן, אַז ער ווערט דערשטיקט אָהן אַ אָטעם און האָט ניט מיט וואָס צו אָטעמען? קען מען דען באַשולדיגן אָט דעם מענשן, וואָס וויל זיך ראַטעווען און איז איצט גרייט די גאַנצע האָרעוואַניע זיינע, אַלע גאָלדענע פּאַלאַצן אָפּצוגעבן פאַר אַביסל חיות, פאַר אַ פרייען אָטעם, פאַר אַ פּיצעלע נשמה? האָט קיין מורא ניט, יידן האָרעווען געוואַלטיג, יעדער אויף זיין אופן שלאָגט זיך אויס פון די כחות, מ׳שטייט אויס אַלערליי גזירות און רדיפות. און ניט געקוקט אויף אַלץ, איז מען פונדעסטוועגן ניט פאַרפאַלן געוואָרן און ווי ניט ווי איז מען געקומען צו אַ שטיקעלע מצב. נאָר אין דעם פינסטערן גלות, אין גלות השכינה, איז דער אָטעם שווער געוואָרן—ממש דערשטיקט צו ווערן. יידן לעכצן נאָך אַביסל חיות, נאָך אַ פרייען אָטעם, נאָך אַ פּיצל נשמה. כי היא חייך — דער אויבערשטער איז דאָך דער חיות פון אַלץ און אַלעמען, אונזער לעבן ממש. ממילא קומט מען צו דער מדרגה פון נפשי יצאה בדברו — די נשמה גייט אויס אין יעדן דיבור פון לעכצעניש און בענקעניש צום אויבערשטן. טאַקע גאָרניט אַריבערצוטראָגן...

אַ רגע האָט זיך חיים גליהענדיג אָפּגעשטעלט. האָבן איצט אַלע פאַרחידושט אויף אים געקוקט. און זיינע רייד, דוכט זיך, ניט זעהר אומגעוויינליכע און ווי בכיוון פּראָסטע און קלאָרע האָבן, ווי ער אינגאַנצן, פון אינעווייניג געגליהט און געלויכטן. ער האָט כלומרשט נאָך איינפאַכער געזאָגט ווייטער:

— ...און אָט איז ער געקומען, דער הייליגער בעל־שם, און האָט אַ נייע נשמה אין דעם פאָלק אַריינגעזעצט. וואָס־זשע איז דער חדוש, אַז מ׳איז גרייט דאָס לעצטע

אָפּצוגעבן, אַ שלעפּער צו ווערן, אַבי נאָר אַ פּריש ביסל חיות צו באַקומען? יידן האָבן פון שמחה אויפגעשריען, שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אין שמחה און געזאַנג אויפגעריכט. דער לעצטער פראָסטאַק האָט פאַרזוכט דעם טעם פון תחית המתים און געטרונקען פון דעם אייביגן קוואַל. דער בעל־שם, זכרונו לברכה, האָט געזאָגט, אַז ווער ס'האָט נאָר אָנגערירט די קלאַמקע פון זיין טיר, וועט שוין קיינמאָל אין עצבות ניט אַריינפאַלן. פאַרשטייט איר, אין פּאַלאַצן, ווי אין הייזלעך — שטאַרבן מענשן ווי די פליגן און ס'בלייבט פון זיי קיין זכר ניט. און אָט די פרייליכע שלעפּערס רייסן איין אויף אייביג די וועלט, ווייל זיי טראָגן אין זיך און פון זיך דעם חיות פון אַלע וועלטן. וואָרום באמת איז דאָך טאַקע אין עוד מלבדו — ניטאָ גאָר ניט חוץ אים און אָהן אים. ניט נאָר אַ שלעפּער, ס'כדאי צו ווערן אַפילו אַ געפאַלענער און רייסן פון זיך שטיקער, אַבי נאָר צו הערן כאָטש אַ רגע דעם אייביגן געזאַנג פון אין עוד מלבדו. און אַז מ'דערהערט עס נאָר, קען מען שוין מיט זיך און אין זיך אַלע וועלטן אין דעם אייביגן געזאַנג אויפהויבן. טאַקע ממש דער ענין פון התגזרות אבן די לא בידיין ומחת לצלמא — אָהן הענט צעבראָכט מען אַלע שאָטנס און פינסטערע דמיונות. די שאָטנס אַליין, ווי אַלץ אין דער וועלט, לייכטן און גליהען אין דעם איינציג־אייביגן ליכט פון אין עוד מלבדו.

— אין עוד מלבדו!

ביי די לעצטע ווערטער האָט היים אָנגעהויבן פאַרגאַפט צו שמייכלען. אין דער טיפער שוואַרצער באָרד האָבן זיך מאווימדיג באַוויזן זיינע פאַרחלשטע ציין. ער האָט אַ צוק געטאָן מיט זיין גאַנצן קערפּער און האָט געגליהט פון אַ אומגעווייג־ליכער שמחה. פלוצים האָט ער זיך אַ רוק געטאָן מיט דעם בענקל פון דעם טיש, האָט אויף זיין אַלטן שטייגער אַראָפּגע־

ריסן דעם גאַרטל פון זיך און אָנגעהויבן גליהענדיג צו זינגען. האָט דער ניגון ווי אַ פייערדיגער דונער די גאַנצע ווערא‏ַנדע אָנגעצונדן. די ווייבער האָבן פאַרגאַפּט אויפגעשריען, פון דעם גאַנצן הויף זיינען זיך צונויפגעלאָפן די דינער אַרום דער ווערא‏ַנדע און האָבן זיך פאַרוואונדערט און דערשראָקן געטוליעט איינער צום אַנדערן. ברייגער און אַלע האָבן זיך פאַרכאַפּט גע־הויבן פון די ערטער און וואַסילענקאָ איז אויפגעשפּרונגען פון זיין באַהאַלטן ווינקל און איז אַ בלאַסער אין מיטן דער ווערא‏ַנ־דע שטיין געבליבן. חיים האָט געזונגען מיט אָפענע אויגן און זיינע גבורהשע פּלייצעס האָבן זיך גליהענדיג געהויבן און געצוקט. און וואָס מער דער ניגון האָט זיך צעפלאַקערט, אַלץ שטילער און אומערטרעגליכער זיינען די פלאַמען געוואָרן. ס'האָט זיך אין אים איצט ווייטער אויפגעכאַפּט, ווי פאַר יוסעלעס לויה, יענע שטילע גליהעניש, וואָס האָט מיט מאומדיגער לייכטיגקייט אַלץ און אַלעמען פאַרפלייצט און פאַרכאַפּט. און אָט האָט חיים זינגענדיג זיך מיט גרויס שמחה אויפגעהויבן, דורכגעריסן די פלאַמען פון דעם ניגון, האָט זיך אַנטציקנדיג שטיל פאַרגאַרטלט און פאַרגאַפּט געשריען. האָט מען שוין ניט נאָר געהערט, נאָר ממש דערזעהן די גליהענדיגע רייד, וואָס האָבן זיך ווי אַ העליש פייער אין דער נשמה געוואָרפן. אויף דער ווערא‏ַנדע האָט זיך מיט גרויס שמחה אַ געדרודער אויפ־געהויבן. ער האָט פאַרגאַפּט געשריען:

— מאַנסבלען און ווייבער, גרויס און קליין, — איר זעהט דאָך אַלע, אַז ס'איז ניטאָ גאָרניט חוץ אים. אין יעדן אָטעם, אין יעדן שפּרינקעלע — ס'ברענט דאָך אומעטום דאָס אייביגע ליכט פון אין עוד מלבדו. פון דעם פּריץ ביז צום בעט־לער, פון דעם פּאַלאַץ ביז צום שטיבל, פון דעם ארון־קודש ביז צום שענק, פון דעם ערשטן ביז צום לעצטן, פון דעם דעמב ביז צום גרעזל. וואָס־זשע שטייט איר, וואָס־

זשע שווייגט איר? עפּנט אויף די שיינע גרויסע זאַלן, בּרעננט אַהער די האַרפעס און די פידלען. וואַסילענקאָ! וואָס זשע שטייסטו אַזוי פאַרגאַפּט, נעם אויף גיך די גויאישע האַרמאָנ־קע. וואַסילענקאָ, וואַסילענקאָ! הויבּט אָן אַלע אַ פריילין גויאיש לידל, אַ פריילינן קאָזאַק. פון דעם ניגון פון כל־נדרי, פון דער הייליגער עבודה — בּיז צום אויסגעלאָזטן גויאיש לידל, פון דעם געיאָמער אויף אַ טויטן בּיז צום ליכטיג פריילינס אויף אַ חופּה, פון דעם ערשטן בּיז צום לעצטן, פון דעם גרעסטן בּיז צום קלענסטן — אין יעדן אָטעם, אין יעדן שפּרינקעלע.

איר זעהט דאָך, איר זעהט — אַז ס'איז טאַקע גאָר ניטאָ חוץ אים און אָהן אים. אָט האָט מען געבּראַכט די האַרמאָנקע און די האַרפע. וואַסילענקאָ — די האַרמאָנקע! אַלע, אַלע — ווער ס'זינגט, ווער ס'שפּילט, אַ פריילינן קאָזאַק! בּענדעט, וואָס־זשע שווייגסטו, אַז אַלע זינגען? אָט אַזוי, אָט אַזוי! ס'בּרענט אין אַלע אייערע הערצער דער פריילינער קאָזאַק. וואָס־זשע שטייט איר, דינער, אָן אַ זייט? אַהער, אַהער — מיט אונז, צווישן אונז. (חיים האָט גליהענדיג די הענט צו דער נאַכט אויסגעשטרעקט). איר זעהט, איר זעהט—די נאַכט האָט זיך צעבּרעקלט און גייט אויס אין גרויס געזאַנג. אָט אַזוי! אָט אַזוי!...

מ'האָט געזונגען און געשפּילט און פון דעם טיפן געזאַנג איז חיימס קול אַלע ווילע פאַרגאַפּט אַרויסגעפלאַקערט. ער האָט זיך געלאָזט פאָראויס און נאָך אים זיינען אַלע מיט געזאַנג אין בּרייטן זאַל אַריין. פייל פון בויגן האָבּן די דינערס אַלע לוסטרעס אָנגעצונדן. בּריינער האָט אַליין אויף זיך פון ערגעץ אַרויסגעטראָגן גרויסע זילבּערנע לייכטערס מיט אָנגעצונדענע ליכט. און אָט האָט חיים זיך געשטעלט אין מיטן זאַל, האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און האָט אָנגעהויבּן זינגענדיג צו טאַנצן. ווי אין דעם טאָג פאַר יוסעלעס לויה, האָט זיך מיט אים יענע

„גרויסע שרפה" אָנגעהויבן. ער האָט טאַנצנדיג ווייטער געעפנט די אויגן און אינגאַנצן האָט ער געלויכטן און שטיל געגליהט. איך די ליפן האָט זיך ווייטער באַוויזן יענער פאַרחלשטער שמייכל, וואָס מ'האָט ביי אים פאַר יוסעלעס לויה געזעהן און וואָס האָט ווי אַ מאַגנעט געצויגן הערצער און נשמות. איז די האַרפע און די האַרמאָנקע ביי די שפּילערס פון די הענט אַרויסגעפאַלן. אַלע, אַלע האָבן זיך פאַרשמאַכט געצויגן צו חיימען אין זיין שטיל גליהענדיגן טאַנץ אַריין. און דאָ האָט ווייטער עטוואָס אומגעריכט געטראָפן. דער פאַרמאַטערטער גוף, וואָס האָט שוין אַזוי פיל טעג ניט געוואוסט פון קיין שלאָף און קיין רוה, האָט אָנגעהויבן פּשוט אויסגיין פון די כחות. חיים האָט טאַנצנדיג זיך פּלוצים אָנגעהויבן וואַקלען און אָט־אָט פאַלט ער פון די פיס. ער האָט ניט געהערט און ניט געפילט קיין מידקייט, נאָר דער קערפּער האָט זיך עפּעס ווי אַ שווער אייזן געצויגן צו דער ערד, האָט זיך חיים אַ כאַפּ געטאָן און נאָך גליהענדיגער זיך אָנגעהויבן צו ראַנגלען מיט דעם שווערן קערפּער. און אָט האָט ער טאַקע מיט אַ שמייכל איינגענומען דעם קערפּער, וואָס האָט זיך ווייטער ווי אַ פּעדער געטראָגן אין דעם טאַנץ. נאָר פּלוצים האָט אים ווי אַ הייסע כוואַליע אין די שלייפן אַ זעץ געטאָן. ער האָט קוים דעם אָטעם געכאַפּט. דער שמייכל איז ביי אים פון פּנים פאַרשוואונדן, די ליפּן זיינען ביי אים געוואָרן ווייס ווי קאַלך. ער האָט זיך אַ צעמישטער אָפּגעשטעלט, אַ רגע אָפּגעאָטעמט, און אויפהויבנדיג די רעכטע האַנט, האָט ער מיט די לעצטע כחות אַ געשריי געטאָן:

— כ'בין אַ געפאַלענער, חיימקע דער בעל־גוף, און מוז פון אייך אַנטלויפן. קיינער האָט נאָך מיר ניט נאָכצוגיין...

און נאָך איידער מ'האָט זיך אומגעקוקט, איז ער ווי אַ וויכער אַרויס פון זאַל, אַרויף אין ביבליאָטעק־צימער, צוגע־קלאַפּט נאָך זיך די טיר און זיך אַ צעטומלטער אויפן בעט

געזעצט. אין איין רגע איז ער אַזוי זיצנדיג געפֿאַלן מיט דעם קאָפּ אויפֿן קישן. ער איז האַלב־ליגנדיג ווי אַ סנאָפּ איינגעשלאָפֿן.

ערשט אין אַ צייט אַרום האָט מען די לייכטערס אין זאַל אויסגעלאָשן.

---

## XV. חברה לצים און דעם בעל־שמם ליולקע

אַ גאַנצע ווײַלע איז חיים האַלב־ליגנדיג געשלאָפן אויפן בעט, דעם קאָפּ עטוואָס פאַרוואָרפן, די הענט שלאַבריג אויפן בעט אויסגעצויגן. ער איז געשלאָפן אַזוי טיף און אומבאַ־וועגליך פאַרכאַפּט, ווי מענשן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די לעצטע כחות, פאַלן פון די פיס און ווערן ניט וויסנדיג און ניט ווילנדיג איינגעשלאָפן. אין חדר זיינען די פענסטער געווען אָפן און אויפן קיילעכיגן טיש האָט געברענט די ניט אויסגע־לאָשענע ליכט. פלוצים האָט זיך חיים אויפגעכאַפּט, זיך אַ פאַרשלאָפענער געזעצט אויפן בעט, און אַ רגע האָט ער זיך שטאַרק פאַרוואונדערט אַרומגעקוקט און אָנשטעלנדיג די אויערן זיך צוגעהערט. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז ס'הערט זיך דאָ ניט ווייט אַ געזאַנג פון טויזנטער קולות.

— וואָס? וואו? אַ?..

נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט אַ קלער צו טון, איז ער ווידער מיטן קאָפּ אויפן קישן געפאַלן און מאָדנע שמייכלענדיג האָט ער ווידער אָנגעהויבן האַלב־ליגנדיג איינצודרעמלען. דער שמייכל איז ביי אים פון פנים ניט אַראָפּ. נאָר באַלד האָט ער דערפילט, ווי עמיצער איז אַריין אין חדר. חיים האָט זיך ניט געוואונדערט און ניט געשראָקן, גלייך ווי ער וואָלט דערויף געוואַרט. ער האָט נאָר אויפגעהערט צו שמייכלען, האָט

שטרענג אָנגעדוקט די ברעמען און האָט אַ ערנסט פּנים גע־מאַכט. דאָס האַרץ האָט אים געגאָגט. צווישן טיר און דער שאַפע האָט זיך באַוויזן אַ יונגערמאַן מיט אַ קליינטשיק בערדע־לע, אין אַ שוואַרץ־זיידן היטל. חיים האָט אים גלייך דער־קענט און איז נאָך ערנסטער געוואָרן.

— יוסעלע!...

ער האָט אויסגעזעהן, ווי מ'וואָלט אים אויפגעריסן פון מיטן שלאָף. דאָס פּנים איז אינגאַנצן פאַרשלאָפן, די האָר זיינען ביי אים צעשויבערט, די ברוסט צעכראַסטעט, דאָס היטל אָן אַ זייט אויפן שפּיץ קאָפּ. מיט פאַרשלאָפענע האַלב־צוגע־מאַכטע אויגן האָט ער זיך געזעצט ביים טיש, און ווי אַ פּלוצים אויפגעוועקט קינד, וואָס קען זיך גאָרניט פון שלאָף אויסטשוכען, האָט ער מיט דער רעכטער האַנט געקראַצט די ברוסט און האַלב־וויינענדיג האָט ער קינדיש געקלאָגט מיט אָפּגעריסענע רייד:

— דו לאָזט מיך אַפילו אין קבר ניט איינליגן. וואָס ווילסטו פון מיר האָבן, וואָס ווילסטו? דו פאַרשטערסט מיר די אייביגע רוה, וואָס דער אויבערשטער האָט יעדן מענשן געשענקט. דו וואַרפסט מיך און שלעפּסט מיך אַלע ווייַלע, ערגער ווי אין כף הקלע. וואָס ווילסטו פון מיר האָבן, וואָס ווילסטו?...

יוסעלע האָט צוגעדעקט מיט ביידע הענט דאָס פּנים און האָט זיך ביטער צעוויינט אויף אַ קול:

— וואָס ווילסטו פון מיר האָבן, וואָס ווילסטו?...

אַ גרויסער צער האָט דורכגענומען חיימס אַלע גלידער. ער האָט געשוויגן און האָט זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן. נאָר יוסעלע האָט אַ וויש געטאָן מיט די אַרבל די אויגן און איז מיט איין מאָל וואַך געוואָרן. ער האָט נאָך אַ ווייַלע געכליפּעט, נאָר דאָס פּנים איז ביי אים בייז און פינסטער געוואָרן. ער האָט שווייגנדיג פאַרריכט דאָס היטל אויפן קאָפּ און אַ גלעט געטאָן

די צעשויבערטע פאות. און אָט האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו חיימען און אַ זאָג געטאָן מיט אַ האַרטער שטימע:

— דו וואָלסט כאָטשע וויסן, וואָס פאַר אַפּנים דו האָסט ביי אונז אויפן עולם־האמת. נעכטן האָט מען אויף אַ טשיקאַווען געזוכט אַ גאַנצן טאָג אין גיהנום און ניט געקענט געפינען אַזאַ געפאַלענעם. „אַזאַ אויסוואורף", האָט דער טייוול געקריצט מיט די ציין, „האָט נאָך דער גיהנום ניט געזעהן". אויפן עולם־האמת לאָזט מען ניט וויינען, האָב איך דאָס געמוזט הערן און שווייגן. נאָר וואָס וואָלט איך געקענט העלפן, אַז דו שלייערסט מיך און וואַרפסט מיך, דו לאָזט מיך אַפילו אין קבר ניט קומען צו זיך און...

חיים האָט בכיון געוואָלט אָפּציהען דעם שמועס אָן אַ זייט, האָט ער איבערגעריסן יוסעלען און כלומרשט גלייכגילטיג אַ פרעג געטאָן:

— ווי קומט אָבער אַ טייוול אויפן עולם־האמת?

— אויפן עולם־האמת — האָט יוסעלע בייז געענטפערט — איז דער טייוול ניט קיין געמאַכטער, נאָר אַן עכטער, אַן אמתער, וואָס איז פון אײַנעווייניג פאַרבונדן מיט דעם שורש פון אַלץ און פון אַלעמען. דער טייוול איז דאָרט קלאָר ווי קריסטאַל — און אויך אין אים ווי אין אַלעמען שיינט דורך דער עולם־האמת, נאָר ביי אייך איז דער טייוול אַ געפוצטער, אַ געמאַכטער. ביי יעדן מענשן איז דער טייוול, דער יצר־הרע אַן אַנדערער — וואָס פאַר אַ מענש, אַזאַ יצר־הרע האָט ער. דערפאַר זאָגט מען דאָך יום־כפור צום על חטא: שחטאנו לפניך ביצר־הרע — אַז מענשן מאַכן זינדיג דעם יצר־הרע; אַ שרעק איז אָבער, ווען דער יצר־הרע כאַפּט זיך אַריין אין אַ יידן מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד, וואָס אָט שרייט ער פאַרגאַפּט „אין עוד מלבדו" און אָט איז ער אַ געפאַלענער, אַ נידעריגער בעל־הגוף. ס'איז פּראָסט אַ חלשות...

יוסעלע איז בלאַס געוואָרן פאַר אויפרעגונג און אַ זאָג געטאָן מיט דער שניידנדיגער קאַלטבלוטיגקייט פון קוים אייננעהאַלטענעם כעס:

— כ'הויב דיך בכלל ניט אָן צו פאַרשטיין, טאַקע גאָרניט. אָט זאָגסטו נאָך מיר קדיש ווי נאָך אַ געשטאָרבענעם, און אָט רופסטו מיך אויף צו דער תורה, רייסט מיך צום טאַנץ אויפן סיום, אָט קלאָגסטו און קענסט דיר קיין אָרט ניט געפינען פאַר צער, און אָט טרינקסטו בראָנפן און טאַנצט אויף וואָס די וועלט שטייט. ממה נפשך, האָסטו דעם טויט באַגראָבן און איך בין ניט געשטאָרבן, האָסטו דאָך ניט געהאַט וואָס צו אַנטלויפן פון בית-עולם, אלא בין איך טאַקע געשטאָרבן און מיין טויט האָט דיך אַראָפּגעוואָרפן, ביסטו דאָך טאַקע אַ געפאַלענער און האָסט ניט וואָס צו קריכן אויף די ווייסע ווענט. צווישן חסידים אויפן סיום זיצסטו ווי אַ דערשלאָגענער און צווישן גוים אין קרעטשמע און ביי ברײנערן אין פּאַלאַץ שיכורסטו און גייסט אַרויס פון די כלים. ר' נחומען ווילסטו איינרעדן, אַז חסידים זיינען אַראָפּ פון שליאַך, און דו מוזט פון זיי אַנטלויפן. און טאַקע אַנטלויפנדיג, ווילסטו בענדעטן מיט זיך אינאיינעם ווייטער אַריינשלעפּן אין אומגעהערטע חסידישע התלהבות. מ'קען עס דען אויסרעכענען, יעדער קער, יעדעס וואָרט דיינס איז אַ האַרצרייסנדיגע סתירה. אודאי, אין דיין צערודערטן מוח קען אפשר אַלץ פאַרענטפערט ווערן, נאָר אויפן עולם-האמת וויל מען ניט וויסן פון די אַלע פאַלשע שפּיצלעך, דאָרט ווערט ממש אַ חושך פון דיינע רייד און דיינע מעשים...

חיים האָט זיך פּלוצים אָנגעצונדן, אין איין רגע האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון קישן, און זיצנדיג אויפן בעט, האָט ער פאַרקאָכט געזאָגט:

— גלויב מיר, יוסעלע, אַז איך וואָלט געווען אויפן עולם-האמת, וואָלט איך אויך געווען אַזאַ חכם ווי דו. אדרבה,

אויב איר זענט דאָרט טאַקע אַזוי געהויבן, טאָ ברענגט אַראָפּ דעם עולם־האמת אויף אונזער אָרימער וועלט. איין מאָל נאָר האָבן אַ פּאָר מלאכים געוואַנט און זיינען אַראָפּגעקומען פון עולם־האמת אויף אונזער וועלט, זיינען זיי טאַקע גלייך געפאַלן. דאָס דערציילט דאָך דער פסוק: והנפלים היו בארץ. פון דענסט־מאָל אָן האָט קיינער פון אייך מער ניט געוואַגט אויף אונזער וועלטל אַראָפּצוקומען. און איך אַ פּראָסטער בשר ודם האָב זיך איינגעשטעלט אַלע וועלטן גלייך אויסצולייזן. אַרום און אַרום האָט אָנגעהויבן לייכטן דאָס אייביגע ליכט פון אין עוד מלבדו. האָב איך באַקומען אַ קלאַפּ דוקא פון דעם עולם־האמת, וואָס האָט ווי מיט אַ כיוון פאַר מיר פלוצים אויפגעעפנט דעם פרישן קבר פון אַ טויטן בן־יחיד און האָט אין מיר אַרויסגע־רופן דעם בעל־הגוף. בין איך טאַקע געפאַלן און ראַנגל זיך מיטן טויט — האָט איר נאָך טענות! ווער זענט איר דאָרט? וואָס איז דאָס פאַר אַן עולם־האמת? ס'איז דאָך אין עוד מלבדו! אַלע וועלטן זיינען דאָך אין אים און פון אים! ווער זענט איר דאָרט? ווער זענט איר?

יוסעלע איז פלוצים אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום פענס־טער, און אויפהויבנדיג דעם בלוי־זיידענעם פאָרהאַנג, האָט ער אַ וואונק געטאָן עמיצן אין דער נאַכט אַריין. דאָס ליכט אויפן טיש האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו פלאַטערן, חיים איז פון גרויס שרעק געפאַלן ווידער מיט דעם קאָפּ אויפן קישן און האָט פון אַנגסט ניט געקענט אַ ריר טון מיט קיין אבר. נאָר באַלד האָט זיך יוסעלע ווידער אַנידערגעזעצט, געכאַפּט אַ קוק אויף חיימען און גיפטיג געשמייכלט:

— וואָס האָסטו זיך דערשראָקן? דוכט זיך, אַזאַ שיסער, וואָס הויבט די הענט אויפן הימל! אָט אַזאַ מענש ביסטו! אָט גייסטו באַגראָבן דעם טויט, און אַז מ'עפנט דעם שוואַרצן קבר, קומט אויף דיר אַ טויטשרעק און דו פאַלסט נאָך

לעבעדיגערהייט אַריין אין רשות פון טויט. אַ לייב, וואָס מאַכט זיך פאַר אַ מלך פון חיות, באַקומט טויטשרעק פאַר אַ פליג...

יוסעלע האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— נעכטן האָט מען ביי אונז געקלערט, אַז מ'וועט דיך ברענגען צום בית־דין של מעלה, וועסטו מסתמא מיט דיין גרויסער חוצפה אָנפאַלן אויפן בית־דין מיט טענות און תביעות און וועסט נאָך וועלן משפטן דעם בית־דין של מעלה אַליין. האָט אָבער דער טייוול געזאָגט: „זאָרגט ניט, ניט אומזיסט איז מיין טייוולאָנישער קאָפּ באַזעצט פון אַלע זייטן מיט אויגן, און דער גרעסטער שיסער, וואָס לאָזט זיך מיט אַן אימפּעט צום בית־דין של מעלה, ווי נאָר ער דערזעהט מיינע טייוולאָנישע אויגן אויף דער פּאָטיליצע, בלייבט ער פון שרעק אָהן לשון“...

יוסעלע האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

— ביי אונז זאָגט מען אויף אייער וועלט, אַז זי איז אינגאַנצן וואַקלנדיג. נאָך איידער איר זאָגט עפּעס, לייקנט איר עס שוין אָפּ. מיט איין האַנט גיט איר, און מיט דער אַנדערער האַנט נעמט איר עס גלייך בגנבה אָפּ. טויזנט מאָל זאָגסטו, למשל, אַז גאָט איז אָהן אַ שיעור העכער פון דעם גרעסטן מענשליכן פאַרשטאַנד, למעלה עד אין סוף ולמטה עד אין תכלית. און פונדעסטוועגן ווילסטו דורכאויס דוקא פאַרשטיין גאָטס כונות, און אַז דו פאַרשטייסט ניט, שרייסטו און לאַרעמסט. איר דינט כלומרשט גאָט און טוט אַליין, וואָס ער הייסט, און ווי נאָר ער מאַכט עפּעס ניט ווי איר ווילט, הויבט איר אָן צו גוואַלדעווען. אַלע, דוכט זיך, ווייסט איר, אַז יעדער מענש מוז שטאַרבן, אָבער ווי נאָר עמיצער שטאַרבט, הויבט מען אָן אַרום אים צו וויינען און צו שרייען, גלייך ווי דער הימל וואָלט אייך באַרויבט. פאַרווילט זיך אייך עפּעס, רייסט איר זיך מיט אַלע כחות, ביז איר באַקומט עס, און ווי נאָר איר האָט עס באַקומען, ווילט איר שוין

עפּעס אַנדערש. בּשעת איר זייט יונג, ווילט איר אויסזעהן ווי עלטערע, און וואָס מער איר ווערט עלטער, בּענקט איר אַלץ מער נאָך די יונגע יאָרן. — כּד הוינא טליא לגברי, השתא דקשישנא לדרדקי. בּשעת איר פירט מחלוקות און קריכט אַריין איינער דעם אַנדערן אין די גדערעם, בּענקט איר אין האַרצן נאָך שלום, און אַז עס קומט דער שלום, גרייט איר בּגנבה אַ נייע מחלוקת. פון אייער קליין וועלטל טראָגן זיך שטענדיג געשרייען, אייביגע רייסערייען, לויפעניש און לעכצעניש. מיר האָבּן ניט פון אייך קיין רוהיגע מינוט אויפן עולם־האמת. ווער קען דען מיט אייך אויסקומען? משה רבינו האָט איבּער אייך צעבּראָכן די לוחות און איז פאַר דער צייט אַוועק פון אייער וועלטל; די נביאים האָבּן אייך אָפּט פאַרשאָלטן דאָס געבּיין און האָבּן געהאַט פון אייך אויסגעריסענע יאָר. און איצט שלעפּט איר אַרום די שכינה אַליין אין גלות. ווער וויים, וואָס מיט אייך וועט נאָך זיין?

יוסעלע האָט זיך אָנגענומען מיט זיין רעכטער האַנט פאַרן בּערדל, און פרום שאָקלענדיג זיך, אָנגעהויבּן זאָגן מיט דעם ניגון פון חסידות:

— נאָר די תורה אַליין, גאָטס וואָרט, קען וויפיל ס'איז איינגענעמען אייער אומרוהה און אַרויסרייסן בּיי יעדן דור, בּיי יעדן מענשן אַזוינע הייליגע פונקען, וואָס מיר האָבּן נאָך אויפן עולם־האמת ניט געזעהן. איך זאָג דיר, טאַטע, דו ווייסט ניט, וואָס הייסט, ווען אָט דער שטענדיג וואַקלענדיגער אומרוהיגער מענש ווערט אַ צדיק אָדער טוט זיך כאָטש אויף אַ רגע אַ ריס מיט אַן אמת צום הימל. איך זאָג דיר, אַז צדיקים דומין לבוראן—דער צדיק, וואָס שטעקט בּיי אייך אין יעדן דור און אין יעדן מענשן, איז טאַקע ממש געטליך. דער גאַנצער עולם־האמת פאַלט אים פאַרגאַפט צו די קני. ניט אומזיסט טאַקע ראַנגלט זיך די תורה מיט אייער אומרוהה. און אַז ס'וועט קומען דער עת רצון און

גאָטס וואָרט וועט אינגאַנצן איינגעמען אייער אמרה, וועלן מיר און אַלע וועלטן אַרום אונז אויסגעלייזט ווערן. טאַקע לעלם ולעלמי עלמיא—אויף אייביג און אויף אייביגע אייביגקייטן. פאַראַן אייביגקייט ווי אונזער עולם האמת, פאַראַן אָבער נאָך אייביגע אייביגקייטן, וואו מיר וועלן אַלע גלייך דערהויבן ווערן און...

חיים האָט זיך פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן, און אויפהויבנדיג ווייטער דעם קאָפּ פון קישן, האָט ער מיט כעס אַ געשריי געטאָן:

— איך דאַרף ניט אייערע טובות און וויל ניט אייערע הבטחות. איר האָט תמיד ליב צוזאָגן אַלע גליקן אויף משיחס צייטן, און דערווייל ביז משיח וועט קומען, פראַוועט איר מיט אונז קאַטאָוועס. איר זענט, הייסט עס, דער עולם האמת און מיר זיינען וואַקלענדיגע, וואָס מוזן זיך שטיקן אין זינד און צרות. די נביאים זיינען אויך געווען גרויסע פּזרנים אויף משיחס צייטן. דעמאָלט וועלן אַלע דערהויבן ווערן, פאַרלאָרענע, פאַרשטויסענע, אפילו חיות רעות. און דערווייל האָבן זיי געשאָטן פעך און שוועבל, איין תוכחה נאָך דער אַנדערער אויפן קאָפּ פון פאָלק. זאָל עס אייך אָנשטיין — רשעים זיינען אויך גרייט צו טון תשובה מאָרגן, שפּעטער, ווען ס׳איז, אַבי ניט תיכף ומיד. ס׳איז ממש אַ שרעק! וואו מ׳טוט זיך ניט אַ קער, לעגט איר רק אָפּ אויף „שפּעטער“—אויף עולם הבא, אויף יענער וועלט, אויף לעתיד לבא, אויף משיחס צייטן. און באמת, ווערן דאָך אַלע וועלטן און אַלע צייטן גלייך בטל אין אלקות, וואָרום ס׳איז דאָך אין עוד מלבדו... אפשר געדענקסטו, יוסעלע, יענקל דעם שענקער, ער איז געשטאָרבן, אַז דו ביסט נאָך געווען אַ יינגל. ער איז געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ שענקער אַ גנב און פלעגט אומברחמנותדיג גיסן וואַסער אין בראָנפן. איינמאָל האָט ער מיך מכבד געווען מיט אַ גלעזל בראָנפן, האָט עס געהאַט פשוט אַ טעם פון וואַסער. פרעג איך ביי אים: זאָג מיר

נאָר, יעקעלע, אויב דאָס איז בראָנפן, וואָס־זשע איז אַזוינס שפּירט? רופט ער זיך אָפּ: „ביי מיר איז פּשוט בראָנפן און שפּירט איז בראָנפּנדיגער בראָנפן". אויב אַזוי, האָב איך אים מיט כּעס געענטפערט, ביסטו טאַקע ניט קיין פּראָסטער גנב, נאָר אַ גנב שבגנבים. פאַרשטייסטו, יוסעלע, פון זינט אָן מען האָט אָנגעהויבן צו פאַרוואַסערן די אמתע אייביגקייט, האָט מען זיך אויסגעקלערט אַ אייביגע אייביגקייט...

חיים האָט זיך פּלוצים אַ ריס געטאָן פון בעט, איז צוגע־לאָפן צום קיילעכיגן טיש אַנטקעגן יוסעלען, און אויפהויבנדיג אויף אים די הענט, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— אַ סוף זאָל דאָס נעמען צו דער גאַנצער בלענדעניש, טאַקע תיכף ומיד, מ'קען אַפילו קיין מינוט ניט וואַרטן! אַלע זועלטן מוזן גלייך דערזעהן, אַז ס'איז אין עוד מלבדו — ניטאָ גאָר ניט חוץ אים און אָהן אים. טאַקע גאָרניט! און וויפיל מ'זאָל ניט זאָגן, אַז....

יוסעלע האָט אויפגעהויבן די אויגן און אַ קוק געטאָן אויף חיימען, אַזוי ווי מען קוקט אויף אַ מענשן, וואָס וויל זיך אַרויס־דרייען מיט שיינע רייד, און מ'דערמאָנט אים מיט די אויגן, אַז מ'האָט אים ניט לאַנג געכאַפּט ביי אַ מיאוסער מעשה. חיים איז אין מיטן די רייד פאַרשטומט געוואָרן, ס'האָט ביי אים אָפּגענו־מען דער לשון. יוסעלעס קוק האָט אים דורכגעלעכערט און אַנטבלויזט זיין באַהאַלטענע שאַנד. ווי אַ פאַרלאָרענער האָט זיך חיים צוריק אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט און פון גרויס בושה איז ער געפאַלן מיטן פּנים אויפן קישן.

חיים האָט אַלץ טיפער איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און האָט פון בושה און פון ווייטאָג זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. ס'האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם, שטיל אָהן טרערן האָט ער אָנגעהויבן וויינען. ער וועט דאָס גאָרניט אַריבערטראָגן. און יוסעלע איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך ערשט פאַר אים

אַ נעם געטאָן. שטייענדיג האָט זיך יוסעלע אָנגעהאַלטן מיט ביידע הענט פאַרן טיש און ווענדנדיג זיך צו חיימען, האָט ער אויף אים געשאָסן בייזע רייד:

— אַ ייד, וואָס וויל ראַטעווען אַלע וועלטן, זאָל אַליין ניט קענען ביישטיין ווי אַ פּושע ישראל אַנטקעגן דער מינדסטער תאוה אָדער קלענסטן נסיון? יעדעס וואָרט דיינס איז פּשוט אַ סתירה מיניה וביה, נאָר בקצור—וואָס געווען, איז געווען. אָבער איצטער גייסטו דאָך כלומרשט צו די מתנגדים אויפן גרויסן שליאַך פון גמרא און שולחן־ערוך. וואָס דאַרף מען, דוכט זיך, בעסער? אַ ייד אַ פרומאַק, וואָס לאָזט ניט דורך אַ פּינ־טעלע אין שולחן־ערוך! פאַרוואָס־זשע זיצסטו ניט נאָך מיר קיין שבעה? דאָס איז דאָך אי אַ דין פון שולחן־ערוך, אי אַ מנהג ביי אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט? פאַרוואָס־זשע האָסטו ווייטער געקערט די וועלט ביי בריינערן? נאָר איך פרעג ביי דיר אָבער איין זאַך. צי מעג מען על פּי דין אָדער על פּי יושר לאָזן אַ ווייב אויף הפקר, בשעת אויף איר קומט אַזאַ אומגליק? די מאַמע האָט אויף די עלטערע יאָרן פאַרלאָרן איר בן־יחיד, דאָס אויג אין קאָפּ, און נאָך איידער מען האָט פאַרשאָטן דעם קבר פון איר בן־יחיד, האָט זי דער מאַן אַוועקגעוואָרפן. שטייט זי איצט עלנט ווי אַ שטיין אין מיטן דער וועלט און רירט זיך פון זינען. ווי קאָן מען דאָס בלויז זיין אַזאַ אכזר צו אַן אַלטער קראַנקער יידענע?..

ביי יוסעלען האָט אַ צוק געטאָן דאָס געזיכט, די אונטער־שטע ליפּ האָט זיך קראַמפּנדיג פאַרצויגן, און אַראָפּלאָזנדיג זיך אָהן כחות אויפן שטול, האָט ער זיך קינדיש צעוויינט אויף אַ קול:

— די מאַמע...

— די מאַמע...

חיים האָט באַלד מיט שרעק דערפילט, ווי יוסעלע האָט

ווײנענדיק זיך אויף עפּעס געוואַלדינס אַנטשלאָפֿן און וועט אָט־אָט עפּעס שרעקליכס אָפּטון. אויף חײמען איז אַ גרויס ציטער־ניש אָנגעקומען, און טאַקע באַלד האָט יוסעלע אַ קוק געטאָן צו חײמען און געזאָגט מיט אַ פרעמדער שטעכעדיגער שטימע: (חיים האָט גלייך דערפילט, אַז דאָס זיינען שוין יוסעלעס גאָר די לעצטע ווערטער, נאָך וואָס ס׳וועט זיך ערשט אָנהויבן דאָס שרעקליכע):

— דער סוף איז, אַז דו האָסט ניט קיין פּיצל אמונה פּשוטה. זינט דו ביסט אַנטלאָפֿן פון בית־עולם, האָסטו נאָך אַפילו איין מאָל ניט דערמאָנט אַ וואָרט פון רבינס הייליגע מאמרים. קיין פּרק תניא אין מויל ניט גענומען, גלייך ווי די גאַנצע חסידות וואָלט ביי דיר אָהן אַ פּיצעלע אמונה געלעגן אויפן שפּיץ נאָז און מיט איין בלאָז איז זי פון דיר אַוועקגעפלויגן. דו האָסט זיך אָנגעכאַפּט כלומרשט פאַרן משניות, כדי צו באַהאַלטן דאָרט דיין פוסטקייט. דו רייסט איין אָקאָרשט די וועלט, למאי דרייט זיך אַלץ ווי אין אַ ראָד? דו ווייסט דען ניט דעם פּשט אין תניא וועגן קליפות נוגה, וואָס איז מעורב טוב ורע אָדער דו געדענקסט דען ניט דעם רבינס מאמר אויף דעם פּסוק ויכלו השמים והארץ.. נאָר אויף וואָס טויגן איצט די הויכע ענינים? זאָג מיר נאָר, דו גלויבסט אין יענער וועלט, אין גיהנום און גן־עדן? דו גלויבסט באמונה פּשוטה אָהן חכמות און חקירות, ווי למשל, די מאַמע, אין השגחה פּרטית? יוסעלע האָט זיך אַ ווײלע איינגעקוקט אין חײמען, ווי ער וואָלט געזוכט מיט די אויגן ביי אים אין דער נשמה און האָט פּלוצים מאוימדיג אַ געשריי געטאָן:

— וואו איז דיין אמונה פּשוטה, וואו איז זי פּלוצים נעלם געוואָרן? די מאַמע איז פון יסורים אַראָפּ פון זינען, האָט אָבער אַפילו אויף אַ רגע ניט אויפגעהערט צו גלויבן אָן גאָט און פרעגט ניט אויף אים קיין קשיות. און דו לויפסט אַרום, ווי אַ פאַרסמטער מיט קשיות און טענות און הערסט ניט אויף

צו רודערן? וואו איז דיין אמונה פשוטה, פרעג איך בײ דיר? האָב קיין מורא ניט, כ׳געדענק נאָך, אַז כ׳בין געווען אַ קליין קינד, האָט מיר די מאַמע דערציילט פון די כת ליצנים, וואָס לויפן אַרום ביינאַכט אין פינסטערע הייזער און פראַווען קאַ־טאָוועס. דו האָסט עס דאַמאָלס פון ווייטן דערהערט און האָסט געמאַכט חוזק פון דער מאַמען, דערפאַר וועל איך דיר טאַקע באַלד באַשיימפערליך באַווייזן, אַז די מאַמע ווייס מער פון דיר...

דאָס ליכט אויפן טיש האָט זיך פלוצים פאַרלאָשן, יוסעלע איז האַרט צוגעגאַנגען צו חיימען, האָט אים אַ נעם געטאָן פאַר דער האַנט:

— קום מיט מיר פון דאַנען, קום...

נאָך איידער חיים האָט צייט געהאַט אַ געשריי צו טון פון שרעק, אַז די ווענט פון צימער האָבן זיך צענומען, און יוסעלע איז מיט אים גלייך אַוועק אין דער טיפער נאַכט אַריין. זיי האָבן זיך געטראָגן ווי אַ וויכער. אויפן וועג האָט זיך יוסעלע צו אים אָנגעבויגן און אַ זאָג געטאָן עפּעס אויפן אויער אַזוי שטיל, אַז חיים האָט זיינע רייד מער געפילט, ווי געהערט.

— דאָ טאָר מען קיין קול ניט אויפהויבן, ווי נאָר אָבער דו וועסט דאָס מויל עפענען, וועל איך דיך מוזן פאַרלאָזן...

זיי זיינען באַלד אָנגעקומען פון יענער זייט נאַכט. חיים האָט גלייך דערפילט דעם אָטעם פון יענער וועלט. פלוצים האָט זיך חיים פאַר שרעק אַ וואָרף געטאָן אַן אַ זייט—יוסעלע האָט אים קוים מיט דער האַנט אונטערגעהאַלטן. פאַר די אויגן האָט זיך געעפנט אַ גרויסער פינסטערער פּלאַץ, וואָס איז אָנגעפּאַקט מיט מענשן, קאָפּ אויף קאָפּ. אַרום און אַרום איז געשטאַנען אַזאַ געדיכטע פינסטערע, פּיינליכע פאַרשמאַכטקייט, אַז ס׳האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם. ס׳איז געווען אַ גרויל צו קוקן, ווי מענשן האָבן זיך אין דער פינסטער געפּלאָגט, זיך נעוואָרפן אין גרויס

יסורים. ניט אויפהויבנדיג קיין קול, האָבן אַלע אין זיך געוויינט, אין זיך געשריען. יוסעלע האָט זיך אָנגעבויגן צו חיימען און אים אַ זאָג געטאָן אויפן אויער אַזוי שטיל, אַז חיים האָט נאָר דער־פילט זיינע רייד:

— דאָס זיינען די געפאַלענע...

אין פינסטערער ענגשאַפט האָבן זיך אַלע געשטופּט, קאָפּ אויף קאָפּ, און האָבן לעכצנדיג אויסגעשטרעקט די הענט פאָראויס צו אַ ווייטן־ווייטן ווינקל, וואו אין דער געדיכטער פינסטערניש האָבן קוים דורכגעשימערט אַ פּאָר קאַרגע בלאַסע שטראַלן. די אויסגעשטרעקטע הענט האָבן געבעטן, געוואַרט, געלעכצט. און אָט האָט זיך טאַקע אין יענעם ווייטן ווינקל אויפ־געהויבן אַ שפע פון אַ פריש קוויקנדיג ליכט, וואָס האָט ווי אַ בלענדניגער העלער בליץ דעם גאַנצן פינסטערן פּלאַץ אויפ־געלויכטן. אַלע האָבן אין גרויס שמחה אויפגעלעבט און האָבן פאַרחלשט אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך. נאָר אין איין רגע איז דער בליץ פאַרשוואונדן און די פאַרשמאַכטע פינסטערניש איז נאָך גרעסער געוואָרן. האָבן אַלע נאָך פאַר־חלשטער ווידער די הענט אויסגעשטרעקט פאָראויס, צו יענעם ווייטן ווינקל, וואו ס'איז אַלע ווילע איפגעקומען און גלייך פאַרשוואונדן דער בליץ פון אמת־ליכטיגן חוות. דאָס איז דאָך דער ענין, האָט חיים אַ קלער געטאָן, פון ברק המבריק. די פאַרשמאַכטקייט און לעכצעניש ווערן נאָך יעדן בליץ נאָך גרע־סער און אומערטרעגליכער. חיים האָט ווייטער דערפילט די אוממענשליך־שטילע רייד פון יוסעלען, וואָס האָט אים אויפן אויער שטיל געזאָגט:

— דאָס איז דער כף הקלע פון די געפאַלענע...

יעדער בליץ האָט אויפסניי געוועקט און געשטיינערט אַ אוממענשליך ביטערן אימפעט, וואָס האָט אַלעמען אַלץ טיפער געוואָרפן אין אַ וויכער פון אומערטרעגליכן קראַמף. ס'איז

געוועזן אוממעגליך צו זעהן די יסורים. חיים האָט זיך ניט גע־קענט איינהאַלטן און האָט פון שרעק, כעס און רחמנות פלוצים אַ געשריי געטאָן:

— ווער דאַרף דאָס אָט די גאַנצע פינסטערע בלענדעניש...

ווי נאָר ער האָט דאָס מויל געעפנט, איז מיט איין מאָל אַלץ אַרום פאַרשוואונדן. יוסעלע האָט גלייך אָפּגעלאָזט זיין האַנט און איז אין איין רגע ניט געוואָרן. בלייבנדיג איינער אַליין, האָט זיך חיים דערשראָקן אַרומגעקוקט און דערזעהן, אַז ער גע־פינט זיך איינזאַם אויף אַ פלאַץ, וואָס איז אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ סוף. אָנשטאָט אַ הימל, הענגט אויפן קאָפּ אַ גע־דיכטע טונקלקייט. חיים איז לחלוטין איינער אַליין געשטאַנען אָט אויף דער פרעמד־טונקעלער וועלט. אויף אים איז אַזאַ שרעק אָנגעפאַלן, אַז ער האָט מורא געהאַט אַ קול אויפצוהויבן. פלוצים האָט ער באַמערקט, אַז ערגעץ ווייט־ווייט פאָראויס האָט אָנגע־הויבן שימערן אַ פייערל, וואָס איז מיט יעדער רגע אַלץ נעהענ־טער און בולטער געוואָרן. חיים האָט זיך איינגעקוקט און באַלד דערזעהן: ס'קומען דריי פאַרשוין מיט לייכטנדיגע לאַמטערנס אין די הענט. חיים האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ אָן אַ זייט און זיך געמאַכט כלומרשט ניט זעהענדיג. נאָר אָט זיינען די דריי פאַרשוין האַרט צו אים צוגעגאַנגען. דער מיטלערער האָט אַ פרעג געטאָן:

— פון אים שמעקט ווי פון אַ לעבעדיגן, ווי קומט ער אַהער?

דער מיטלערער האָט גענומען באַטראַכטן חיימען, פירנ־דיג לאַנגזאַם דעם לאַמטערן פון די פיס אונטן ביז צום קאָפּ אַרויף. דערזעהן די שוואַרצע באָרד חיימס, האָט דער מיטלערער אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז, דוכט זיך, אונזערער אַ פאַרשוין, אַ געפאַלענער, ווארום על פי רוב האָבן די געפאַלענע ברענענדיגע שוואַרצע בערד...

און אָט האָט זיך לאַנגזאַם דער לאַמטערן נאָך העכער

געהויבן און געוואָרפן אַ גרעל ליכט אויף חיימס פּנים, איז בײַ דעם מיטלערן דער לאַמטערן אַרויסגעפאַלן פון די הענט. ער האָט אויפגעציטערט און אַ געשריי געטאָן, גלייך ווי ער וואָלט אומגעריכט עטוואָס מוראדיגס דערזעהן.

— חיים גראַוויצער! אָט דאָס איז ער!

— חיים גראַוויצער!

אין איין רגע זיינען אַלע דריי פון חיימען אָפּגעשפּרונגען, האָבן די לאַמטערנס אין דער הויך געוואָרפן, און צעלויפנדיג זיך אין פאַרשיידענע זייטן, האָבן זיי מיט אַן אומגעוויינליכן אימפּעט געשריען:

— חיים גראַוויצער איז דאָ! חיים גראַוויצער...

ווייערע קולות האָבן טאַקע גלייך אַלע וועלטן אויפגערו־דערט. ס'האָט זיך ממש אַ שטורעם אויפגעהויבן. פון אַלע זייטן און עקן, פון טויזנטער וועלטן האָט מען זיך מיט אַ רעש און בהלה אָפּגערופן, זודיגע קולות האָבן אָהן אַ צאָל און אָהן אַן אויפהער זיך געשליידערט איינער נאָך דעם אַנדערן, אויס־רופנדיג און שרייענדיג:

— אָט איז ער, חיים גראַוויצער!

— חיים גראַוויצער!

אַ גיהנום פון קולות האָט זיך אַרום און אַרום אָנגעצונדן און האָט פון אַלע זייטן געשאָטן מיט פייערדיגע קלאַנגען:

— חיים גראַוויצער...

— חיים גראַוויצער...

חיים האָט זיך פון שרעק געלאָזט לויפן, ווי אַ פאַרסמטער. נאָר וואוהין ער זאָל זיך ניט קערן, שליידערט און וואַרפט אים דער רעש פון די זודיגע קולות. חיים האָט זיך ניט לאַנג געקענט ראַנגלען און איז נעפאַלן אָהן כחות מיטן פּנים אַראָפּ. פּלוצים זיינען אַלע קולות אַנטשוויגן געוואָרן און אַרום איז שטיל געוואָרן. נאָר אין דער שטילקייט האָט זיך באַלד דער־

הערט פון ווייטן אַ אומגעוויינליך שטיל שפּילן פון ערגעץ וואו ווייט וויינענדיגע כּלי־זמר. חיים איז געלעגן אומבּאַוועגליך מיטן פּנים צו דער ערד, ווי פאַרכאַפּט פון אָט די דאָזיגע ווייטע, ווייטע קלאַנגען. דוכט זיך, געוויינליכע כּלי־זמר, וואָס שפּילן אַזוי ווייט און אַזוי שטיל, און די קלאַנגען רייסן אויף די גאַנצע נשמה. די קלאַנגען רופן און וואָרענען, בּעטן זיך און וויינען יאושדיג. אַ שרעק, אַ אומגליק שטייט פאַר דער טיר, קומט אַלץ נעהענטער און נעהענטער, טאַקע גאָר ניט צו ראַטעווען זיך. די קלאַנגען האָבּן זיך געשטיקט, געבּראָכן און אין גרויס יאוש אויסגעגאַנגען. ס'האָט זיך ווידער איינגעשטעלט אַרום און אַרום אַ מאָדנע שאַרפע שטילקייט, וואָס האָט פון אינעווייניג מאוימדיג גערוישט. חיים האָט דערפילט, אַז דער פּלאַץ איז ווייטער געפּאַקט, קאָפּ אויף קאָפּ. ער איז אויפגעשטאַנען, זיך אַרומגעקוקט און דערזעהן אַ משונהדיגן עולם. מאָדנע פאַרשוינען: זיי זיינען אַלע גרויס און שטאַרק און דאָך פאַרנעמען זיי ניט קיין אָרט. דער גאַנצער פּלאַץ איז פון זיי געפּאַקט און דאָך שטייען זיי איינער אין דעם אַנדערן. ניט אויפהויבּנדיג קיין קול, שרייען זיי אַזוי, אַז ס'הילכט אומערטרעגליך אין די אויערן. אַלע ווילע בּייטן זיי דאָס פּנים און אַלע ווילע האָבּן זיי אַן אַנדער אויסזעהן. היינט מאַכן זיי אַזוינע משונהדיגע העויות, אַז חיים האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און אַ שמייכל געטאָן. ער האָט אַפילו בּאַלד דערפילט זיין פאַרלאָרנקייט, פונדעסטוועגן האָט ער שמייכלענדיג אַ פרעג געטאָן:

— ווער זענט איר?

אַלע האָבּן, ניט אויפהויבּנדיג קיין קול, אַ געשריי געטאָן:

— מיר זיינען כּת ליצנים, חברה לצים. דו גלויבּסט ניט אין אונז, און מיר גלייבּן ניט אין דיר; דו מאַכסט חוזק פון אונז, און מיר מאַכן חוזק פון דיר...

— פון דיר, פון דיר, האָבּן אַלע מיט משונהדיגע

העויות איבערגעחזרט, דערביי האָבן זיי חיימען אויף אַ מיאוסן אופן געקיצלט אונטערן אָרעם. חיים האָט זיך פאַרשעמט, ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און אַ פרעג געטאָן:

— פון וואַנען באַקומט איר אָבער אייער חיות?

האָבן אַלע אויף זייער שטייגער אָהן אַ קול געשריען:

— פון דיינע שטותים, פון דיין שפּירט, פון דיין פאַלשער התפעלות, פון דיין רייסעניש און קראַצעניש...

— רייסעניש און קראַצעניש...

אָהן אַ צאָל הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט און אַ נעם געטאָן חיימען פאַר דער באָרד. און האַלטנדיג די באָרד, האָבן אַלע אָהן אַ קול געשריען:

— אַזאַ באָרד, אַזאַ באָרד! קלענער פון אַ בעזים און גרע־סער פון אַ ווישפעדער. ניט אַהין און ניט אַהער—ווי דער גראַ־וויצער אַליין...

און אָט האָבן זיך אַלע אָנגעהויבן שטופּן איינער אין דעם אַנדערן, זיך אויסגעשטעלט אין אַ קרייז און געמאַכט אין מיטן אַ ליידיג אָרט, וואו ס׳איז פּלוצים אויסגעוואַקסן אַ משונה־גרויסער און מאָדנע פאַרשטעלטער ליץ. חיים האָט אויף אים אַ קוק געטאָן און מיט שרעק דערזעהן: דער פאַרשטעלטער ליץ האָט אויסגעזעהן פּונקט ווי חיים, מיט אַ הויכן פאַרקאַטשעטן שטערן און אַ גרויסער שוואַרצער באָרד. ער האָט נאָר מעשה ליץ געפינטלט מיט דעם לינקען אויג. באַלד אָבער האָט ער שטרענג אָנגערוקט די ברעמען און אויף חיימס שטייגער האָט ער מיט אַ ברענענדיגן אימפּעט געהויבן די הענט און געשריען:

— איר זעהט, איר זעהט דאָך אַלע, אַז ס׳איז אין עוד מלבדו—ס׳איז ניטאָ גאָרניט חוץ אים און אָהן אים. טאַקע גאָר־ניט! נאָר איך בין פונדעסטוועגן פאָרט חיים גראַוויצער, און אַז מ׳רירט מיך אָן ביים פּופּיק, שריי איך געוואַלד. איך גיי

פון שטאָט צו שטאָט און דורך פאַרשיידענע מאמרים און חכמות (ער האָט ווייטער אָנגעהויבן מעשה ליך צו פינטלען מיט דעם לינקען אויג), שריי איך נאָר איין זאַך: געוואַלד מיין פופיק!

אָהן אַ צאָל הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט און אויף אַ נמאסן אופן געקיצלט חיימען אין מיטן בויך, דערביי האָבן זיך אַלע נאָכגעקרימט און אָהן אַ קול געשריען:

— געוואַלד מיין פופיק...

דער פאַרשטעלטער ליך האָט פונקט ווי חיים מיט התלהבות אַ געשריי געטאָן:

— לאָמיר נעמען דאָס אמתע ביסל שפירט...

פון אַלע זייטן האָט מען געטראָגן פלעשער און גלעזער. חיים האָט דערפילט דעם שאַרף שטינקענדיגן ריח פון שטאַרקן בראָנפן און האָט פון עקל אַ ציטער געטאָן מיט אַלע זיינע גלידער. אַלע האָבן אָנגעהויבן אָהן אַ קול צו זינגען. דער פאַרשטעלטער ליך האָט געטרונקען גאַנצע גלעזער שפירט, ער איז שטאַרק בגילופנדיג געוואָרן און האָט אויף חיימס שטייגער אָנגעהויבן טאַנצן. דער ניגון און דער טאַנץ האָבן אָנגעהויבן צו פלאַקערן און צו ברענען. חיים האָט ערשט איצט דערקענט די שרייענדיגע תאוה, וואָס באַהאַלט זיך אין אַ טאַנצנדיגן גוף. פון גרויס התפעלות האָבן אַלע געפאַטשט אין די הענט און דער פאַרשטעלטער ליך האָט טאַנצנדיג געלעכצט און געשריען:

— לעבעדיגער, יונגאַטשעס, לעבעדיגער...

ער האָט אויף אַ טשיקאַווען געטאַנצט מיט אומגעווינליכע וואַקסנדיגע התלהבות—חיים מיט אַלע פלישערלעך. וואָס מער ער פאַרלירט דעם באָדן אונטער זיך, אַלץ פעסטער שטייט ער אויף די פיס. אין רעכטן מיטן טאַנץ־פייער פינטלט ער מעשה ליך מיטן לינקען אויג. פלוצים האָט זיך באַוויזן אַ דאָרפישע שיקסע, וואָס האָט שעמעוודיג געקוקט אַראָפּ און זיך

געהאַלטן מיט ביידע הענט פאַרן פאַרטוך. חיים האָט זי גלייך דערקענט—דאָס איז די זעלבע אַניוטע, וואָס ער האָט געטראָפן ביי לייזערן אין שענק. ווי קומט זי פלוצים אַהער? דער פאַר־שטעלטער ליץ האָט זי אַריינגעשלעפּט אין זיין טאַנץ, וואָס איז מיט יעדער רגע אַלץ פייערדיגער געוואָרן. אַלע אַרום האָבן אָנגעהויבן אָהן אַ קול צו פייפן און צו קוויטשן, און מאַ־כנדיג משונהדיגע העוויות, האָבן זיי זיך געקוליעט און געוואָרפן, ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווילדער גערודער...

פלוצים זיינען אַלע דערשראָקן אַנטשוויגן געוואָרן. עפּעס עמיצער אַ פרעמדער איז אָנגעקומען. אין גרויס ציטערניש האָבן זיך אַלע געשטופּט איינער אין דעם אַנדערן און האָבן אָהן אַ קול געשריען און אויסגערופן:

— מאַכט אַ וועג, מאַכט אַ וועג — דער מלאך המות גייט!

חיים האָט אויף אים אַ קוק געטאָן און איז פאַרגליווערט געוואָרן פאַר שרעק. ער איז, רחמנא לצלן, פון אַלע זייטן באַדעקט מיט אויגן און פון יעדן אויג רייסן זיך אַזוינע שאַרפע בליקן, וואָס בלישטשען ווי פריש אויסגעשליפענע חלפים. ער איז האַרט צוגעגאַנגען צו חיימען מיט דעם איינגעהאַלטענעם אימ־פּעט פון אַ תליון:

— אויף אייער וועלט דאַרט האָסטו געוואָלט דעם טויט באַגראָבן און פון מיר, פון דעם מלאך־המות, אַ סוף מאַכן. איצט ביסטו ביי אונז אין די הענט, מיר וועלן באַלד דיין לעבן באַגראָבן און פון דיר אַ סוף מאַכן...

זיינע הינטערשטע אויגן אויף דער פּאָטיליצע האָבן מעשה תליון אַ שרעקליכן וואונק געטאָן צו די אַרומיגע. ער האָט קאַלט־בלוטיג אַ געשריי געטאָן:

— נעמט אים!

פון אַלע זייטן האָט מען אָנגעהויבן אויף חיימען גיסן טהרה־וואַסער, וואָס האָט גלייך ביי אים יעדע קערפּערליכקייט

אָפּגענומען. אַלע זיינע גלידער און די אינעווייניגסטע געדערעם זיינען ווי פון לופט געוואָרן. ער פאַרנעמט שוין ניט קיין אָרט און פאַרמאָגט ניט קיין פּיצל חומר. דער מלאך־המות האָט אים מיט אַ מאָדנע־זיסער אומברחמנותדיגקייט אַרומגענומען. חיים האָט נאָך אַ שמייכל געטאָן און איז אויסגעגאַנגען. מען האָט אים אַנידערגעלעגט אויף דער מטה. אָהן אַ צאָל הענט האָבן געהויבן די מטה און זיך געלאָזט גיין מיט איר פאָראויס. אַ מוראדיגע לויה איז נאָכגעגאַנגען, קאָפּ אויף קאָפּ. אייניגע זיינען געלאָפן פאָראויס פון דער מטה, און הויבנדיג די הענט אין דער הויך (גייענדיג הינטערוויילעכץ) האָבן זיי האַלב־קלאָגנדיג און האַלב־לאַכנדיג אָהן אַ קול געשריען:

— אַ שוואַרצער סוף פון דעם גראַוויצער...

— אַ שוואַרצער סוף...

נאָר ערגעץ־וואו אין דער טיף ביי חיימען איז געבליבן אַ באַהאַלטענער אָטעם, וואָס האָט זיך שטיל געצאַפּלט און וואָס דער מלאך־המות האָט אַפּנים פאַרזעהן. וואָס ווייטער מ׳האָט געטראָגן די מטה, אַלץ מער און שטאַרקער איז געוואַקסן אָט דער באַהאַלטענער אָטעם, און טאַקע באַלד האָט ער זיך צע־גאָסן מיט אַ נייעם חיות אין אַלע חיימס גלידער. אַפּנים, האָט חיים געקלערט, אַז דער מלאך־המות האָט גאָר ניט קיין שליטה אויף מענשן פאַר דער צייט. חיים האָט דערהערט זיינע אייגענע גבורה, ער האָט שוין געוואָלט זיך אויפהויבן און אַ וואָרף טון זיך אויף דער גאַנצער חברה. די גאַנצע גבורה זיינע איז אָבער געווען ווי געפּענטעט, — ער האָט זיך ניט געקענט אַ ריר טון. וואָס־זשע וועט דאָס זיין מיט אים? וואוהין פירט מען אים? נאָר אָט האָט מען אַנידערגעלעגט די מטה אויף דער ערד נעבן אַן אָפענעם קבר.

— באַגראָבט אים, לעגט אים אויף זיין יוסעלען, אַ פּנים אויף אַ פּנים...

חיים איז געלעגן ווי פאַרגליווערט. מען האָט אים אין דער לענג אויפגעהויבן פון דער מטה, אים אין דער לופט איבער־געקערט מיטן פּנים אַראָפּ, אָנגעהויבן אַריינלעגן אין קבֿר. דערזעהענדיג אָבער יוסעלעס געלבליך פּנים מיט דעם קליינ־טשיק בערדעלע, האָט חיים מיט אַן אומגעהויערן געשריי זיך אַרויסגעוואָרפן פון קבֿר און זיך מיט איין קער אַרויסגע־ריסן פון פרעמדע הענט. פייל פון בויגן האָט ער זיך געלאָזט לויפן פאָראויס, ניט אומקוקנדיג זיך אַפילו אויף אַ רגע. ער איז אַזוי האַסטיג געלאָפן, אַז ער האָט ניט געזעהן, וואָס אַרום אים טוט זיך. ניט קלערנדיג און ניט וויסנדיג פאַרוואָס, האָט ער לויפנדיג ווי אַ וויכער אין גרויס פאַרצווייפלונג געשריען און גערופן:

— ר' ישראל בעל־שם!

— הייליגער בעל־שם!

ערשט אין אַ צייט אַרום האָט ער זיך פלוצים אָפּגעשטעלט און זיך אַרומגעקוקט. ער איז געשטאַנען אויף אַ גרויס פעלד, ניט ווייט פאָראויס האָבן זיך געהויבן גרויסע משונהדיגע בערג, באַדעקט מיט בוימער, רעכטס און לינקס האָבן זיך געצויגן געדיכטע וועלדער. ס'האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו טאָגן אַ זומערדיגער פריהמאָרגן, גרעזער און בוימער זיינען נאָך מיט פרישן טוי באַדעקט. חיים איז געגאַנגען פאָראויס צו די בערג. ניט דערגייענדיג אַ צען טריט צו דעם ערשטן באַרג, האָט ער זיך ערשטוינט אָפּגעשטעלט. אונטן האַרט אַרום באַרג איז גע־שטאַנען אַ הויכער ייד מיט אַ גרויסער געלער באָרד, אָנגעטאָן אין פּויערשע קליידער מיט אַ רויטן גאַרטל. דער ייד איז גע־שטאַנען מיטן פּנים אין אַ זייט און האָט געהויכערט אַ ליולקע. חיים האָט געגאַפט — דער רויך פון דער ליולקע איז ריין און לויטער ווי דער מאָרגנטוי און צעגייט זיך מיט גרויס מתיקות אין דעם שטילן פאַרטאָג. אַ שטילע פרייד האָט חיימען פאַרן

האַרצן אָנגענומען. ער האָט אין גרויס ליבשאַפט און ביטול אַ געשריי געטאָן:

— ר' ישראל בעל־שם!

חיים האָט זיך אין גרויס אָפשיי ניט גערירט פון זיין אָרט. און דער בעל־שם האָט צו אים אַ זאָג געטאָן, קוקנדיג אַלץ ווי פריהער אין אַ זייט.

— אַפילו דער רויך פון אַ ליולקע קאָן מאַכן בעל־תשובות. יעדער שפּרינקעלע איז אָנגעזאַפּט מיט מתיקות פון זיין ליבן נאָמען. מ'דאַרף נאָר דערזעהן און דערהערן. טו נאָר, חיים, אַ קוק, וואָס אַרום דיר טוט זיך.

חיים האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ און זיך אַרומגעקוקט. אויף די גרעזער און אויף די ביימער האָבן ממש אין יעדן טראָפּן טוי געשיינט די ערשטע ליכטשטראַלן. פון דער גאַנצער וועלט אינעווייניג האָט זיך די שטילע לויטערקייט פון זיין ליבן נאָמען געטראָגן. חיים האָט פון גרויס שמחה אָנגעהויבן וויינען. ס'האָט אים נאָר געהאַרט, פאַרוואָס האָט ער דאָס ביז איצט ניט דערזעהן און פאַרוואָס דערזעהט מען דאָס בכלל אַזוי זעלטן? פאַרוואָס־זשע איז אַזאַ פינסטערע פאַרבלענדעניש אויף דער וועלט?

— דו ווייסט דען ניט, חיים, אַז דער אמתער מלך קען זיך פאַרשטעלן אין די קליידער פון אַ פּראָסטן מענשן, אַפילו אין די קליידער פון זיין שונא? וואָס־זשע האַרט דיך, אַז דער מלך פאַרשטעלט זיך, אַבי ער איז דאָך אומעטום אַליין דאָ? אומעטום! די פאַרשטעלטקייט אַליין איז דאָך פול מיט מתיקות און חסדים פון זיין ליבן נאָמען...

דער בעל־שם האָט אויסגערויכערט די ליולקע און פאַרשטעקט זי אין רויטן גאַרטל. איז איצט די ליולקע געלעגן באַלכסונדיג פאַרשטעקט אין דעם רויטן גאַרטל אַנטקעגן דער אויפגייענדיגער זון. ביי יעדן קער פון בעל־שם האָבן זיך אַלע

וועלטן אַרום אין אַ שטילער פרייד געוואַקלט. חיים האָט אָבער ווייטער אָנגעהויבן אינערליך זיך צו קווענקלען...

— כ'זעה, חיים, אַלע דיינע יסורים, וואָס זיינען אָבער ניט אומזיסט. ווי דער רויך פון מיין ליולקע, אַזוי טראָגן דיינע יסורים אין זיך די שמחה פון אַלע וועלטן. האָב קיין מורא ניט, רוה ניט, גיי פון שטאָט צו שטאָט, אַ געפאַלענער, אַ פאַרלאָרענער. איצט גייסטו אויפן גרויסן שליאַך, דו וועסט דאָרט האָבן גענוג אויס־צושטיין און דו וועסט נאָך אפשר מוזן בלאָנדזשען ווייטער. נאָר דער פאָטער אין הימל וועט דיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזן. כ'וועל פאַר דיר שטענדיג בעטן רחמים. כ'האָב דיך, חיים, אמת ליב, ווייל ביי אַלע דיינע יסורים פאַרגעסטו ניט אַפילו אויף אַ רגע, אַז ס'איז אין עוד מלבדו, און דערפאַר בין איך דיר מגלה, אַז דו ביסט אַ ניצוץ פון מיין נשמה, וואָס איז אַראָפּ אויף דער וועלט, כדי צו טראָגן דורשט און פאַרשמאַכטקייט אין אַלע ווינקעלעך. הערסטו, חיים סערדצע, ס'איז טאַקע אין עוד מלבדו...

די זון איז שוין אויפגעגאַנגען. דעם בעל־שמס רייד האָבן העל געלויכטן, חיים האָט ממש געטרונקען דעם חיות פון זיינע רייד. ביי די לעצטע ווערטער האָט ער פאַרמאַכט די אויגן, און אַז ער האָט זיי געעפנט, האָט ער שוין דעם בעל־שם ניט געפונען. אַ רגע האָט ער אין גרויס בענקשאַפט אויסגע־שטרעקט די הענט פאָראויס, ווי אַ זייגנדיג קינד, וואָס ציהט זיך צו אַ פאַרלאָרענער מוטער. נאָר באַלד האָט ער זיך געזעצט אויפן פרישן גראָז, פאַרדעקט דאָס פנים מיט די הענט און האָט פון גרויס שמחה שטיל געוויינט. דעם בעל־שמס רייד האָבן ווי שטאַרקע בשמים אויפגעמונטערט די געפאַלענע נשמה, וואָס האָט זיך מיט איין קער אויפגעהויבן, ווי מ'רעדט אין חסידות, צו דער מדרגה פון יחידה שבנפש.

---

ס'איז שוין געווען רעכטער טאָג, ווען חיים האָט זיך אויפגעכאַפּט. מיט האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן האָט ער זיך אַ לאַנגע ווײַלע אַרומגעקוקט, ביז ער האָט באַשײַמפּערליך דער־זעהן, אַז ער געפינט זיך אייגנטליך אין ברײַנערס ביבליאָטעק־צימער. איז דאָס אַלץ געווען אַ חלום?! די העל־בלויע זײַדענע פאָרהאַנגען האָבן שטאַרק געבלישטשעט אַנטקעגן דער זון. אין ברײַנערס פּאַלאַץ זײַנען נאָך אַלע געשלאָפן, נאָר די דינער זײַנען שוין געווען אויף די פיס, האָבן געאַרבעט אין הויף, אין גאָרטן, אַנדערע האָבן גײַענדיג אויף די שפּיץ פיס צוגעקליבן די אינעווייניגסטע חדרים.

חיים האָט גלייך אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און האַרציג שטיל געזאָגט ברכות השחר. ער האָט געקלערט גלייך אַוועקגיין פון דאַנען אין אָנקומען צום דאַוונען אין נאָהענטן שטעטל אַרײַן. פון דאָרט וועט ער גלייך נאָכן דאַוונען זיך לאָזן גיין ווייטער, טאַקע אויפן גרויסן שליאַך, אין די ווייטליכע מתנגדישע שטעט. האָט ער גענומען דאָס ברײַנע טלית־זעקל אונטערן אָרעם און איז מיט שטילע, נאָר גיכע טריט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. דערזעהן חיימען, האָבן אַלע דינער אויפן הויף זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן דער אַרבעט און אין גרויס אָפּשיי באַלייט אים שווייגנדיג מיט די אויגן. קיינער האָט ניט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורעדן. די יידישע קעכערין, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ קויש אין דער האַנט, האָט דערזעהענדיג חיימען, זיך גלייך אָפּגעשטעלט, אַנידערגעלעגט דעם קויש אויף דער ערד און איז געשטאַנען אין גרויס דרך־ארץ שטאַרק אָפּהענטיג. חיים האָט זיך בײַ איר דערפרעגט דעם וועג אין נאָהענטסטן שטעטל. זי האָט אין ציטערניש קוים אַרויסגעבראַכט איינ־ציגע ווערטער.

אַרויסגעגאַנגען פון טויער, האָט זיך חיים געלאָזט גיין רעכטס אויף די לאָנקעס און אויף די פעלדער. די זון האָט

העל געלויכטן. די גאַנצע וועלט האָט זיך אין גינגאָלד געבאָדן. גרעזער און בוימער זיינען פול מיט זאַפט און חיות. און מיט יעדער רגע באַקומען זיי נייע חיונה—מיט די וואָרצלען אין דער טיף און מיט די שפּיצן אין דער הויך. און ס'נעמט זיך גאָר ניט אויס—אונטן פון דער ערד און אויבן פון דעם הימל טראָגט זיך אָהן אַ מאָס און אָהן אַן אויפהער אַ נייע שפע פון ליכט און חיות. אָהן אַ מאָס און אָהן אַן אויפהער! ערגעץ־וואו איז אַ פויגל דורכגעפלויגן, און שוועבנדיג אין דער גאָלדענער לופט, האָט ער אויף זיין שטייגער געווען צו גאָר דער וועלט. חיים איז מיט פעסטע זיכערע טריט געגאַנגען פאָראויס. ווער ווייס, וואָס מיט אים וועט נאָך זיין? אין זיין נשמה האָט נאָך געפלאַ־טערט די מתיקות פון דעם בעל־שמס רייד. ער איז געגאַנגען פאָראויס און האָט זיך אפילו קיין איין מאָל ניט אומגעקוקט און ניט אָפּגעשטעלט. נאָר אין זיינע אויערן האָט נאָך געהילכט:

— הערסטו, חיים סערדצע, ס'איז טאַקע אין עוד מלבדו...

— אין עוד מלבדו!...